**שירה גורשמן**

# הצאן והבקר של חנה

**רומן**

**SHIRA GORSHMAN**

**CHANA'S SHEEP AND CATTLE**

ציורים: מנדל גורשמן ז"ל, מוסקבה

I.S.B.N. 965–430–011–7



פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
הילפספאַנד פאַר ייִדיש־שאַפונג
רחוב איתמר בן־אבי 4, תל־אביב, ת.ד. 1777

Israel-Book Publishing House
4, Itamar Ben-Avi Str., Tel-Aviv, P.O.B. 1777

נדפס בישראל תשנ"ג — 1993
Printed in Israel, 1993

דפוס „שנגר 1986", ת"א, טל. 828704

מײַנע האַרציקסטע ברכות און דאַנקען די פֿרײַנד און נאָענטע מענטשן, וואָס האָבן צוגעלייגט האַנט און מי, כּדי דאָס דאָזיקע בוך מײַנס זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן:

דעם צאַרטן, איידעלן עברית־דיכטער **דניאל בן־נחום ז״ל**, פֿון **בית זרע**;
דעם אומדערמידלעכן ייִדיש־דיכטער **מאיר חרץ**;
דעם באַוווּסטן שרײַבער, **פֿאָרזיצער** פֿון ייִדישן שרײַבער־פֿאַראיין אין ישׂראל, מר **מרדכי צאַנין**;
דעם דיכטער־עסעיִסט, דעם ציכטיקן היטער פֿון ייִדישן **וואָרט**, **יעקב צבי שאַרגעל**;
זײַן עזר כּנגדו, די איבערגעגעבענע קאָרעקטאָרין מרת **פּירע שאַרגעל**;
דעם מיפּולן נאמנותדיקן פֿאַרלעגער **אפרים בן־דור**;
דער טײַערער **מרים רויזן**, וואָס האָט „אָפּגעקלאַפּט" אויף איר שרײַב־מאַשינקע קנאַפּע 800 זײַטן;
דער חברה **שרה אידלסון** פֿון בית זרע;
דעם פֿרײַנד **מיכאל וויגאָדסקי** פֿון בית אבות אין אשקלון;
דעם פֿרײַנד **ירחמיאל כּספּי**.

יבואו כולם, כולם על הברכה!

*ש. ג.*

# I

טאָג אײַן טאָג אויס איז חנה געווען אין קלעם פֿון די שטענדיקע טראַכטענישן. ס'איז פּשוט נישט געווען דער טאָג זי זאָל נישט פֿאַרגלײַכן אַלץ, וואָס רינגלט זי דאָ אַרום, מיט דעם פֿון וואָס זי איז אויפֿגעוואַקסן, געוואָרן אַדאַנק מענדל עלקינד. איצט האָט זי שוין גוט פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז געווען בלינד און ער האָט נישט פֿאַרויסגעזען די צוקונפֿט. זי האָט אויך פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז נישט נאָר געווען בלינד, נאָר אין אים האָט געאָטעמט אַ געוואַלדיקער ערגײַץ. קאָן זײַן, האָט זי געטראַכט, אַז דאָס אַלץ איז געווען זײַן גרויסער צו־להכעיס בן־גוריונען, וועמען ער האָט געוואָלט דערווײַזן, וואָס פֿאַר אַ גרויסע קאָמונע ער וועט שאַפֿן אין קרים פֿון די לינקע גדודניקעס. ס'איז איר געווען איבערגענוג אָנגעזאַלצן אויף דער נשמה...

איצט איז זי טאָג נאָך טאָג אינעם לעצטן זומער־חודש פֿונעם דרײַ־סיקסטן יאָר אַרומגעפֿאָרן רײַטנדיק אויף איר פֿערד און באַשפּרענקלט מיט זאַלץ דאָס פֿאַרוויאַנעטע גראָז פֿונעם קרימער ליימיק־צעשפּאָלטענעם סטעפּ. דאָס איז געווען טאַקע איר אײַנפֿאַל די בהמות האָבן מיט מער חשק אַרײַנגעכאַפּט מיט זייערע בייגעוודיקע בערשטלדיקע צינגער די פֿאַרוויאַנעטע געלע פּאַשע, וואָס האָט אויסגעזען ווי צעדריבלטע ראָגאָזשע. דאָס פֿונאַנדערגעשאָטענע זאַלץ האָט געבלאַנקט אויף דער זון, ווי געשטויסן גלאָז, וואָרעם, כאָטש דאָס זאַלץ איז געווען טונקל, איז עס דאָך געווען העלער פֿון דער אויסגעסאָכניעטער ערד און אויסגעדאַרטער פּאַשע. דאָס פֿערד האָט באַדאַכט געשטעלט זײַנע גלאַנציק־פּאָלירטע טלאָען מיט די העל־ברוינע בערשטעלעך בײַ די קנעכלעך. די העל־ברוינע גריווע זײַנע האָט דער ווינט צעפֿעכערט, די ברוסט־מוסקולן האָבן בולט־רונדיק זיך אַרויסגעזען דורך דער דינער ברוינער פֿעל. חנה האָט נישט געקערעוועט. דאָס צײַמל איז געלעגן אויפֿן פֿערדס קאַרק. זי האָט נאָר ווײַלעווײַז, ווען דאָס פֿערד האָט געביטן דעם טראָט, שטיל און ערנסט געלאָזט פֿאַלן:

„ברוך, ברוך, דו ביסט טאַקע אַ גרויסער חכם, אָבער, אַן שטיפֿעריי, זײַ אַ מענטש". ברוך, — אַזוי האָט חנה גערופֿן דאָס פֿערד, — האָט גלײַך גענומען גיין מיט זײַן ווייכן שווים־רויִקן טראָט. חנה האָט מיט איר קליינער פֿאַרהאַרעוועטער האַנט געגלעט זײַן וואַרעמען האַלדז און ווידער אָנגעשעפּט אין דער טאָרבע אַ זשמעניע מיט זאַלץ, ווידער געשאָטן, כּדי דאָס בידנע גראָז זאָל מער באַטעמט ווערן.

שטיל, פֿרײַ, באַלויכטן אויף דורך־און־דורך, איז געלעגן די רחבות פֿון פּוסטן סטעפּ ביז צום סאַמע הימל־גאַרטל. אַן איבערגעדריידלטער, איבערגעקרימטער עכאָ־אָפּהילך האָט זיך אומגעקערט צו חנהן פֿון איר געזאַנג. זי האָט הויך געזונגען אַ ניגון אָן ווערטער, נאָר ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז דאָס גרויסע געקלאָג וועגן זיך און וועגן די אַלע, וואָס זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פֿון פּאַלעסטינע אַדאַנק מענדל עלקינד. איר טיפֿע קלינגענדיקע שטים האָט זיך געשפּרייט. זי האָט הויך געזונגען איר ניגון אָן ווערטער. ברוכס אויערן האָבן געציטערט, און פֿון זײַן האַלדז האָט אַרויסגעשאָלט אַ דין מילד הירזשען, ווי ער וואָלט מיטגעפֿילט דאָס געקלאָג פֿון זײַן ליבער רײַטערין. יאָ, זײַן ליבע רײַטערין. וואָרעם חנה האָט געהאַלטן ברוכן, כּמעט, ווי איר גלײַכן, קיין מאָל אויף אים דאָס קול נישט אויפֿגעהויבן. קיין מאָל קיין בײַטש, קיין שטעקל אין האַנט נישט געהאַלטן, בעת זי איז געריטן. אין יענעם פֿרימאָרגן, ווען זי האָט ברוכן אַרײַנגעפֿירט אין שטאַל, האָט זי געזאָגט צו שימקען:

— דו זעסט, וואָס פֿאַר אַ מאַנאַרך איך האָב געבראַכט? בעט איך דיך זייער, אַז דו זאָלסט אים נישט געבן אין שפּאַן אָפֿילו דעם פֿאַרזיצער. ער הייסט ברוך און דאָס איז מײַן פֿערד.

— דײַן פֿערד, וואָס הייסט דאָס? אין קאָמונע האָט קיינער גאָרנישט, און אַלע האָבן אַלץ, — האָט שימקע געפּרוּווט קלאָר מאַכן דעם ענין. נאָר חנה האָט אים איבערגעשלאָגן:

— טו מיר אַ טובה, זײַ נישט מײַן באַוווסטזײַן. פֿאַרגעס נישט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט! פֿון הײַנט אָן בין איך אַ באַלעבאָסטע נישט נאָר פֿון אַ סך בהמות און לעמער, נאָר איך האָב שוין מיט מזל אַ פֿערד אויך, און איך בעט דיך, אַז וואָס איך רעד מיט דיר, זאָל בלײַבן צווישן אונדז. נעכטן האָב איך אַרויסגעבראַכט אַ פּאָר ווערטער וועגן אונדזער בראָך, האָט ציפּורקע בריל מיר געזאָגט: „וואָס געפֿעלט דיר נישט? אינטער־נאַציאָנאַליזם איז אַלע מאָל בעסער פֿון פֿאַרשטונקענעם נאַציאָנאַליזם".

איך בעט דיך זייער, זאָלסט געדענקען, אַז מיר זענען נישט אין פּאַלעס־טינע. אונדזער נאָענטער שכן איז אָ.ג.פּ.או.

פֿון יענעם פֿרימאָרגנדיקן שמועס איז אַוועק שוין אַ היפּשע צייַט.

איצט האָט חנה געקוקט, ווי ברוכס דינע אויערן קנייטשן זיך, זי האָט געהערט זייַן דין צאַרט הירזשען, זי האָט פֿונאַנדערגענומען איר פֿויסט אין דער ברייטער טאָרבע מיט זאַלץ און האָט אויף אַ רגע פֿאַר־געסן, וואָס צו טאָן. דאָס צייַמל איז, ווי פֿריִער, געלעגן אויף ברוכס קאַרק. חנה האָט געזונגען, און אירע באָרוועסע צעשפּאָלטענע פּיאַטעס מיט די פּיטשינקע קרעלעכלעך פֿאַרטריקנט בלוט אַרום די שפּאַלטן־קאַרבן, האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזן, ווייַל דעם פֿערדס בויך האָט זיך ווייך געבערגלט פֿון זייַן יונגן קרעפֿטיקן אָטעם. דאָס פֿערד איז אַלט געווען, לויט ווי חנה האָט געשאַצט, באַטראַכטנדיק זייַנע ציין, נישט מער ווי פֿיר יאָר. חנה איז אַלט געווען דרייַ און צוואַנציק. האָט זי אויסגערעכנט לויט די יאָרן וואָס אַ פֿערד קאָן לעבן און אַ מענטשן קאָן באַשערט זייַן, אַז זי איז מיט אים אין איין עלטער. זי האָט אויך געהאַט אַ פֿעסטן גרונט אים ר׳עכענען ווי אירן אַ מיטצייַטלער, אָבער וועגן דעם שפּעטער. ווען די קרימער זון האָט גוט אַ סמאַליע געטאָן, זענעןביידע זאַלץ־טאָרבעס אויסגעליידיקטע געהאָנגען אויף חנהס אַקסלען. זי האָט שוין מיט ברוכן „אויסגעמאָסטן״ שיינע עטלעכע העקטאַר, און ער האָט געוווּסט, אַז ער דאַרף איצט אַוועק צו דער באַלקע, וואָס לעבן דאַרף דזשאַבאַהי. פּאַוואָ־ליעטשקע האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון באַלקע־ראַנד. חנה איז אַראָפּ־געשפּרונגען, געבליבן שטיין אויף די שפּיץ פֿינגער, כּדי די שפּאַלטן אין די פּיאַטעס זאָלן נישט טיפֿער ווערן. זי האָט פֿונאַנדערגעלאָזט ברוכן, און ווי נאָר זי האָט אַ וואָרף געטאָן דעם זאָטל אויפֿן גראָז, (אין באַלקע־בעקן איז נאָך דאָס גראָז געווען געדיכט און ווייך) האָט זיך ברוך עטלעכע מאָל דורכגעטראָגן הין און צוריק מיט אַ שאַלנדיק הירזשען, דערנאָך איז ער אַוועקגעפֿאַלן און זיך גענומען קייַקלען פֿון רוקן אויף איין זייַט, אויף דער אַנדערער זייַט, אַזוי, אַז זייַנע פֿיס זענען געשטרעקט געווען צום הימל, און אין אַ רגע אַרום זענען זיי געווען אויסגעצויגן אויפֿן גראָז. חנה האָט זיך צוגעקוקט, ווי ער טוט עס, כאָטש זי האָט עס געזען נישט צום ערשטן מאָל. זי האָט אַרויסגעלאָזט נישט קיין געזאַנג, נאָר אַ מין אורשפּרינגלעך יונגפֿרוי־געשריי, אייַנגעבויגן די קני און זיך אַראָפּגע־קייַקלט פֿון באַלקע־ראַנד. אַזוי עטלעכע מאָל כּסדר. ברוך האָט זיך אַ

שטעל געטאָן, און בעת חנה איז געלעגן אויפֿן גראָז, איז ער פֿאַמעלעך צוגעגאַנגען, האָט אַראָפּגעלאָזן צו איר זײַן מאָרדע, זײַנע ליפּן האָבן זיך אויפֿגעהויבן, אַ האָרעלע אַ קנײַטש געטאָן, ווי ער וואָלט מיט זײַן שמייכל באַגיטיקט, וואָס חנה איז אַזוי שפּילעוודיק. חנה האָט זיך צעלאַכט, ווײַל זײַן מאָרדע איז געלעגן אויף איר אַקסל.

ניִשט קוקנדיק אויף דעם, וואָס חנה איז געווען אַזוי שטיפֿעריש, איז זי שוין געווען אַ מאַמע פֿון דרײַ מיידעלעך. זיי האָבן זיך, ווי אַלע קינדער, געפֿונען אין קינדער־היים פֿון דער קאָמונע, און זי איז, ווי אַלע מאַמעס, געווען פֿרײַ פֿון האָדעוואַניע־יאָך און געטאָן איר אַרבעט. חנה איז געווען דער הויפּט־בריגאַדיר פֿון שטאַל־בריגאַדע. דאָס איז ניִשט קיין פּשוטע זאַך. זי האָט געגוג זאָרג וועגן דער פּאַשע, וועגן דעם, ווי מע פֿאַרלייגט סילאָס אין די טורעמס, זי האָט געדאַרפֿט אַכטונג געבן, אַז די בהמות זאָלן האָבן אַלץ צו דער צײַט, די בידאָנעס מילך זאָלן אַוועק קיין טאַקי אויף די קוראָרטן ניִשט געזײַעט. דער קינדערהיים, די קיך זאָלן ניִשט וואָרטן אויף קיין מילכיקס. אָבער ניִשט קוקנדיק אויף אַלע דאגות, האָט זי פֿון דעסטוועגן געדאַרפֿט מעלקן, ווי אַלע מעלקערינס, דרײַ מאָל אין טאָג. עפּעס אַ זכות איז איר ממש בײַגעשטאַנען — די בהמות, וואָס האָבן האַרטע אײַטערס, צעשפּאָלטענע סאָסקעס, שטייען קיין איין רגע ניִשט אויף די פֿיס, פֿאָכען כסדר מיט די וויידלען, — מעלקן זיך בײַ איר רויִק. זי מעלקט און בעט שטיל: „האָגאָר“, שטיי, טײַערינקע, ליבינקע. אַ געזונט אין דײַנע הינטערשטע פֿיס... און די שטאַל־אַרבעטער וווּנדערן זיך, וואָס „האָגאָר“, וועלכע מע רופֿט ווילדע בריה, האָט נאָך קיין איין מאָל ניִשט איבערגעקערט מיטן פֿוס דעם עמער מילך, וועלכן חנה האַלט שטײַף מיט אירע ביידע קני.

די זון האָט געפֿײַערט. דער סטעפּ איז געלעגן אויסגעדייוועט, ווען חנה איז אַרויסגעריטן פֿון באַלקע. עס איז איר פּלוצעם באַפֿאַלן אַן אומרו. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ניִשט נאָר דאָ אין סטעפּ איז זי אונטערן הויכן הימל פֿאַרבליבן אַליין, איינע אַליין, נאָר אַז אומעטום אין קאָמונע, וווּ זי וועט באַלד קומען, וועט זי ניִשט טרעפֿן קיינעם.

אַרויסגעפֿאָרן איז זי אַהער נאָכן ערשטן געמעלק פֿאַרטאָג. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין אָנבײַסן האָט זי נאָך ניִשט געגעסן. איצט איז שוין געווען די עלפֿטע שעה — עס האָט גוט געצויגן אונטערן לעפֿעלע. זי איז געזעסן אין זאָטל ניִשט שטײַף, אירע פֿיס האָבן זיך געבאָמבלט בײַם פֿערדס זײַטן,

איר קאָפּ האָט זיך געשאָקלט הין און הער. ווען עמעצער זאָל אויף איר איצט אַ קוק טאָן, וואָלט ער געווען זיכער, אַז זי דרעמלט. אָבער חנה איז געווען וואַך, און איין גאָט ווייסט, פֿאַר וואָס עס האָבן אויף איר גראָד איצט אַ פֿלייץ געטאָן דערמאָנונגען. זי האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז קיין מענטש האָט זיך אַליין נישט געטאָן אַזויפֿיל שלעכטס, ווי זי. „זיך געאײַלט, נישט געהערט, וואָס טאַטע־מאַמע זאָגן, און גערעכט זענען זיי געווען. אָבער צוריק כאַפּן — איז פּונקט ווי פֿאַרבינדן דעם ווינט אין אַ פֿאַטשיי־לעכל". דערבײַ האָט זי זיך דערמאָנט אין דעם מאַן אירן, וואָס איז געווען עלטער פֿון איר מיט פֿופֿצן יאָר. זיך דערמאָנט און קיין פּיצל חרטה נישט געהאַט, וואָס זי איז פֿון אים אַוועק, גלײַך ווי זי האָט געבוירן דאָס דריטע מיידעלע. אַזוי זיך הוידענדיק אין זאָטל, האָט חנה געטראַכט, אַז קאָמונאַרן זענען אין אַ געוויסן זין נישט בעסער, נישט אומגעוויינלעכער ווי אַלע אַנדערע.

גאַנץ אָפּט קומט איר אויס אָפּצוואַרפֿן אומגעבעטענע אויפֿמערקזאַמ־קייט. אָט, אַ שטייגער, האָט יענע וואָך נאָך וועטשערע צו איר געזאָגט חיימקע פֿון דער פֿעלד־בריגאַדע:

— חנהקע, לאָמיר זיך דורכגיין, אַזאַ אוצר ווי דו, גייט אין ניוועץ. אין סטעפּ איז אַ מחיה. שטערן פֿאַלן סנאָפּעסווײַז.

חנה האָט נישט געזאָגט, וואָס איז איר געלעגן אויף דער שפּיץ צונג, ווײַל עס איז אָנגענומען, אַז אַ מאַמע פֿון דרײַ קינדער דאַרף נישט פֿערעבענדעווען. זי האָט אים אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט־אומעטיקלעך און מיט אַ געפֿאַלן קול באַמערקט:

— איך פֿרעג דיך, חיימקע, אויב איך זאָל מיט דיר טאַקע יאָ גיין אין סטעפּ, וועלן די שטערן אויפֿהערן פֿאַלן, אָדער די אַראָפּגעפֿאַלענע שטערן וועלן צוריק אַרויף אויפֿן הימל?

חיימקע האָט קוים פֿאַרשטאַנען, וואָס ער הערט. ער האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און גאַנץ גלײַכגילטיק צוגעוואָרפֿן:

— ניין, איז ניין.

בעת ער האָט עס געזאָגט, האָט שוין חנה געשפּאַנט צו דער נײַער שטוב, ווו זי האָט געוווינט אין אַ צימער. ריכטיקער, — געגעכטיקט מיט נאָך צוויי קאָמונאַרקעס, מיט רבקהן און מיט יוכבדן. דאָס איז געווען נישט דער איינציקער פֿאַל. חוץ חיימקען, זענען געווען נאָך בעלנים. עס

איז איר אַפֿילו אויסגעקומען צו הערן פֿון ישׂראליקן, וואָס אַרבעט אין שמידעריַי:

— חנהטשקע, אַז מע האָט דריַי קינדער, האָט מען שוין נישט וואָס צו היטן!

און חנה האָט עס אויסגעהערט און געשוויגן.

דאָס אַלץ האָט חנה זיך איצט דערמאָנט, און עס איז איר געוואָרן זייער באַנגלעך.

ברוך איז געגאַנגען פּאַוואָליע, זײַנע הינטערשטע פֿיס האָבן געטראָפֿן פּונקט צו די פֿאָדערשטע טלאָען. ס'האָט זיך געקאָנט אויסוויַיזן, אַז אויך ער באַטראַכט עפּעס. חנה האָט אויף אים געקוקט דורך די אַראָפּגעלאָזטע וויִעס און צוגעפּעטשלט זיַין האַלדז ער זאָל גיכער גיין. אין הויף פֿון קאָמונע איז זי אַריַינגעטרעטן האַסטיק און האָט גליַיך דערזען ווי אין מיטן הויף שטייט אַ געזעמל אומגעוויינלעכע מענטשן, נישט אַזוי די מענטשן זענען געווען אומגעוויינלעך, ווי זייערע פּאַלירטע קעסטלעך, וועלכע זענען אויף רימענס געהאָנגען ביַי זיי אויף די אַקסלען. אַנדערע זאַכן זענען געווען פֿאַרקנעפּלט אין טשעכאָלן. פּלאַטשיקע פֿירקאַנטיקע היפּשע פּעקלעך זענען געווען פֿאַרנייט אין ליַיוונט. טשעמאָדאַנעס האָבן אויך נישט געפֿעלט. חנה האָט אַריַינגעכאַפּט דאָס צייַמל אין דער רעכטער האַנט אַזוי, אַז ברוכס קאָפּ האָט זיך פֿאַרריסן, און ער האָט פֿאַרהאַלטן דעם טראָט. ווען נישט דאָס, וואָלט זי מיטן פֿערד געטראָפֿן גליַיך אינעם געזעמל. אין די געציילטע רגעס בעת זי איז פֿאַרבײַגעריטן אַזוי נאָענט לעבן די מענטשן, האָט זי זיך אַ דריי געטאָן אויפֿן זאָטל מיט דער פּלייצע צום פֿערדס קאָפּ, מיטן פּנים צו די געסט און באַוויזן צו באַמערקן אַ גאַנץ הויכן בחור מיט אַ בלאָנדער געקריַיזלטער פּאַטלע, מיט אַ לאַנגער נאָז, אַזוי אַז זי האָט אַפֿילו אַ טראַכט געטאָן: „צי קען נאָך זיַין אַ מויל אונטער אַזאַ לאַנגן חוטם". זי האָט אויך אַ כאַפּ געטאָן מיטן בליק אַ קליינוווקסיקן, זייער שוואַרצן בחור מיט אַ ריזיקן פּעך־שוואַרצן צעקודלטן קאָפּ. עס איז אויך געווען אַ מאָגערע פֿרוי אין אַ טיף־אויסגעשניטענעם סאַראַפֿאַן, און גאָר צום לעצט האָט זי באַמערקט נאָך איינעם, אויך אַ קליינוווקסיקן, אַ שוואַרצחנעוודיקן, אויפֿן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ טיובעטייקע, און, ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן, איז אויף זיַין לענגלעך איידל פּנים אויפֿגעגאַנגען אַ האַרציקער שמייכל, ווען ער האָט באַמערקט, ווי זי שטויסט מיט די באָרוועסע פּיאַטעס דעם פֿערדס זיַיטן. ביַי דער פֿערד־

שטאָל האָט זי פֿונאַנדערגעזאָטלט ברוכן און געזאָגט צום פֿערד־וועכטער:

— מזל טוב, שימקע, מיר האָבן שוין געסט. צום אומגליק בין איך דער פֿאָרזיצער פֿון דער קולטור־קאָמיסיע, עס פֿעלט מיר אַרבעט! עס וועלן זיך ווידער אָנהייבן פּראָגעס, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאָמונע, פֿון וואַנען האָט זי זיך גענומען.

חנה האָט נאָך געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן, נאָר שימקע האָט איר געטרייסט:

— קלעם זיך נישט, חנהקע, אפֿשר האָט עס גאָר קיין שייכות נישט צו דער קולטור־קאָמיסיע, אפֿשר זענען געקומען זעמליעמערן? [1]

— מוחל, מוחל, מע האָט שוין געמאָסטן טויזנט מאָל, — האָט חנה מיט האַרץ געזאָגט און איז אַוועק עסן.

ס'איז דאָ אַ ווערטל, אַז דאָס באַשערטע קומט אין שטוב אַריין. ווען חנה איז אַרייַנגעגאַנגען אין עס־צימער, זענען די געסט געזעסן ביי איינעם פֿון די טישן. עס האָט איר ממש דורכגעשטאָכן אַ פֿאַרדריסלעך געפּיל, וואָס עס טראָגן זיך דאָ אַרום כמאַרעס פֿליגן. קיין סופּיט אין עס־צימער איז נישט געווען. אויף די קראָקוועס זענען געזעסן פֿייגל, און פֿון דאָרט איז געדיכט געפֿאַלן דאָס, וואָס די פֿייגל האָבן מער נישט געדאַרפֿט. די ערדענע פּאָדלאָגע האָט אויך געמעגט זייַן נישט אַזוי בערגלדיק — יענע וואָך זענען גראָד געגאַנגען רעגנס, האָבן די קאָמונאַרן אָנגעשלעפּט אויף זייערע שטיוול גענוג ליים, און אַזוי איז עס אויסגעטריקנט געוואָרן. חנהן האָט עס נישט נאָר פֿאַרדראָסן, נאָר אַ דריקנדיקע חרפּה האָט איר אַרומ־געכאַפּט. זי איז האַסטיק צוגעגאַנגען צום קיך־פֿענצטערל גענומען דעם אָפּגעלופּעטן עמאַלירטן טעלער מיט דער גרוילעך־געדיכטער געררשטענער באַלאַנדע און זיך געזעצט ביים לעצטן טיש — וואָס ווייַטער פֿון די געסט. זי האָט נאָך נישט באַוויזן אויפֿצועסן אַ העלפֿט פֿון דעם, וואָס איז געווען אין טעלער, ווען אַ טשאַטע הינער מיט העגער, קלאָר־ווייַסע ווי שניי, האָבן זיך דורך דער אָפֿענער טיר אַרייַנגעלאָזן און זיך צעשאָטן איבערן עס־צימער. ראָכקע איז גראָד געגאַנגען פֿון קיך צו די געסט מיט צוויי טעלערס אין ביידע הענט. זי האָט האַסטיק אַוועקגעשטעלט די טעלערס

1) ערדמעסטער.

אויפֿן טיש און גענומען טרײַבן די עופֿות. די צעפּלאָשעטע הינער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אונטער די טישן און אויף זיי. די געסט האָבן שטייענדיק געפּאָכעט מיט די הענט. די הינער מיט די הענער זענען אַראָפּ פֿון די טישן, זיך געלאָזט מיט צענומענע פֿליגל איבערן גאַנצן עס־צימער און, צעטומלטע, נישט געקאָנט געפֿינען די טיר, דורך וועלכער זיי זענען אַהער אַרײַן. חנה איז געווען אַזוי פֿאַרלאָרן, אַז זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס די געסט זעצן זיך נישט. האָט זי געלאָזט שטיין איר טעלער און איז צוגעלאָפֿן צו יענעם טיש, ווו די אומבאַקאַנטע זענען געשטאַנען. דערזען אויפֿן טיש די „וויזיט־קאַרטלעך", וואָס די הינער האָבן איבערגעלאָזט, איז זי אַוועקגעלאָפֿן אין קיך, זיך באַלד צוריקגעקערט מיט אַ שמאַטע און מיט אַ טשײַניק וואַסער. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן די געסט געהאַט די געלעגנהײַט נישט נאָר צו זיצן בײַ אַ ריינעם טיש, נאָר זיי האָבן אויך געקאָנט אָנקוקן חנהס ברוינלעכע, פֿלינקע, שטײַפֿע הענט, אירע בלויע קרומלעך־געשניטענע אויגן, אירע בולטע קינבאַקן, אויף וועלכע ס'האָט דורך דער צוגעברוינטער הויט זיך דורכגעשלאָגן אַ זאַפֿטיק־ראָזלעכע פֿאַרב. אירע פֿולע פֿרישע ליפּן האָבן רויטלעך, ווי נאָר־וואָס נאָך אַ שאַרפֿן מעסער־שניט, זיך ליבלעך געקנייטשט, אַזוי אַז די געסט האָבן פֿאַרגעסן אין די טעלער מיט דער גרויער באַלאַנדע און, ווי פֿאַרכישופֿטע, נאָכגעקוקט חנהס יעדער באַוועגונג. זי האָט אויך באַוויזן צו באַטראַכטן יעדערן פֿון די געסט. אַ קורצע רגע האָט זי געקוקט אויף דעם קליינוווקסיקן, אויף זײַן לענגלעך אײדל פּנים, זײַן צאַרטן שמייכל. צום עסן האָט זי זיך מער נישט צוגערירט. מיט אַ ביטער געפֿיל איז זי אַרויס פֿון עס־צימער. זי האָט אַרויסגעפֿירט ברוכן פֿון פֿערד־שטאַל, אים האַסטיק אָנגעזאָטלט, זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף אים, אַרײַנגעטאָן אירע באָרוועסע פֿיס אין די סטרעמענעס. דאָס פֿערד האָט זיך געלאָזט מיט זײַן שווימענדיקן, גלײַכמעסיקן גאַנג צום סטעפּ, צו דער טשערעדע, צו וועלכער ער האָט שוין גוט געוווּסט דעם וועג.

נאָך פֿון ווײַטן האָט חנה געזען די מאַזשאַרע מיט די אויפֿגעהויבענע האָלאָבליעס, די טשערעדע, די פּאַסטעכער, די מעלקערינס מיט די רויטע און ווײַסע פֿאַטשיילקעס אויף די קעפּ. זי האָט פֿעסט אָנגעצויגן דאָס צײַמל, דאָס פֿערד האָט פֿאַרהאַלטן דעם גאַנג און איז שטיין געבליבן בײַ דער סאַמע מאַזשאַרע. חנה איז ממש אַרויסגעפֿלויגן פֿון זאָטל, און איר קרעפֿטיק קול האָט אַ הילך געטאָן איבערן סטעפּ:

— טויבקע, וואָס בלאָנדזשעסטו מיט דער דוניצע, ווי אין פֿינצטערן וואַלד? אַ־האָ־אַן איז דײַן „ווענעראַ״!

נישט אומזיסט איז אין חנהס געשריי געווען אי פֿאַרוווּרף, אי שפּאָט. זי איז געווען אויסער זיך, וואָס די מעלקערינס דרייען זיך איבערן סטעפּ, ווי פֿאַרטשאַדעטע, און דערקענען נישט די בהמות, וועלכע זיי מעלקן שוין צוויי יאָר דרײַ מאָל אין טאָג. וויפֿל מאָל האָט זי געזאָגט: „קוקט זיך צו, ווי די קי שטייען אין שטאָל צוגעבונדן אײַנע לעבן דער אַנדערער, אַזוי לייגן זיי זיך אין סטעפּ אײַנע לעבן דער אַנדערער״.

מער פֿון אַלעמען האָט טויבקע נישט דערקענט אירע קי. חנה האָט זי ממש פֿאַר דער האַנט געפֿירט פֿון איין בהמה צו דער אַנדערער און מיט האַרץ געטענהט:

— גיב אַ קוק, „גערע״ ליגט לעבן „וויקטאָריען״; „חוה״ ליגט לעבן „דזשוליעטען״, און די איבעריקע ליגן אויך אַזוי. ווו זענען דײַנע אויגן, צו אַלדע רוחות? קוקסט און זעסט אַ פּײַג אונטער אַ דעכעלע!

וויפֿל מאָל האָט חנה געבעטן, אַז די מעלקערנס זאָלן טאָן, ווי זי טוט. זיי זאָלן אָפּוואַשן די אײַטערס נישט בײַ איין בהמה און גלײַך נעמען ציִען ביז די מילך קומט, נאָר זיי זאָלן אָפּוואַשן די אײַטערס פֿון אַ צוויי־דרײַ בהמות, וועלן זיי פֿאַרשפּאָרן צו וואַרטן. וואָרעם ווען זיי וועלן צוגיין מעלקן די דריטע בהמה, וועט שוין די מילך רינען.

איצט איז זי צוגעגאַנגען צו שיפֿרה גרינבלאַט און מיט רוגזה געזאָגט:

— שיפֿרה, איך וועל זאָגן דער בהמה, זי זאָל דיך אויסמעלקן. וואָס בריקעסטו זיך? נעם אָוועק דײַנע הינטערשטע פֿיס פֿון איר בויך!

געוויזן, געזאָגט, זיך געבייזערט. צום סוף האָט חנה גענומען דעם בלעכענעם עמער און איז אַוועק מעלקן אירע „אייגענע״ קי. גיך איז זי געגאַנגען מיט אַ פֿולן עמער מילעך, האָט זיך מיט איין פֿוס אַרויפֿגעשטעלט אויפֿן ראָד פֿון דער מאַזשאַרע, אויסגעגאָסן די מילך דורך דעם זײַ־טיכל, וואָס איז געווען צוגעבונדן צום בידאָן, אַ קוק געטאָן אויף ברוכן, ווי ער שטייט אויף דער סאַמע זון, האָט זי אַראָפּגענומען די פֿאַטשיילקע פֿון קאָפּ און זי אַרומגעבונדן מיט צוויי עקן דעם פֿערד ביז די אויגן. בעת זי האָט דאָס געטאָן, איז ער געשטאַנען ווי צוגעשמידט, דערנאָך פּאַוואָליע אַוועק צו דער באַלקע, שטיל אַ הירזשע געטאָן, ווי ער וואָלט געזאָגט: איך וועל באַלד צוריקקומען.

רוווקע דער פּאַסטעך, וואָס האָט עס געזען נישט איין מאָל, האָט זיך געוויצלט:

— חנהטשע, איך בין מקנא ברוכן...

מער האָט ער גאָרנישט באַוויזן צו זאָגן, ווײַל חנה האָט אים געשענקט אַ שיינרעדנדיקן קוק און, כאָטש זי האָט זיך זייער געאײַלט, האָט זי געלאָזט פֿאַלן:

— ר׳ ראובן, איך זאָל אַזוי לעבן, ווי אין ברוכס מוח איז דאָ מער, ווי אין דײַנעם, — און זי איז אַוועקגעלאָפֿן מיט דער דויניצע טאָן וואָס זי האָט געדאַרפֿט.

אָט אַזוי זענען געגאַנגען חנהס טעג. זי האָט קוים אויסגעשניטן אַ שעה אויף אַרײַנצולויפֿן אין קינדערהיים צו אירע קינדער. אָבער די שעה איז נעמלעך געווען די סאַמע געמיטלעכע און געגאַרטע פֿונעם גאַנצן מעת־לעת.

ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דרײַ־פֿיר טעג האָט חנה די געסט נישט געזען, אָבער געהערט וועגן זיי האָט זי גראָד יאָ. אירע שכנות רבקה און יוכבד האָבן צווישן זיך גערעדט אין די אָוונטן:

— די כודאָזשניקעס שלאָפֿן אויף די סקירדעס שטרוי.

— זיי זענען גערעכט, — האָט רבקה באַגיטיקט, — אונדזערע וואַנצן האָבן אַזוינס נאָך קיינמאָל נישט פֿאַרזוכט, די כודאָזשניקעס וואָלטן במילא געמאַכט פּליטה. נעכטן זענען זיי אַלע געווען אין גאָרטן, זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט מיט זייערע וואַרשטאַטלעך און געוואָלט אָראָפּריסעווען פֿייגעלן, אָבער זיי האָבן נישט געפּועלט בײַ איר זי זאָל שטיין אַ ווײַלעטשקע. ווי קאָן זי שטיין, אַז זי דאַרף טראָגן די פּאָמידאָרן צו דער מאָזשאַרע? זענען זיי אין כּעס געוואָרן, האָבן געכאַפּט זייער קלאַפּערגעצײַג און אַוועק צו די סילאָס־טורמעס.

אַזוי האָט זיך חנה דערוווסט, אַז די געקומענע זענען קינסטלער, און אין די קומענדיקע אָוונטן האָט זי נאָך געהאָט אויסצוהערן, ווי אירע שכנות רעדן אַרום די בילדער, וועלכע די קינסטלער מאָלן.

— איך בין זיך אַזוי צוגעגאַנגען, שטיי איך הינטער זײַן פּלייצע, — האָט יוכבד דערציילט, — די סקירדעס האָט ער אָנגעריסעוועט מיט בלויער פֿאַרב, די אָקסן מיט דער מאָזשאַרע — מיט ראָזער פֿאַרב, די ערד — מיט געלער. איך פֿיל, אַז איך ווער צעפּלאַצט פֿון געלעכטער. בין איך

אַריַינגעגאַנגען אין וואַגאָנטשיק. די חברה האָבן אָפּגעגעסן וואַרמעס, איך וואַש די שיסעלעך, מיט אַמאָל — ער גייט אַריַין.

— ווער איז דער ער? — פֿרעגט רבקה.

— דער מיט די בלאָנדע געקריַיזלטע האָר. „יאָ, מאַכט ער צו מיר, ווי איז דיַין נאָמען? איך וויל זיך מיט דיר באַקענען". זאָג איך: „מע רופֿט מיך יוכבד. אָבער איר האָט נישט וואָס זיך באַקענען מיט מיר, איך האָב שוין אַ חבר". קוקט ער מיך אָן, טוט אַ גענעץ אין מיטן דערינען און זאָגט: „האָסט, האָב געזונטערהייט!"

— זעסטו, ריסעווען אַליין קלעקט אים נישט... אָבער וואָס האָסטו זיך אָפּגעזאָגט? איך אויף דיַין אָרט וואָלט זיך יאָ באַקענט מיט אים, — האָט רבקה ערנסט באַמערקט.

„חכמהניעס", — האָט חנה אַ טראַכט געטאָן און איז איַינגעשלאָפֿן.

באַגינען, ווען זי איז אויפֿגעשטאַנען צום ערשטן געמעלק, האָט זי זיך דערמאָנט אין יוכבדס מבינות וועגן די קינסטלערס אַרבעט, און עס איז איר פֿריקרע געוואָרן, וואָס יוכבד איז אַזוי טעמפּ און דערצו זיכער, אַז זי פֿאַרשטייט עפּעס אין דעם. חנה האָט זיך אַזש צעלאַכט, בעת זי איז געגאַנגען דורכן פּוסטן באַגינענדיקן הויף צו דער קו־שטאַל. דער איינ־ציקער בוים לעבן קינדערהיים איז געשטאַנען פֿאַרשלייערט אין קילער שטילקייט, קיין בלעטעלע אויף זיַינע צווייַגן האָט זיך נישט באַוועגט. די לופֿט איז געווען קיל, די קוזניע, די סילאָס־טורעמס, די איינציקע ניַיע שטוב, די קאַשאַרע און די אַלטע שטוב וואָס זענען גאַנץ געבליבן נאָך דער רעוואָלוציע, זענען געווען פֿאַרהילט אין נאַכטיקער רו. פֿון דער קו־שטאַל האָט זיך געלאָזט הערן אַ קלימפּערן פֿון די בידאָנעס, פֿון די בלע־כענע דויניצעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַער טאָג.

כאָטש חנה איז געווען זייער פֿאַרטאָן, האָט זי צומאָל דורכגענומען אַ חרפּה פֿון דער אויסקומעניש, מיט וועלכער די קאָמונאַרן זענען געווען אַרומגערינגלט. „ווי קאָנען מיר לערנען אַנדערע, — האָט זי געטראַכט, — אַז מיר אַליין ווילן זיך נישט לערנען, און אַזוינע ווייסערקעס, ווי יוכבד, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין קינסטלער, קיין בילד אין זייערע אויגן נישט געזען, חוזקן?" חנה איז געווען צערודערט פֿון דעם, דעריבער איז איר די אַרבעט נישט געגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיַין.

זי איז געזעסן אויפֿן נידעריקן בענקעלע מיט דער בלעכענער דויניצע און האָט איַינגערעדט דער בהמה: „שטיי, פֿלאָרע, ליבינקע", — אָבער

„פֿלאָרע" איז נישט אײַנגעשטאַנען קיין רגע. זי האָט געדרייט מיטן קאָפּ, געפּאַכט מיטן עק און כּסדר געהויבן די הינטערשטע פֿיס, פּונקט ווי זי וואָלט געפּילט, וואָס עס טוט זיך בײַ חנהן אין האַרצן. עס האָט חנהן אַ שווייס באַשלאָגן, ביז זי האָט אויסגעמאָלקן „פֿלאָרען". דערנאָך האָט זי געהאָלפֿן אָפּבינדן די קו, און ווען די פּאַסטעכער זענען אַוועק מיט דער טשערעדע אין סטעפּ, האָט חנה מיט די מעלקערינס אויסגערייניקט די שטאַל, אָנגעשאָטן האָבערנע מעל מיט געשטויסענער מאַקוכע אין די קאָרעטעס און איז אַוועק צו דער פֿערד־שטאַל.

זי האָט אָנגעזאָטלט ברוכן, געשמייכלט פֿון שימקעס רייד:

— חנה, דו גלעטסט אים און גלעטסט, ער בלײַבט אָבער אַלץ אַ פֿערד!

— דאָס טרעפֿט מיט צווייפֿיסיקע אויך, — האָט חנה געענטפֿערט און האָט אַרויסגעפֿירט ברוכן פֿון שטאַל. און כאָטש זי האָט געהאַט נאָך וואָס צו ענטפֿערן שימקען, איז זי אַוועקגעריטן צום ברונעם — זי האָט דערזען, אַז די קאָרעטעס זענען טרוקן. עס האָט איר דורכגענומען אַ בראַנדיקער צאָרן, ווײַל זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די פּאַסטעכער האָבן אַוועקגעטריבן די טעלעצעס מיט די ביקלעך נישט קיין געפּאָיעטע... זי האָט מיט די פּיאַטעס געפּויקט ברוכן אין בויך אַזוי, אַז דער אָטעם האָט איר פֿאַרכאַפּט פֿליִענדיק איבערן סטעפּ. ערשט הינטער דעם דאָרף קאַראַהורט האָט זי דערזען די פּאַסטעכער און די בלאָנקענדיקע יונגע טשערעדע. די פּאַסטע־כער זענען געזעסן און האָבן גאַנץ געשמאַק צוגעביסן. חנה האָט געקוקט, ווי זיי בײַסן אָפּ היפּשע שטיקלעך פֿון לוסטעס ברויט און ווי זיי זופּן נאָך יעדער ביסן ברויט אַ פֿלאַש מילעך. זי האָט דערפֿילט, ווי אַ זודיקער ווינט האָט פֿאַרכאַפּט אירע נאָזלעכער, ווי ס'האָט זיך אויפֿגעהויבן צו איר האַלדז אַ שוועבלדיקער גרימצאָרן, און זי האָט אויסגעשריִען:

— די טעלעצעס צום ברונעם!

די פּאַסטעכער האָבן אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד די פֿלעשער מיט דער איבערגעבליבערנער מילעך. זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן און רויִק געזאָגט:

— זיי וועלן זיך אָנטרינקען וואַרמעס־צײַט.

— פֿאַרוואָס האָט איר נישט אָפּגעלייגט אײַער אָנבײַסן ביז וואַרע־ע־ע־ע־ממעע־ססס! — האָט חנה אויסגעשריען אַזוי, אַז די פּאַסטעכער האָבן שפּאַרעוודיק גענומען שטעלן די פֿיס אויף הינטערווײַלעכטס. אָבער

חנה איז שוין מער נישט געווען קיין באַלעבאָסטע איבער זיך. זי איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון זאָטל, זיך אַ לאָז געטאָן צו די פּאַסטעכער, זיי דעריאָגט און גענומען פֿלעמען איינעם און דעם אַנדערן איבער די באַקן, איבער די קעפּ. זי האָט געזען, ווי זיי פּאָכען מיט די הענט און ווערן זיך פֿון איר. זי וואָלט זיי נאָך היפּש אַרײַנגעטיילט, ווען זי וואָלט פּלוצעם נישט דערזען, ווי עס רינט בלוט בײַ איינעם פֿון דער נאָז. זי האָט נאָך געפֿונען אין זיך קרעפֿטן אויסצושרײַען:

— מנוולים, פּוילּיאַקעס, נישטיקייטן! זיך צוגעווינט אין ווינגיצע צו פֿאַרקויפֿן הערינג! די טעלעצעס פֿאַרנעמט!

דאָס אַלץ אַרויסגעשריען, איז זי אויף די שפּיץ פֿינגער צוגעלאָפֿן צו ברוכן, האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין זאָטל און ווידער מיט די פּיאַטעס געפּויקט אין זײַן בויך אַזוי, אַז דאָס פֿערד איז עטלעכע רגעס אַ פֿאַר־ווונדערטס געשטאַנען אויף איין אָרט, בלויז געביטן דעם טראָט, און ערשט דערנאָך אַ הירזשע געטאָן און זיך געלאָזט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. חנה האָט אַרומגעדרייט דאָס צײַמל אויף דער רעכטער האַנט אַזוי, אַז ברוכס קאָפּ האָט זיך פֿאַרריסן. זי האָט אים פֿאַרקערעוועט ווו זי האָט באַדאַרפֿט און געהאָלפֿן פֿאַרנעמען די טשערעדע צום ברונעם. ערשט ווען זי האָט געזען, ווי די פּאַסטעכער האָבן אָנגעפּאָמפּעט וואַסער אין די קאָרעטעס און די בהמות האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם וואַסער, איז זי אַוועקגעריטן אין סטעפּ, כאָטש עס איז נאָך געווען לאַנג צום באַטאַגיקן געמעלק.

איצט האָט זי נישט געקערעוועט. ברוך איז אַוועק צו דער באַלקע, און בעת ער האָט זיך מיט איר אַראָפּגעלאָזט אין דער נידער, איז זי אַרויס פֿון זאָטל און אַוועקגעפֿאַלן אויפֿן גראָז. זי האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום הימל און אַזוי געלעגן, אײַנזאַמפּנדיק אין זיך די רו, וואָס האָט געאָטעמט צו איר פֿון דער ערד.

זי האָט נישט געזען ווי ברוך איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און ווי פֿון זײַנע ליפּן איז געפֿאַלן אויף דער ערד געדיכט־אויפֿגע־שלאָגענער געלער שוים. זי האָט עס נישט געזען נישט נאָר דערפֿאַר, וואָס זי איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, נאָר ווײַל זי איז אײַנגעשלאָפֿן. ווען חנה האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז ברוך געלעגן אויף דער ערד. זי האָט אַ גלעט געטאָן זײַן האַלדז און דערפֿילט אַז ער איז נאַס. דעריבער האָט זי אים געלאָזט ליגן, אָבער די זון האָט באַוויזן, אַז ס'איז שוין צײַט צו מעלקן דאָס

צווייטע מאָל. זי האָט אַ צי געטאָן דאָס ציַימל, און ברוך האָט זיך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט שפּאַנען.

אויפֿן באַשטימטן אָרט אין סטעפּ, ווו די פּאַסטעכער האָבן אַלע מאָל צונויפֿגעזאַמלט די בהמות, איז געשטאַנען די מאַזשאַרע מיט די ליידיקע בידאָנעס. די מעלקערינס האָבן שוין אָנגעהויבן מעלקן. חנה האָט אויך גענומען די בלעכענע דויניצע און איז אַוועק טאָן וואָס אַלע טוען. בעת זי איז צוגעגאַנגען צו דער מאַזשאַרע אויסגיסן די מילך אין בידאָן, האָט זי דערזען דעם שוואַרצהנעוודיקן קינסטלער, וועלכן זי האָט אויסגעטיילט פֿון די איבעריקע, ווען זי האָט אים אין יענעם טאָג דערזען אין געזעמל. זײַן לענגלעך, איידל, טונקל פּנים און זײַנע שוואַרצע אויגן האָבן געשמייכלט און אויסגעדריקט געבעט מיט צווייפֿל אינאיינעם. ער האָט אַ קורצע רגע געקוקט חנהן אין די אויגן, צוליב עפּעס האָט ער אַראָפּגעכאַפּט די טיובעטייקע פֿון קאָפּ און שטיל געזאָגט:

— חברטע בריגאַדיר, אפֿשר איז מעגלעך צו פֿאַרהאַלטן די סטאַדע אויף אַ שעה אַנדערהאַלבן. אויב יאָ, וואָלט עס געווען זייער ווויל.

חנה האָט געקוקט אויף זײַן אַראָפּגעלאָזטער רעכטער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן די טיובעטייקע.

— אָבער נישט מער ווי אויף אַנדערהאַלבער שעה, וואָרעם בהמות זענען נישט קיין מענטשן. זיי דאַרפֿן זיך פֿיטערן און מע דאַרף זיי מעלקן. געזאָגט, נישט אויפֿגעהויבן די אויגן צו אים אין אַוועק מעלקן.

ער האָט פֿונאַנדערגענומען דאָס מאָלבערט, אַרויפֿגעשטעלט אויף אים אַ דיקטן ברעטל מיט צוגעקלעפּטן פּאַפּיר, האָט פֿונאַנדערגעלייגט דאָס איבעריקע געצײַג און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

כאָטש חנה האָט געזאָגט אַזוינע האַרבע ווערטער צום קינסטלער, האָט זי נאָכן געמעלק אָנגעזאָגט די פּאַסטעכער, אַז יענע זאָלן די טשערעדע פֿאַרהאַלטן. די מאַזשאַרע מיט די בידאָנעס מילעך מיט די מעלקערינס איז אַוועקגעפֿאָרן. חנה איז אויך אַוועקגעריטן. זי איז צוגעפֿאָרן צו דער בעקערײַ. דער בעקער האָט איר געגעבן אַ שטיקל פֿריש ברויט, און זי איז אַוועק מיט ברוכן צום גאָרטן. דאָרט האָט איר אָפּגעגליקט, — די בריגאַדירקע פֿון גאָרטן־בריגאַדע, חײַהלע גרינשטיין, האָט איר געגעבן אַ לאַנגע גרינפּלדיקע אוגערקע און אַ פּאָמידאָר. דערבײַ האָט חײַהלע באַמערקט:

— חנהטשע, ווען איך גיי אַרײַן אין קו־שטאַל, וואָלסטו מיר געגעבן אַ גלאָז מילעך ?

— אַ נײַע נײַס ! — האָט חנה באַמערקט, אָפּגעביסן דאָס געלע ווײדעלע פֿונעם שפּיץ אוגערקע, עס אַרויסגעשפּיגן, אַרײַנגעלאָזן די ציין אין סאַמע אוגערקע־טיף, אַ שמייכל געטאָן, אַ קוק געגעבן אויף חיהלען באַרויקט :

— חיהלע, איך בין הײַנט זייער מיד. וויפֿל, מיינסטו, איז דער זייגער ? לײַטישע מענטשן האָבן שוין לאַנג אָפּגעגעסן וואַרעמעס. די קאָמונאַרן אויך.

— עס, עס, חנהטשע, דו האָסט דאָך כמעט געפּאָסט. ווי מיינסטו, חנהלע, די אויפֿקומענדיקע נײַע מענטשהייט וועט אויף אונדז קיין פֿאַריבל נישט האָבן ? וואָס זאָל מען טאָן, מע זינדיקט אָפּט, און איך נישט ווינצי־קער פֿון אַנדערע. נישט דו איינע קומסט אַהער. דער גאָרטן איז ממש ווי האָניק פֿאַר בינען, — האָט חיהלע אין פֿאַרלעגנהייט געזאָגט.

חיהלע איז געווען פֿון די קאָמונאַרקעס, וואָס זענען חנהן געווען זייער צום האַרצן. זי האָט מיט גרויס הנאה געגעסן די אוגערקע מיטן פּאָמידאָר. אָבער זי האָט כּמעט זיך געגעבן אַ נדר, אַז זי וועט אַהער מער נישט קומען, און זי וועט עסן דאָס, וואָס אַלע קאָמונאַרן עסן. און שוין זיצנדיק אין זאָטל האָט זי איר צוגעזאָגט :

— חיהלע, דאגה נישט. די קומענדיקע מענטשהייט וועט זיך דערמאָ־נען, די קומענדיקע מענטשהייט וועט וויסן, אַז דו האָסט בשתיקה געטיילט די קאָמונאַרן גרינס, און איך בין זיכער, אַז דו וועסט נישט שטרענג געמשפּט ווערן !...

געוויס האָט חנה נישט פֿאַרגעסן, אַז דער קינסטלער מאָלט דאָרט די טשערעדע. און אין גיכן האָט ער דערהערט אַ טופּע פֿון טלאָען. באַלד האָט ער אויך דערזען, ווי חנה איז מיט איין פֿוס געשטאַנען אויף דער ערד, בעת דער צווייטער פֿוס איז נאָך געווען אין דער סטרעמענע. ער האָט אָװעקגענומען דעם פּענדזל פֿונעם פּאַפּיר און געקוקט ווי זי שפּרינגט אויף איין פֿוס, און ווען זי איז, ענדלעך, שטיין געבליבן לעבן פֿערד, האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. זי איז געשטאַנען הינטער זײַן פּלייצע, געקוקט, ווי ער אַרבעט, און דאָס איז איר אַזוי געפֿעלן געוואָרן, אַז זי האָט אַזש אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. זי איז געווען אויסער זיך, וואָס

אויף אַזאַ קליינעם בויגן פּאַפּיר האָט געקלעקט אָרט פֿאַר אַזאַ הויכן לויטערן הימל, פֿאַר אַזאַ רחבותדיקער ערד, און עס איז נאָך געבליבן גענוג אָרט פֿאַר דער טשערעדע און פֿאַר די מעלקערינס. כאָטש זיי זענען געווען קוים אָנגעמערקט, האָט חנה הויך אויסגערופֿן: „דאָס איז דאָך טײַבל, און דאָס איז ראָכקע, און דאָס איז שיפּרעלע". דער קינסטלער האָט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, האָט אויסגעקוקערעוועט דאָס פּנים צו חנהן און געלאָסן געפֿרעגט:

— איר האָט זיי דערקענט? אַזוי גאָר? גאַנץ ווויל, — דערבײַ האָט ער אַזוי האַרציק געשמייכלט, אַז חנה האָט קיין מוט נישט געהאַט אים צו זאָגן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט.

טאַקע דעריבער איז זי אַוועק צו די פּאַסטעכער, עפּעס געזאָגט צו זיי. דער קינסטלער האָט פֿון ווײַטן געזען, ווי די פּאַסטעכער שאָקלען מיט די קעפּ. דערנאָך איז חנה ווידער צוגעגאַנגען און אים געזאָגט, וואָס זי האָט געטראַכט.

— איר האָט שוין אָפּגעשפּיגלט? אויב יאָ, דאַרף די טשערעדע גיין צו די באַלקעס, וואָרעם דאָ האָבן די בהמות נישט וואָס צו נעמען אין מויל. מענטשן קאָנען זײַן פּוסטע, אָבער אײַטערס דאַרפֿן זײַן פֿולע — געזאָגט, צוגעגאַנגען צו ברוכן, אָרײַנגעשפּרונגען אין זאָטל און אַוועק.

נישט אַלץ, וואָס חנה האָט געזאָגט, איז דערגאַנגען צום קינסטלער, וואָרעם אין מאָסקווע האָט ער גערעדט מער רוסיש, ווי מאַמע־לשון. פֿון דעסטוועגן האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז דאָ שיער נישט געגליכן געוואָרן צו די בהמות, און ער האָט זיך געוווּנדערט וואָס דאָס האָט אים נישט באַליידיקט — פֿאַרקערט, דאָס האָט אים אָנגענעם איבערראַשט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „זי איז נישט נאָר אַ בריגאַדיר, זי איז אַן אָריגינעל מיידל". ער האָט צונויפֿגענומען זײַן קלאַפּערגעצײַג און זיך דערמאָנט די אַלע „טרעפֿלעכע" קלאָץ־קשיות, מיינונגען, געלעכטערלעך, וואָס ער האָט אויסגעהערט פֿון די קאָמונאַרן, בעת ער האָט געמאָלט אין פֿעלד־בריגאַדע, בײַ די סילאָס־טורעמס, בײַ די שאָף־פּאַסטעכער, און עס האָט זיך אים געשמייכלט, וואָס די בריגאַדירקע האָט זיך אַזוי אויסגעטיילט צום גוטן פֿון די, מיט וועלכע ער האָט זיך שוין באַגעגנט.

דער לאַנגער טאָג האָרעוואַניע, דער פֿאַרדריסלעכער צופֿאַל מיט די פּאַסטעכער האָט חנהן דאָס געמיט נישט גרינגער געמאַכט. פֿון דעסט וועגן איז זי דעם לאַנגן עס־צימער דורכגעגאַנגען מונטער. זי האָט זיך געזעצט

בײַ אַ כּמעט ליידיקן טיש, וואָרעם די מערהײַט קאָמונאַרן האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן וועטשערע. בײַם סאַמע לעצטן טיש זענען געזעסן די קינסטלער. זי האָט נאָך נישט געענדיקט עסן, בעת עס האָט זיך דערהערט, ווי מע קלאַפּט אין דער אײַזערנער רייף. דאָס האָט באַטײַט אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג (ווײַל וועגן זיצונגען פֿון קאָמונע־ראָט און פֿון די בריגאַ־דעס האָט מען אין רייף נישט געקלימפּערט).

פֿונעם עסן איז שוין חנהן נישט געווען באַשערט הנאה צו האָבן. זי האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ סיבה ס׳האָט אַרויסגערופֿן די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג. זי האָט געזען, ווי דער פֿאָרזיצער פֿון קאָמונע און דער סעקרעטאַר פֿון פּאַרטיי־קעמערל האָבן זיך אויפֿגעהויבן אויף דער בינע, וועלכע חנה האָט אין זיך גערופֿן „די בריק”. דער פֿאָרזיצער האָט עטלעכע מאָל אַ פּאַטש געטאָן איבערן טיש. אין עס־צימער האָט געהערשט אַ מאָדנע שטימונג. די קאָמונאַרן און די קאָמונאַרקעס האָבן אי געשמייכלט, אויסגעדריקט שאָדן־נײַגעריקייט. דאָ און דאָרט האָט פּלוצעם אויסגעפּראַלט אַ געלעכטער. דער קאָמונאַר פֿון פֿעלד־בריגאַדע, וואָס האָט אַנומלטן פֿאַרגעלייגט חנהן זיך דורכגיין מיט אים אין סטעפּ „אַ קוק טאָן, ווי די שטערן פֿאַלן”, האָט הויך געפֿרעגט:

— כאַנטשע, וואָס האָסטו זיך אַזוי צוגעכאַפּט צו די פּאָסטעכער? דו ביסט זייער פּריצטע? זיי זענען דײַנע הינט?

חנה האָט זיך אַ בייג געטאָן, און פּונקט אַזוי, ווי ער האָט הויך געפֿרעגט, אַזוי אויסדריקלעך און ערנסט האָט אַ קלונג געטאָן איר קול איבערן גאַנצן עס־צימער:

— איך האָב דיך אין זינען, ווי דעם פֿאַראיאָריקן שניי, נאָר איצט וואָלט איך גראָד געוואָלט אַ קוק געבן, ווי דײַנע ציינער זעען אויס.

— שטילער, שטיל זאָל זײַן! — האָט דער פֿאָרזיצער ווידער אַ פּאַטש געטאָן איבערן טיש און באַלד אויסגערופֿן:

— קאָמונאַרקע חנה פֿײַנבערג, גיי צו נעענטער צו דער בינע. קאָמו־נאַרן געליטענע, דויד שאַפּיראָ און יאַנקל צוקערמאַן, קומט אויך אַהער.

חנה איז שטיין געבליבן פֿון דער רעכטער זײַט בינע, די געליטענע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דער לינקער זײַט. בײַ איינעם פֿון זיי, בײַ דוידן, איז דאָס פּנים געווען פֿאַרבונדן מיט אַ רויטער פֿאַטשיילקע, ס׳קאָן זײַן, אַז צוליב דעם טאַקע איז דער עס־צימער פֿאַרטויבט געוואָרן פֿון אַ מוראדיקן געלעכטער. ענדלעך איז שטיל געוואָרן.

— חבר קאַמונאַר צוקערמאַן, — האָט דער פאָרזיצער זיך געווענדט צום געליטענעם, — דערציייל פּינקטלעך, ווי דאָס איז געווען.

ער האָט לאַנג דערציילט, צוקערמאַן, ווי ער האָט מיט דוידן אַרויס־געטריבן די טשערעדע טעלעצעס, ווי ס׳האָט זיי געחלשט דאָס האַרץ. דאָ האָט אים חנה איבערגעשלאָגן:

— וועמען האָט געחלשט דאָס האַרץ, אײַך צי די קעלבער?

אַ רעכטע ווײַלע האָט געשאַלט אַ געלעכטער, דערנאָך האָט דוויד דערציילט, אַז די קאַמונאַרקע חנה פײַנבערג איז אים באַפאַלן, ווי אַן אמתע גזלנטע, און האָט אים צעבלוטיקט.

אויסגעהערט די טענות פון די געליטענע, האָט דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קעמערל געהייסן רעדן חנהן. חנה האָט אויסגעמאָלט אָט וואָס:

— חברים קאַמונאַרן! איך דאַרף דאָ נישט דערציילן, וויפל מע דאַרף האָרעווען, ביז מע האָדעוועט אויס אַ קו. ווען איר וואָלט געזען, ווי די טעלעצעס מיט די קעלבער האָבן זיך אַרומגעדרייט אין סטעפּ פאַרחלשטע פון דאָרשט! און אין דער זעלבער צײַט זענען זיך די צוויי משה רבינוס האָרעפּאַשניקעס געזעסן און געפּראַוועט אַ סעודה. ווייס איך נישט, צי עמעצער פון אײַך וואָלט געטאָן אַנדערש ווי איך. איך האָב קיין חרטה נישט, איך האָב אַלץ געזאָגט!

דערנאָך זענען אַרויסגעטראָטן קאַמונאַרן און האָבן געוואָלט ווייכער מאַכן די זאַך ס׳האָבן זיך אויך געפונען אַזוינע, וואָס האָבן גערעדט האַרב און שאַרף. נאָך די אַרויסטרעטונגען פון די קאַמונאַרן האָט גענומען אַ וואָרט דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קעמערל. ער האָט אָנגעהויבן פון ווײַט:

— ווינטער האָבן מיר פאַראורטיילט די האַנדלונג פון איינער אַ קאַ־מונאַרקע, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט אַנצוזייגן אַ קליינעם קאַמונאַר, אַ ברעקל קינד, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי האָט געהאַט גענוג מילך. איר געדענקט, חברים, ווי מיר האָבן זי אויסגעשלאָסן אויף אַ גאַנצן קוואַרטאַל פון אונדזער קאַמונע. כאָטש איך האָב דאַן געזאָגט, אַז דאָס איז אַן איבעריקע זאַך. איצט האָבן מיר אַן אומגעהערטן צופאַל. ווען דאָס וואָלט געטאָן אַן אַנדערער אויף חנהס אָרט, וואָלט איך דער ערשטער אויפגעהויבן מײַן האַנט, אַז דער דוך פון אַזאַ מענטשן, פון אַזאַ קאַמונאַר זאָל בײַ אונדז נישט זײַן. איך זאָג אַ קאַמונאַר, ווײַל אַלע ווייסן, אַז חנה פײַענבערג טוט פאַר צוויי־דרײַ מאַנצבלעען. אָבער אויפהייבן די האַנט

אויף אַ חבר! איך לייג פֿאַר זי אויסשליסן אויף אַ קוואַרטאַל פֿון קאָמונע־ראַט. איך האָב געענדיקט.

מע האָט אָפּגעשטימט. די מערהייט איז געווען פֿאַר דעם פֿאָרשלאָג וואָס דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט אַרײַנגעטראָגן. אין עסצימער איז געווען אַ רעש און אַ טומל. פּלוצעם האָט דוד שאַפּירא, דער, וואָס איז געשטאַנען אַרומגעבונדן מיט אַ רויט טיכל, אויפֿגעהויבן די רעכטע האַנט און געלאָזט וויסן:

— איך האָב פֿאַרגעסן צו זאָגן, אַז די חברטע פֿײַנבערג האָט געשריִען, בעת זי האָט אונדז געשלאָגן, אַלערליי מיאוסע ווערטער, און זי האָט געזאָגט, אַז מיר זאָלן פֿאַרן האַנדלען אין וויניצע מיט הערינג. איך האַלט, אַז עס איז אַ קורקולסקע אַגיטאַציע.

נישט קוקנדיק אויף דער דאָזיקער מעלדונג, האָט זיך דערהערט אַזאַ געלעכטער, אַז אייניקע קאָמונאַרן האָבן אַזש געשלוקערצט.

— די פֿאַרזאַמלונג איז געשלאָסן! — האָט דער פֿאָרזיצער געמאָלדן.

אפֿרים דער שאָף־פּאַסטעך האָט זיך אַ טראָג געטאָן אויף דער בינע, אַרויסגענומען זײַן מויל־האַרמאָניקע פֿון קעשענע. ער האָט געשפּילט עפּעס פֿון „קאַרמען”, געטופּעט מיט די פֿיס, געשריִען:

— חברה, חנהלע, אַהערצו גיי, אַרויף אויף דער בינע, מע דאַרף דאָס פֿאַרטאַנצן!

עטלעכע קאָמונאַרן האָבן זיך שוין געדרייט אין אַ שווינדלענדיקער פּאָלקע, און כאָטש חנה איז אַלע מאָל געווען איינע פֿון די ערשטע אומ־דערמידלעכע טענצערינס, האָט זיך איר איצט נישט געטאַנצט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער בינע, ווי דאָרטן וואָלטן זיך געדרייט משוגעים, און איז אַרויסגעגאַנגען פֿון עסצימער. זי האָט געמאַכט עטלעכע טריט, דער־הערט, ווי עמעצער גייט הינטער איר, און זיך אָפּגעשטעלט. דערזען דעם קינסטלער האָט איר אַ קלעם געטאָן בײַם האַרצן, הלמאי זי האָט צו אים בײַ טאָג גערעדט אַזוי האַרב. ער האָט אָבער, אַפּנים, פֿאַרגעסן וועגן דעם, ווײַל ער האָט זיך אַזוי שטיל־בעטנדיק געווענדט צו איר:

— חברטע חנה, אויב איר זענט נישט זייער מיד און איר האָט גאָר־נישט קעגן, וואָלטן מיר זיך אפֿשר דורכגעגאַנגען מיט אײַך אַ ביסעלע?

זי האָט עס גוט געהערט און האָט נישט צוגענומען איר האַנט, בעת זײַנע ווייכע וואַרעמע פֿינגער האָבן זיך צוגערירט העכער פֿון איר עלנ־

בויגן. נאָר ווען זיי זענען באַנאַנד אָוועקגעגאַנגען, האָט ער זײַן האַנט צוגענומען און נאָך אַ רעכטער ווײַלע שווײַגן שטיל באַמערקט:

— דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן גיי איך מיט אַ מיידל, וואָס אַטאַקירט צוויי מאַנצבלען.

— איך שעץ אײַער שרעקלאָזיקייט. איר זענט בײַגעווען אויף דער פֿאַרזאַמלונג?

— איר האָט דען נישט באַמערקט, אַז מיר זענען געווען אין עסצימער?

— איך האָב געזען, איך האָב געמיינט, אַז איר זענט אַוועקגעגאַנגען.

— דאָס איז נישט וויכטיק. איך וואָלט נאָר געוואָלט, איר זאָלט נישט איבערשאַצן מײַן שרעקלאָזיקייט, ווײַל איך האָב שוין געזאָגט, אַז אַזאַ מיידל באַגעגן איך דאָס ערשטע מאָל.

— איך וועל אַלץ אָפּשאַצן זייער באַדאַכט. איר האָט אָבער אַ טעות, דאָס מאָל האָט איר באַגעגנט אַ מאַמע פֿון דרײַ קינדער, — האָט חנה געזאָגט.

זי האָט געהערט ווי ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט. זיי זענען פֿאַרבײַגעגאַנגען די קוזינע, די סילאָס־טורעמס, האָבן זיך פֿאַרנומען רעכטס אין סטעפּ אַרײַן. זיי האָבן געשוויגן, און חנה האָט געוואַרט, אַז ער זאָל זאָגן „אַ גוטע נאַכט, חברטע פֿײַנבערג". ער האָט זיך אָבער פּלוצעם אָפּגעשטעלט און איבערראַשט געפֿרעגט:

— איר, דרײַ קינדער? ווי אַלט זענט איר?

אין זײַן פֿראַגע האָט זי דערהערט אַזוינע טענער, ווי ער וואָלט געגאַרט, זי זאָל זאָגן „כ'האָב זיך געוויצלט". ערשט איצט האָט זי אים געוואָלט ווינטשן אַ גוטע נאַכט. אָבער זי האָט ד'ערפֿילט זײַן האַנט אויף אירער און שטיל איבערגעחזרט:

— יאָ, איך האָב דרײַ מיידעלעך, דעם קומענדיקן פֿרילינג ווערט מיר פֿיר און צוואַנציק יאָר.

חנה האָט עס געזאָגט און דערפֿילט זיך קליינמוטיק. אַזאַ געפֿיל איז געווען בײַ איר דאָס ערשטע מאָל, זינט זי איז אָוועק פֿונעם מאַן.

אין סטעפּ איז געווען שטיל, ווי אַלע מאָל ווען חנה פֿלעגט אַרויסגיין איינע אַליין אַ שפּאַציר טאָן. דער הימל איז אויך, ווי אַלע מאָל, געווען זייער טונקל און געדיכט באַשטעפּט מיט שטערן. אָבער חנהן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס ערשטע מאָל זעט זי אַזאַ טיף־געוועלבטן הימל, אַזוינע בלייכע שטערן, אַזאַ גלײַכגילטיקע שטילקײַט. אַ באַנומענע פֿון

דער פלוצמעדיקער קליינמוטיקייט, פֿון דער שטילקייט און פֿון זײַן שווײַגן, האָט זי נישט גלײַך דערהערט זײַן שטילע פֿראַגע:

— ווו איז דער פֿאָטער פֿון אײַערע קינדער?

חנה האָט אים אָנגעקוקט, אַ רגעלע געשוויגן און ערנסט געזאָגט:

— וועמעס טאַטע? מײַנע קינדער האָב איך מיר אַליין געהאַט.

ער האָט אַ נעם געטאָן חנהס האַנט און זי לײַכט אַ ציִ געטאָן פֿאָרויס. אַזוי זענען זיי געגאַנגען ביז ער האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— איר געדענקט, ווי איר זענט אַרײַנגעריטן אין הויף יענעם פֿרימאָרגן, ווען מיר זענען געקומען אין קאָמונע?

— געוויס געדענק איך. עס איז מיר אײַנגעפֿאַלן דאָס האַרץ. איך בין דאָך דאַן שיער נישט אַרויפֿגעריטן אויף דעם שוואַרצן, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער פֿרוי, וועלכע איז מיט אײַך געקומען.

— איך האָב זיך נישט דערשראָקן, איך האָב זיך שיִער נישט צעלאַכט, ווען דער שוואַרצער, מע רופֿט אים ליאָווע, האָט געכאַפּט זײַן טשעמאָדאַן. דער־אָ שוואַרצער איז זייער אַ גוטער קינסטלער, דאַרפֿט איר וויסן. איך האָב יענעם פֿרימאָרגן אײַך קוים געכאַפּט מיטן אויג, איר האָט אַזוי גיך פֿאַרקערעוועט און פֿאַרשווונדן געוואָרן מיטן פֿערד אין איינעם. בעת איך האָב געמאָלט די בהמות, איז מיר זייער געפֿעלן געוואָרן, ווי דאָס פֿערד שטייט מיט אַ ווײַס טיכל פֿאַרבונדן דעם קאָפּ, דאָס האָט איר אים אַזוי אויסגעפּוצט?

— וואָס וווּנדערט איר זיך, עס איז דאָך געווען אַזאַ היץ.

— איך פֿאַרשטיי, אָבער עס וווּנדערט מיך, וואָס איר באַגייט זיך מיט אים אַזוי גוט.

— אויב איר אײַלט זיך נישט, וועל איך אײַך דערציילן, פֿון וואַנען און וויאַזוי ער איז צו מיר געקומען. כאָטש נישט נאָר דערפֿאַר באַגיי איך זיך אַזוי מיט אים, אַז מע שלאָגט און מע פּײַניקט אַ בעל־חי, איז מען קיין מענטש נישט.

— איך אײַל זיך אין ערגעץ נישט. איך ווייס נישט וואָס איר וועט דערציילן, נאָר איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז דאָס קנאַפּע וואָס איך האָב פֿון אײַך געהערט, זאָגט נישט צו קײַן לאַנגווײַליקייט.

קוים האָט זי אָנגעהויבן דערציילן, איז איר קול געוואָרן שטיל, טיף אײַנגעהאַלטן, און אירע ווערטער זענען שפּאָרעוודיק געפֿאַלן אין דער נאַכט.

מיט אַ חדשים זיבן צוריק, — האָט זי דערציילט, — בין איך אַוועקגעגאַנגען אין סטעפּ איינע אַליין. גיי איך אַזוי פֿאַרטראַכט, דעם וועג ווייס איך. מיט אַ מאָל — אַ וויאָרסט פֿיר פֿון דער קאָמונע, אין סטעפּ, וווּ ס׳איז קיין מאָל קיין שום צוים נישט געווען, זע איך אַרײַנגעהאַקטע סטויפּעס. אויף די סטויפּעס — געדיכט אָנגעצויגן שטעכל־דראָט. ס׳איז געווען אַ ליכטיקע לבנה־נאַכט. איך גיי צו נעענטער, נאָר איך הייב נישט אָן פֿאַרשטיין וואָס דאָס איז. הינטער דער שטעכעדיקער וואַנט האָבן זיך צונויפֿגעשלאָגן אָן־אַ־שיעור פֿערד. ווען נישט די שטעכלקעס, וואָלטן די פֿערד זיך געקאָנט צורוקן צו דער צוים און די ענגשאַפֿט וואָלט נישט געווען אַזוי מוראדיק, אָבער אַזוי האָבן זיי זיך נעבעך צונויפֿגעקנוילט און האָבן אַזוי גרויליק און אומעטיק געהירזשעט, אַז דער מאַמעס מילך איז מיר אַנטרונען געוואָרן. דערנאָך האָבן זיך איניקע פֿערד אַ הייבגעטאָן אויף די הינטערשטע פֿיס. ווי אַראָפּצולאָזן די פֿאָדערשטע האָבן זיי דאָך נישט געהאַט, סײַדן אויף די רוקנס פֿון די וואָס זענען כּמעט געווען צוגעקלעפּט צו זיי. זענען זיי אַזוי געשטאַנען און נאָכאַנאַנד געפֿאָכעט מיט די פֿיס אין דער לופֿטן. איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך בין אַוועקגעלאָפֿן אין קאָמונע. אויף מאָרגן האָב איך קיין פֿרײַע מינוט נישט געהאַט צוצולויפֿן אַ קוק טאָן וואָס מיט די פֿערד טוט זיך, און איך האָב דאָס דערציילט דעם פּאַרטיי־סעקרעטאַר. האָט ער צו מיר געזאָגט: „וואָס ביסטו אַזוי צערודערט, דאָס זענען באַלעגופֿישע פֿערד! זאָג איך: „מע האָט זיי געוויס נישט געגעבן קיין עסן און קיין טרינקען”. ער צו מיר: „היינט־מאָרגן וועט מען זיי פֿונאַנדערטיילן”. בקיצור, צוויי טעג האָב איך קיין צײַט נישט געהאַט אַהין צוצולויפֿן, ערשט אויפֿן דריטן טאָג בין איך אַהין אַוועק, און דאָס וואָס איך האָב דערזען, האָט מיך גאָר אומדערוואַרט דערפֿרייט. אַלע סטויפּעס זענען געווען אַוועקגעוואָלגערט. דאָס שטעכל־דראָט איז געלעגן צווישן די סטויפּעס און קיין איין פֿערד איז נישט געווען! נאָר איך האָב דערהערט עפּעס אַ מאָדנעם קלאַנג, אַקוראַט ווי מע וואָלט מיט אַ באַרשט געשאַרט איבער דער ערד. האָב איך אַריבערגעשפּרײַזט איבערן שטעכל־דראָט און דערזען, ווי איין פֿערד ליגט אויף דער ערד און רײַבט מיטן האַלדז די ערד. אַזויווי איך האָב דאָס דערזען, האָב איך זיך געלאָזט לויפֿן אין דאָרף, וואָס איז געווען נעענטער ווי צו דער קאָמונע. איך בין געלאָפֿן און געוויינט, נאָך גוט וואָס קיינער איז אין סטעפּ נישט געווען. איך האָב אין דאָרף געקראָגן אַ ביסל האָבער,

אַ פויערטע האָט מיר אַנטליִען אַן עמער, איינס־צוויי האָב איך אָנגעשעפּט וואַסער און בין אַוועקגעלאָפֿן צום פֿערד. צום האָבער האָט ער זיך נישט צוגערירט, דאָס וואַסער האָט ער אין זיך אַרײַנגעזויגן מיטן קוק. איך האָב געוווּסט, אַז ס׳וואָלט גוט געווען, ווען איך גיב אים אַלע טאָג אַ שטיקל צוקער. אָבער ווו האָב איך געקענט נעמען צוקער? בקיצור, אַזוי בין איך געגאַנגען צום פֿערד אַלע טאָג. האָב איך קיין צײַט נישט געהאַט, בין איך געגאַנגען בײַ נאַכט. ביז איין מאָל, איך געדענק שוין נישט אויפֿן וויפֿלטן טאָג, בעת איך בין געקומען און געבראַכט פֿאַר אים געררשטענע קלײַען, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז מיר נאָכגעגאַנגען. אָבער איר ווייסט, ווי ער איז מיר נאָכגעגאַנגען? ער האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן מאָרדע אויף מײַן אַקסל, און אַזוי בין איך מיט אים געגאַנגען ביז דער פֿערדן־שטאַל. כ׳האָב אים אַרײַנגעפֿירט אַהין און געזאָגט צו שימקען דעם קאָניוך, אַז דאָס פֿערד רופֿט מען „ברוך” און אַז ער זאָל אים נישט שפּאַנען אַפֿילו פֿאַרן פֿאַרזיצער. אָט אַזוי ווי איר הערט!

— אַזוי, אַזוי... און וואָס איז געוואָרן מיט די איבעריקע אומגליקלעכע פֿערד? — האָט ער געפֿרעגט.

— וואָס זאָל ווערן? מע האָט זיי פֿאַרשפּאַרט אויף צו צעטיילן. איך האָב אַליין עטלעכע מאָל געזען, ווי פֿערד לויפֿן איבערן סטעפּ. מענטשן האָבן דערציילט, אַז איבער די דערפֿער האָבן געיאָגט צעווילדעוועטע פֿערד, ביז די אָרגאַניזירטע קאָלווירטן האָבן זיי געכאַפּט.

ווען ער וואָלט נישט געזאָגט „די אומגליקלעכע פֿערד”, וואָלט חנה אים אפֿשר געבעטן גיין צוריק, ווײַל, ווי געזאָגט, האָט זי לחלוטין נישט געהאַט קיין שום שײַכות צו די יעניקע, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי זענען די קרוין פֿון דער נאַטור.

זי האָט אָפֿט אין יענער צײַט געטראַכט: „ווי באַלד לעבעדיקע באַ־שעפֿענישן ווערן אַזוי געפּײַניקט, וועט באַרעמהאַרציקייט אויף לאַנג זיך לאָזן וואַרטן”. איצט, ווען זי האָט דערהערט, ווי ער האָט געזאָגט „אומ־גליקלעכע פֿערד”, האָט זי דערפֿילט, אַז זי האָט עס דערציילט אַ מענטשן וואָס האָט פֿאַרשטאַנען און געפֿילט אירע רייד.

— צײַט צו גיין, עס באַגינט, — האָט זי געזאָגט.

זיי זענען אַוועק צו דער קאָמונע, און לעבן דער קו־שטאַל האָט ער צו איר געזאָגט:

— איך וועל אײַך מער שוין נישט רופֿן חברטע חנה, און אויב איר

װעט מיר נישט אָפּזאָגן, װײל איך, אַז מיר זאָלן זיך מאָרגן אױך באַ־געגעגענען.

— דאָס איז שױן נישט מאָרגן, נאָר הײַנט. און הײַנט גײ איך צו מײַנע קינדער, װועלן מיר זיך באַגעגענען אַ ביסעלע שפּעטער, װי נעכטן.

— איר האָט קײן חרטה נישט? — האָט ער שטיל געפֿרעגט.

— נײן, אַ האָר אױך נישט. זײַט רויִק, ס'איז שױן אַ היפּשע צײַט װי איך סטאַרעװע זיך צו טאָן, אױף װיפֿל ס'איז מעגלעך, נאָך דאָס, װאָס איך װיל, — האָט חנה געזאָגט און איז פֿאַרשװוּנדן אין קו־שטאָל.

עס איז געװען אַ טאָג, װי אַלע טעג. חנה איז געריטן אין סטעפּ, געשאָטן זאַלץ, געמאָלקן, און נאָכן באַטאָגיקן געמעלק האָט זי מיט די פּאַסטעכער און מיט די סקאָטניקעס געדאַרפֿט אָפּקלײַבן די יונגע ביקלעך, װעלכע מע האָט געטריבן אין יעװופּאַטאָריע אױף פֿלײש־פֿאַרגרײטונג. חוץ דעם, װאָס דאָס איז פֿאַר חנהן געװען פּײַנלעך, איז עס נאָך געװען אַ גרױסער קלאָפּאָט. ביז מע האָט אָפּגעטײלט די ביקלעך פֿון די טעלעצעס מיט די קעלבער, איז חנה געװען אין סטעפּ. עטלעכע מאָל האָט זי אָנגעזאָגט:

— יאָגט זײ נישט, זאָלן זײ זיך פֿיטערן צו ביסלעך. אין סאָקי זאָלט איר זײ אָנפֿױען, װאָרעם חוץ צער־בעלי־חיים, װעלן זײ אָנװערן װאָג, אױב איר װעט זײ קײן װאַסער נישט געבן.

אָנגעזאָגט, באַגלײט אַ דרײַ־פֿיר קילאָמעטער, האָט חנה פֿאַרקערע־װעט דאָס פֿערד צו דער קאָמונע. אָבער אײנער פֿון די פּאַסטעכער, שמולקע דער זשמערינקער, האָט זי אָנגעיאָגט און מיט אַ רחמנות־קול געזאָגט:

— װי װעל איך גײן אַ באַרװעסער אַזאַ מהלך.

— דו װעסט גײן, װי איך װאָלט געגאַנגען.

— דו רײַטסט מערער װי דו גײסט צופֿוס. און אַ פֿערד האָט פּאַדקאָ־װעס!

— ביסט גערעכט. אָבער דאַרפֿסט װיסן, אַז ס'טרעפֿט אַז אַ פֿערד האָט מער שכל פֿון אַ מענטשן. דו קענסט אים מקנא זײַן.

— אַזױ גאָר! איך זאָל זאַװידעװען אַ פֿערד. דאָ איז נישט פּאַלעס־טינע! דאָ איז סאָװעטסקי סאָיוז. דאָ איז דער אַרבעטער נישט דער לעצ־טער מענטש.

— דו ביסט װידער גערעכט. דאָ איז טאַקע נישט פּאַלעסטינע. און ס'האָט זיך דיר אַפֿילו נישט געחלומט װי דאַרטן האָבן מיר געאַרבעט.

אָבער דאָס איז איבעריק דיר צו דערציילן. איך וועל שטעלן די פֿראַגע אין קאָמונע־ראַט, מע זאָל קריגן שטיוול פֿאַר דיר און פֿאַר אַלע פּאַסטע־כער, — האָט חנה צוגעזאָגט, און איר פֿאַרדראָס וואָס שמולקע און די איבעריקע פּאַסטעכער וועלן אַ לאַנגן טאָג שפּאַנען אויף דער שטעכעדיקער סטערניע, האָט זי פּלוצעם אויסגעלאָזט צו ברוכן. ער האָט נישט געקאָנט וויסן פֿון וואַנען ביי חנהן אין האַנט האָט זיך גענומען אַ בייַטש, זי אַליין האָט עס אויך נישט געדענקט. ווען מע האָט אָפּגעטיילט די ביקלעך, האָט זי מיט דער בייַטש געפֿאָכעט, כּדי יענע זאָלן זיך צונויפֿנעמען. איצט האָט עס ברוך געפֿילט אויף זייַן האַלדז, און אויף זייַנע זייַטן. ערשט אין קאָמונע־הויף איז חנה געקומען צו זיך און האָט אַראָפּגעלאָזט די בייַטש. שימקע האָט געקוקט, ווי זי נעמט אַראָפּ דעם זאָטל פֿון ברוכס פֿאַרשוויצטן רוקן, און ער האָט געמיטלעך איר אָנגעזאָגט:

— אין סטאָלאָווע איז הייַנט אַן אַרבעסענער זופּ, די פֿינגער צו לעקן.

— וואָס זאָגסטו, אַ זופּ? ס'איז טאַקע נישט איבעריק! ברוך איז דערשוויצט, זאָל ער זיך אָפּקילן. און איך וועל גיין צום אַרבעסענעם זופּ.

נאָכן עסן איז חנה ווידער געווען אין סטעפּ ביז פֿאַר נאַכט. ווי אַלע טאָג האָט זי געטאָן דאָס, וואָס מע האָט געדאַרפֿט, פֿון דעסט וועגן האָט שיפֿרעלע, איינע פֿון די בעסטע מעלקערינס, בייַם פֿאַרנאַכטיקן געמעלק באַמערקט, אַז חנהס גאַנג איז עפּעס אַן אַנדערער, און שיפֿרעלע האָט זיך אַ וויצל געטאָן:

— חנה, וואָס איז מיט דייַן פּאָכאָדקע? ביז דו וועסט צוטראָגן די מילך צום בידאָן, וועט זי זויער ווערן.

— די מילך זאָל זויער ווערן, אַבי דו זאָלסט זייַן זיס, ווי האָניק.

— יאָ, מייַן האָניק און דייַן גיפֿט, — האָט שיפֿרעלע צוגעוואָרפֿן.

אויפֿן האַרצן איז חנהן געווען נישט מקנא צו זייַן, דערפֿאַר האָט זי שיפֿרעלען נישט געענטפֿערט. זי האָט נישט פֿאַרגעסן ווי שמולקע האָט צו איר געזאָגט: „דו רייַטסט מער ווי דו גייסט צופֿוס".

די פֿאַרגאַנגענע נאַכט האָט זי אויך רוען נישט געלאָזט. כאָטש ער האָט אַזוי ווינציק גערעדט און זי האָט נאָך אַפֿילו רעכט נישט געוווּסט, ווי מע רופֿט אים, האָט זיך אין איר אַרייַנגעכאַפּט אַ מאָדנער אומרו, וואָס האָט נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט נאָך, פֿאַרשטייט זיך, גאָרנישט געוווּסט, אָבער געפֿילט האָט זי, אַז דער קינסטלער האָט זיך געוואָלט באַגעגענען

מיט איר נישט צוליב גרינגער צעשטרייוּנג, דעריבער איז זי אין אָוונט אַרייַנגעגאַן אין קינדערהיים נישט מיט קיין גרינג געמיט.

קינדער זענען אַ טרייסט. זי האָט זיך מיט זיי געשפּילט, ווי מיט איר גלײַכן, די קינדער האָבן עס געפֿילט, און נישט נאָר אירע אייגענע מיידעלעך, נאָר דאָס גאַנצע קליינוואַרג איז לויט דער ריי געזעסן אויף איר רוקן, זי האָט זיי געזונגען: „אַ רעגנדל, אַ רעגנדל, אַ רעגן טריפּט און טריפּט". דערנאָך האָט זי זיך געזעצט מיט זיי אויף דער פּאָדלאָגע און זיי דערציילט אַ מעשהלע ווי „איינע אַ באָבעשי האָט געהאַט אַ שעפּסעלע און די באָבעשי האָט עס ליב געהאַט. געהיט און געצערטלט, דער באָבעשיס אייניקלעך האָבן אויך ליב געהאַט דאָס שעפּסעלע, נאָר פּלוצעם איז דאָס שפּעסעלע פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. צי דערפֿאַר ווײַל דער פּאַסטעך איז געווען אַ פֿאַרשלאָפֿענער, צי דערפֿאַר, ווײַל דאָס שעפּסעלע איז געווען אַ שטיפֿערקע. אַ שעפּס האָט דאָך אַ קורצן זיכּרון. איין טאָג נישט געקומען, נאָך אַ טאָג נישט געקומען, איז די באָבעשי זייער פֿאַרומערט געוואָרן. די שכנים האָבן דערזען, אַז בײַ דער באָבעשי גייט נישט קיין רויך פֿון קוימען, האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, אַז זי קאָכט נישט קיין קאַשע פֿאַר זיך און קיין בולבע־שאָלעכץ פֿאַר דעם שעפּסעלע. איז אַ שכנה אַרײַנגעגאַנגען צו דער באָבעשי און געפֿרעגט, וואָס איז דער מער? האָט די באָבעשי דערציילט, אַז איר איינציק שעפּסעלע איז פֿאַרפֿאַלן געגאַנגען. האָט מען געזוכט אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, און דאָס שעפּסעלע האָט מען נישט געפֿונען. אויפֿן דריטן טאָג זיצט די באָבעשי אויפֿן נידעריקן בענקעלע און וויינט. זי קאָן שוין נישט איבערטראָגן אירע צרות. מיט אַ מאָל דערהערט זיך אַזוי שטיל און ציענדיק „ב־ע־ע־ע". טוט זיך די באָבע אַ לאָז צו דער טיר, לויפֿט אַרויס. און וואָס האָט זי דערזען? זי האָט דערזען איר שעפּסעלע מיט צוויי קליינינקע שעפּסעלעך. „חכמהלע מײַנע, מאַמעלע מײַנע!" האָט די באָבע אויסגעשריִען. פֿאַרוואָס האָט זי אַזוי אויסגעשריִען, קינדערלעך? פֿאַר וואָס? — ווײַל זי האָט זיך דערפֿרייט מיט איר שאָף און מיט די שעפּעלעך", — האָבן די קינדער אויסגעשריגן און געטאַנצט פֿון פֿרייד.

חנה האָט אויך געטאַנצט מיט זיי אין ראָד. נאָר ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פֿון קינדערהיים האָט הענקע, וואָס האָט דאָ געאַרבעט, זי דערנאָגט און שטיל באַמערקט:

— כאַנקע, דו האָסט זיי אַזוי צערודערט, אַז זיי וועלן לאַנג נישט אײַנשלאָפֿן. צי שוין זשע פֿאַרשטייסטו נישט, אַז עס וואָלט געווען בעסער,

ווען דו קומסט אַלע טאָג אויף אַ שעה, איידער צוויי מאָל אַ וואָך אויף צוויי שעה מיט אַ מעשׂה?

חנה האָט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן, ווײַל זי איז געווען זיכער, אַז אַמאָל איז בעסער צו הערן אַפֿילו אַ טרויעריק מעשׂהלע וואָס צערודערט, איידער גאָרנישט הערן און רויִק אײַנשלאָפֿן. אָבער זי האָט הענקען גאָר־נישט נישט געענטפֿערט און איז אַוועק צום עס־צימער. זי האָט נאָך נישט באַוויזן פֿאַרזוכן דעם אַרבעסענעם זופּ, וואָס מע האָט איר דערלאַנגט, ווי דער נאַכט־סקאָטניק האָט זיך באַוויזן אין דער אָפֿענער טיר און זי אַ רוף געטאָן אין קו־שטאַל. נישט צו דער צײַט, אין מיטן דערינען האָט זיך „האָגאָר" אַוועקגעלייגט פּראַווען קימפּעט. חנה האָט פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, געריבן דער בהמהס זײַטן. ביז חנה האָט דערזען דאָס מאָרדעלע, אַ שפּיץ צינגל, דערנאָך דאָס קעפּעלע מיט צוויי געלע טלאָעלעך פֿון ביידע זײַטן קעפּל, האָט איר אַ שווייס באַשלאָגן. פּלוצעם האָט זיך די בהמה אַ שטעל געטאָן אויפֿן שטרוי וואָס דער נאַכט־סקאָטניק האָט אונטערגעבעט, און אויף אָט דעם שטרוי איז מיט אַ פּאַטשנדיקן כליופּ אַוועקגעפֿאַלן דאָס קעלבל. ביז חנה האָט עס אויסגעווישט מיט אַ זאַק, ביז זי האָט עס אַוועק־געטראָגן אין קעלבער־שטאַל, איז שוין געווען גאַנץ שפּעטלעך. פֿון דעסט וועגן, איז זי ווידער אַוועק צום עס־צימער אָבער זי האָט נישט באַוויזן אַרײַנגיין אַהין, ווײַל זי האָט דערהערט אַ שטילן, זייער ווייכן „גוט אָוונט, חנה".

— איר האָט אויף מיר קיין פֿאַריבל נישט וואָס איך האָב פֿאַרשפּע־טיקט?

— דעם אמת געזאָגט, האָט עס מיך פֿאַרדראָסן, אָבער איצט איז אַלץ אַוועק, — האָט דער קינסטלער געזאָגט.

ווידער האָט חנה דערזען זײַן מילדן שמייכל, וואָס האָט אויפֿגעשײַנט אויף זײַן לענגלעך פּנים און אין זײַנע טיפֿע שוואַרצע אויגן.

— וווהין וועט איר מיך הײַנט פֿירן? — האָט ער געפֿרעגט און אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף איר אַקסל.

— איך וועל אײַך פֿירן צו אַ שיינעם קאַנט, אויב איר האָט ליב און איר וועט נישט מיד ווערן צו גיין צופֿוס.

זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך דורך דער שטילקייט פֿון סטעפּ. קיין פּיצל אָטעם פֿון אַ ווינט האָט זיך נישט צוגערירט צו זייערע פּנימער, אַפֿילו די שטערן אין הימל האָבן זיך נישט דורכגעווונקען. דער מולד האָט זיך

צוגעשפּיליעט אַ גרינלעכן שטערן ביים שאַרף־אויסגעשניטענעם האָלדז. עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט אויף דער גאַנצער רחבות אַ בלייך גרינלעכע שיין, אַלע פּרטים אויף דער ערד זענען געווען ווי פֿאַרהילט אין אַ גרינ־לעכן שלייער. און דאָס אָרט וווּ דער הימל איז צוגעגאַרטלט צו דער ערד, איז געווען אַזוי נאָענט, אַז עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, ווען מען זאָל גיין אַזוי גלייך און גלייך, וואָלט זיך דער שיינענדיקער גורט איבערגעריסן און מע וואָלט דערזען ווי דער ראַנד פֿון דער ערד ענדיקט זיך.

— אייך געפֿעלט דאָ ? — האָט חנה געפֿרעגט.

— איר געפֿעלט מיר.

ווידער האָבן זיי געשוויגן.

— וווּ איז דער שיינער קאַנט, וואָס איר האָט צוגעזאָגט ?

— צום באַדויערן קאָן איך אייך נישט ווייזן דעם קאַנט, פֿון וואַנען איך בין געקומען. און וואָס עס איז פֿאַר אַ קאַנט וועל איך אייך דערציילן ווען די צייט וועט קומען. אָבער דאָס אָרט וווּ איך וועל אייך פֿירן איז שוין נישט ווייט, האָט חנה שטיל געענטפֿערט, און ס'האָט איר אַרומגע־נומען אַן אומרו, אַפֿילו אַ פֿאַרלוירנקייט, עפּעס אַזוינס, וואָס זי האָט זעלטן געפֿילט. זי האָט אים אַראָפּגעפֿירט אין יענער באַלקע, וווּ זי איז נישט איין מאָל געקומען צו רייטן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן ווייכן קילן גראָז, און חנה האָט צוגעדעקט אירע באָרוועסע פֿיס מיטן פּאָדאָלעק פֿון איר שוואַרצן סאַטינענעם סאַראַפֿאַן. זי האָט פֿאַרנומען זיין אָפּט אָטע־מען בעת ער האָט זיך צוגעצויגן צו איר. עס איז איר באַפֿאַלן אַ שרעק און אַ שוואַכקייט. זי האָט זיך פֿון אים אָפּגערוקט. ער האָט מיט כּוח זי אַרומגענומען מיט ביידע הענט און זי באַהאַגלט מיט מילדקייט פֿון זיינע וואַרעמע ליפּן... זי האָט דערפֿילט, ווי דאָס האַרץ אירס לעשט זיך און צינדט זיך ווידער אָן העל, און זי האָט זיך אין יענער באַשערטער נאַכט מער נישט געוועהרט...

דאָס האַרץ האָט אַזוי געפּויקט אין איר, אַז עס האָט פֿאַרטויבט זיין פֿראַגע :

— איר טרויט מיר ? איר זייט זיכער אין מיר ? — האָט ער געפֿליס־טערט.

— וואָס ? יאָ, מיטן גאַנצן האַרצן.

— רעכט אַזוי. איך וועל זיך מיט אייך קיין מאָל נישט שיידן. איר

ווילט דאָ זיצן, אָדער איר ווילט אַ ביסעלע זיך דורכגיין? — האָט ער געפֿרעגט.

— איך ווייס נאָר, אַז איך וויל נישט אַוועקגיין פֿון אײַך, — האָט חנה געזאָגט.

עס האָט שוין באַגינט ווען זיי זענען אַרײַן אין קאָמונע־הויף.

— הײַנט אין אָוונט וועל איך אויף אײַך וואַרטן, חנהלע, און איר זאָלט וויסן, אַז דאָס וואַרטן וועט מיר זײַן נישט גרינג — האָט ער געזאָגט.

— מיר אויך אַזוי, — איז זי זיך מודה געווען, און זי איז פֿאַרשוווּנדן אין דער טיר פֿון דער שטוב, וווּ דער צימער, אין וועלכן זי האָט געוווינט מיט אירע שכנות, האָט זיך געפֿונען.

— כאַנקע, וווּ ביסטו געווען אַ גאַנצע לאַנגע נאַכט? — האָט יוכבד פֿאַרשלאָפֿן געפֿרעגט.

„פֿאַר ווּעמען די נאַכט איז לאַנג אָן אַ סוף, פֿאַר וועמען קורץ, וואָס קירצער קאָן נישט זײַן!" — האָט חנה געטראַכט און אין אָנטאָן זיך אַ וואַרף געטאָן אויפֿן בעטל, אָבער זי האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט ביז צום סאַמע אין דערפֿרייִקן געמעלק.

גאָכן געמעלק איז חנה אַוועקגעריטן קיין סאָקי. זי איז שוין לאַנג נישט געווען אינעם קוראַרט פֿון בלאָטע־היילונג, וווּהין זי האָט דאָס דריטע יאָר כּסדר אָפּגעשיקט די גאַנצע מילך.

ברוך האָט נישט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, וואָס מיט זײַן רײַטערין טוט זיך. זי האָט אים קיין איין מאָל נישט קיין גלעט געטאָן, אירע פּיאַטעס האָבן זיך נישט צוגערירט צו זײַן בויך און זי האָט קיין איין גוט וואָרט צו אים נישט געזאָגט. האָט ער זיך געפּרוּווט אַ הייב טאָן אויף די הינטער־שטעל פֿיס, דערגאָך זיך אַ דריי געטאָן אויף איין אָרט און פּלוצעם געלאָזט זיך גאַלאָפּ. חנה האָט זיך אָנגעבויגן ביז זײַן האַלדז. ער האָט דערפֿילט, ווי איר האַנט האָט אים אַ פֿעסטן פּאַטש געטאָן איבערן קאַרק. זי האָט צו אים געזאָגט: „ברוך, מאַך נישט קיין לײַטיש געלעכטער!"

אַרײַנגעריטן אין הויף פֿון קוראַרט, האָט זי אַרויפֿגעוואָרפֿן דאָס צײַמל אויף אַ סטויפּיק פֿון נידעריקן פּאַרקן, אַרויסגעשפּרונגען פֿון זאָטל און איז אַוועק אין קאַנטאָר. מע האָט אַרויסגערופֿן דעם פֿאַרוואַלטער פֿון קוראַרט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטשן. ער האָט צוגערוקט חנהן אַ שטול. זי האָט

זיך אָוועקגעזעצט, און זיי האָבן גענומען שמועסן, ווי תּמיד, ווען זי פֿלעגט אַהער קומען. זיך דורכגעשמועסט, האָט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש געזאָגט:

— חנה דאַווידאָוונאַ, איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז די קראַנקע זענען זייער צופֿרידן, זיי לויבן די מילעך פֿון קאָמונע. וויפֿל מאָל האָב איך אײַך געבעטן איר זאָלט בלײַבן בײַ אונדז אויף מיטאָג. און אַלע מאָל זאָגט איר, אַז איר אײַלט זיך.

— צום באַדויערן, האָב איך איצט אויך קיין צײַט נישט, פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש. מיטאָג ווי מיטאָג, אָבער איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט מיר טאָן אַ גרויסע טובה. ווען נישט דאָס, וואָלט איך אפֿשר הײַנט נישט געקומען צו אײַך.

— וואָס נאָר איך וועל קאָנען, חנה דאַווידאָוונאַ, וועל איך טאָן, — האָט ער זי איבערגעשלאָגן.

— איר ווייסט דאָך, אַז איך דאַרף גאָרנישט. נאָר די פּאָסטעכער און די סקאָטניקעס פֿון שטאָל־בריגאַדע האָבן קיין שוכוואַרג נישט. דער זומער גייט אַוועק, באַלד וועלן זיך אָנהייבן די רעגנס. מיט איין וואָרט, איך דאַרף האָבן אַ צען פּאָר שטיוול, שיך, אָדער כאָטש לאַפּטיעס.

— דאָס איז נישט קיין גרינגע זאַך, אָבער איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל, אַז עס זענען נישטאָ אַזוינע פֿעסטונגען, וואָס באָלשעוויקעס זאָלן נישט אײַננעמען. מיר פּרעמירן אַלע יאָר די קאָמונאַרן פֿון שטאָל־בריגאַדע און אײַך אויך, וועל איך שוין זען, אַז די פּרעמיע זאָל האָיאָר זײַן אַזאַ ווי איר בעט. בלײַבט איר צו מיטאָג?

— ניין, אַ גרויסן דאַנק אײַך, די קי בענקען נאָך מיר, — האָט חנה זיך געוויצלט און זיך אויפֿגעהויבן פֿון שטול. ווען זי איז שוין געשטאַנען לעבן ברוכן און האָט פֿאַרהויבן אַ פֿוס צו דער סטרעמענע, האָט זי דערזען, ווי פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש גייט האַסטיק צו איר מיט אַ ווייסער טאָרבעטשקע אין דער האַנט. ער איז צוגעגאַנגען, אויסגעצויגן די האַנט מיט דער טאָרבעטשקע צו חנהן און נישט געזאָגט, נאָר געבעטן:

— חנה דאַווידאָוונאַ, דאָס איז אַ ביסל צוקער פֿאַר אײַער קינדער־היים. נעמט, נעמט, דאָס איז דאָך נישט פֿאַר אײַך. וואָס זענט איר אַזוי רויט געוואָרן? — ער האָט פֿון ערגעץ פֿון אונטערן קראַגן אָפּגעשפּיליעט אַ זיכער־נאָדל, זי דערלאַנגט חנהן מיט דער טאָרבעטשקע אין איינעם און איז אַוועק.

זיצנדיק אין זאָטל, האָט חנה מיט דער זיכער־נאָדל, וואָס פֿיאָדאָר

פֿעטראָוויטש האָט איר געגעבן, צוגעשפּיליעט דאָס זעקעלע מיטן צוקער צווישן די קנעפּלעך פֿון דער קאָסאָוואָראָדקע. כאָטש ס'האָט זיך איר זייער געוואָלט געבן אַ ציגעלע צוקער ברוכן האָט זי עס נישט געטאָן. זי איז האַסטיק אַרויסגעריטן פֿון סאַקי, אירע ברוינע פּיס זענען כמעט געשטאַנען אין די סטרעמענעס. פֿון זינען איז איר נישט אַרויס דער נעכ־טיקער אָוונט... „איך ווייס דאָך אַפּילו נישט, וואָס פֿאַר אַ מענטש דאָס איז, — האָט זי געטראַכט, — צעגאַנגען געוואָרן, ווי שניי פֿון דער זון". דערהערט אַ סקריפּען פֿון רעדער, האָט זי זיך אַ קערעווע געטאָן אויפֿן זאָטל און דערזען דעם פֿאָרזיצער. ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס צווייִרע־דערדיקע וועגעלע, אָנגעקוקט חנהן, און כאָטש זי איז מיטן פֿערד שטיין געבליבן זייער נאָענט פֿון דער בעדאַרקע, האָט ער צו איר אַ געשריי געטאָן:

— פֿון וואַנען?

— פֿון סאַקער קוראָרט, ר' פֿאָרזיצנדער.

— וואָס הערט מען גוטס?

— נישט צו פֿאַרזינדיקן, פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש האָט צוגעזאָגט שטיוול אָדער לאַפּטיעס פֿאַר די שטאַל־אַרבעטער צו די נאָיאַבער־טעג.

אויב לאַפּטיעס, איז דאָס אַ מוראדיקע טובה! — האָט דער פֿאָרזי־צער צעשטרײַט געזאָגט צו חנהן, און אין דער זעלבער צײַט האָט ער זייער אויפֿמערקזאַם געקוקט אויף חנהס פּיס אין די קורצע סאָטינענע שוואַרצע שאַראָוואַרן. געקוקט, געקוקט און אומדערוואַרט פֿאַר חנהן אַ זאָג געטאָן: — ס'וואָלט געווען אַ זינד, ווען דײַנע שאַראָוואַרעלעך וואָלטן געווען לענגער.

— וואָס, וואָס פֿאַר אַ זינד? — האָט חנה נישט פֿאַרשטאַנען.

— איך זאָג, ס'וואָלט געווען אַ זינד, ווען דײַנע שאַראָוואַרעלעך וואָלטן געווען לענגער.

— אָ־אָ־אָ! — האָט חנה אַ צי געטאָן, — ווי קומען זיי אַהער? מיר האָבן דאָך גערעדט וועגן פּרעמיעס פֿאַר די שטאַל־אַרבעטער. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז עס נישט מײַן עסק, וואָס די פּליודערן געפֿעלן דיר! — האָט זי באַמערקט, אַ צי געטאָן דאָס צײַמל, און ברוך איז אַוועק מיט איר ווי אַ ווינט.

האָרעוואַניע און האָרעוואַניע. נאָכן אָוונטיקן געמעלק איז חנה אַוועק

אין קינדערהיים, און ווידער האָט זי דערציילט מעשׂהלעך, געזונגען און געטאַנצט מיט די פּיצלעך. די קינדער האָבן שיער נישט געוויינט, ווען זי איז אַוועק עסן וועטשערע.

אויף וועטשערע איז ווידער געווען אַ גערשטן־קאָרענע פּאַרמישקע... זי האָט זי גיך אַרײַנגעזופּט און איז אַוועק צום באַשטימטן אָרט. ער איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק לעבן ברונעם. זי האָט דערפּילט, ווי דאָס האַרץ אירס האַמערט איר אין די שלייפן.

חנה איז ממש אַרײַנגעפאַלן אין זײַנע פונאַנדערגעשפּרייטע אָרעמס. דאָס ברונעם־מויערל האָט אויף זיי געוואָרפן אַ שאָטן, דעריבער האָט זי נישט געזען זײַנע אויגן, אָבער זײַן טיפהאַרציקע שטימע האָט זי גוט געהערט.

— איר טרויט מיר הײַנט ווי נעכטן? איך האָב זיך געשראָקן, צי זענט איר נישט בייז אויף מיר?

— ווי איז אײַך דאָס געקומען אויפן זינען? איר האָט פאַרגעסן, וואָס איך האָב אײַך נעכטן געזאָגט? איך האָב דאָך געזאָגט, אַז איך טרוי אײַך. און אויב שוין יאָ זײַן בייז, דאַרף איך זײַן בייז אויף זיך. צי דען מיינט איר, אַז דאָס, וואָס האָט נעכטן געטראָפן, טרעפט מיט מיר אָפט?! צי דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז איך האָב אײַך ליב? איצט זעט איר, אַז איך האָב נישט געוואָרט ביז איר זאָלט מיר זאָגן וואָס איך האָב אַזוי געוואָלט הערן פון אײַך.

ער האָט זי אַזוי שטײַף צוגעדריקט צו זיך, אַז דער אָטעם האָט איר פאַרכאַפּט. אין אַ רגע אַרום האָט ער זי אָפּגעלאָזט, און זיי זענען אַוועק אין סטעפּ אַריין. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך. זיי האָבן קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ווײַלעווײַז האָט חנה געהאַט אַ געפיל, אַז חוץ זיי ביידן איז אויף דער וועלט קיינער נישטאָ. פּלוצעם האָט זי שטיל געפרעגט:

— ווי רופט מען אײַך?

— נחמיה איז מײַן נאָמען.

— נחמיה איז טרייסטונג, — האָט חנה פאַרטײַטשט און ווײַטער געפרעגט:

— פון וואַנען זענט איר?

— איך בין פון ווײַסרוסלאַנד. איצט ווייסט איר שוין וועגן מיר מערער, ווי איך וועגן אײַך.

— מיר ווייסן שוין איינער וועגן אַנדערן נישט ווינציק, און פֿון דעסט וועגן האָב איך צו אײַך אַן אַ שיִער פֿראַגעס:

— בעסער דערציילט איר. איר האָט אַזוי שיין אויסגעמאָלט די פֿערד. איך האָב געהערט און אַלץ געזען, ווי מיט מײַנע אויגן.

— איך בין פֿון ליטע, אַ מאַמע האָב איך געהאַט, קיין טאַטן נישט. איין מאָל האָט די באָבע געזען, ווי דער שטיפֿטאַטע שלאָגט מיך, האָט זי מיך אַרויסגעריסן פֿון זײַנע הענט, און פֿון דעמלט בין איך געווען בײַ דער באָבען מיטן זיידן.

— כאָטש איר האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגן דעם, צי איז אײַך גוט געווען בײַ זיי, פֿיל איך, אַז איר האָט זיי זייער ליב.

— ליב? איך האָב זיי האָלט, ווי מײַן לעבן.

— וואָס איז דאָס האָלט?

— האָלט איז מער, ווי ליב! איר וועט זיך אין קאָמונע אויסלערנען רעדן ייִדיש.

— איך רעד שוין נישט שלעכט, וואָרעם, אַז איך הער, ווי איר רעדט דערמאָן איך זיך, ווי מײַנע שטוביקע האָבן גערעדט, און ווערטער, וועלכע איך האָב יאָרנלאַנג נישט געהערט, פֿליִען צו מיר פֿון אַלע זײַטן. אָבער דערציילט מיר בעסער וועגן זיך, וועגן אײַער קינדערקייט?

— נישט קינדערקייט, קינדהייט דאַרף מען זאָגן. אָבער דאָס איז אַ לאַנגע מעשׂה. בעסער וועל איך אײַך דערציילן, וואָס פֿאַר אַ בריוו מײַן באָבע, ע״ה, פֿלעגט מיר שרײַבן. אַליין האָט זי, פֿאַרשטייט זיך, שרײַבן נישט געקאָנט, אָבער פֿון די בריוו האָב איך געפֿילט, אַז געשריבן זענען זיי אַקוראַט, ווי זי האָט דיקטירט. אין אַלע בריוו האָט זי בײַ מיר געוואָלט דערגיין אַ טאָלק, וויפֿל איך פֿאַרדין, צי האָב איך אַן אייגענע שטוב פֿון געהילץ, צו אפֿשר האָב איך גאָר אַ מויער פֿון ציגל? אין לעצטן בריוו האָט זי געפֿרעגט: „זאָג מיר, מײַן קינד, מײַן אויג אין קאָפּ, ווער זענען דײַנע שותּפֿים? דו שרײַבסט, אַז דו האַלטסט בײַ די דרײַ הונדערט בהמות, בײַ די צוויי טויזנט שעפּסן, קיין עין הרע! בעט איך דיך דו זאָלסט אַכטונג געבן אויף די חשבונות, דו ווייסט דאָך, אַז דער זיידע איז אַ גרויסער למדן. דו געדענקסט, ווי ער האָט מיט דיר געלערנט חומש, נ״ך און וואָס נישט! ער האָט כּסדר געזאָגט, אַז ווען עס פֿעלט דיר נישט איין קלייניקייט, וואָלסטו געוויס געווען אַ ייִנגל, וואָרעם אַזאַ אָפּענער מוח טרעפֿט בײַ איינעם פֿון הונדערט ייִנגלעך! טענהט ער איצט צו מיר, איך

זאָל דיר שרײַבן, זאָלסט אַכטונג געבן אויף די חשבונות, און דו זאָלסט זיך, חס ושלום, אויף דײַנע שותּפים נישט פֿאַרלאָזן".

אַז איך האָב איבערגעלייענט וועגן די „שותּפים", האָב איך געפּלאַצט פֿון געלעכטער. אָבער פֿון באַך אַ בריוו איז מיר שוין אַלץ קלאָר געוואָרן, ווײַל דאָרטן איז געשטאַנען: „בעת דו ביסט פֿון אונדז אַנטלאָפֿן, זענען מיר אַרומגעגאַנגען, ווי צעדולטע. דער זיידע איז געוועזן אויס מענטש! דערנאָך האָבן מיר פֿון דיר געקומען קריגן בריוו, אַז דו ביסט מיט נאָך חברים אין קרים און אַז איר האָט אַזוי פֿיל בהמות און שעפּסן, קיין עין הרע, דעמלט האָט דער זיידע גלײַך דיר אָוועקגעשיקט אַ בריוו, דו זאָלסט זיך אויף דײַן זכרון נישט פֿאַרלאָזן, דו זאָלסט אַליין אַלץ פֿאַרשרײַבן ביז אַ האָר. איצט בעט איך דיך, שרײַב אונדז, ווו דו מיט דײַנע שותּפים זעצן אָפּ דאָס מילכיקס, די וואָל פֿון די שעפּסן און דאָס שעפּסענע פֿלייש. ווײַטער האָב רחמנות און שרײַב אָפּטער, וואָרעם ביז מיר דערוואַרטן זיך אויף אַ בריוו פֿון דיר, קריכן אונדז אַרויס די אויגן פֿון קאָפּ. מיר האָבן דיך גרײַלעך האָלט, זײַ געזונט, גריס דײַנע שותּפים, ווי עס ווינטשן דיר דײַנע באָבע־זיידע".

— פּרעלעסט! — האָט נחמיה אויסגערופֿן און האָט זיך צעלאַכט.

— וואָס עפּעס אַ „פּרעלעסט", זאָגט בעסער „אַ פּראַכט" אָדער „וווּנדערלעך". אָבער לאָמיר גיין אַ ביסל גיכער, עס איז מיר קאַלט, — האָט חנה געזאָגט.

— אויב אַזוי, וועלן מיר גיין צוריק. חוץ דעם, וואָס אײַך איז קאַלט, דאַרפֿט איר אַ שלאָף טאָן, עס איז שוין גוט נאָך האַלבער נאַכט, — האָט ער פֿאַרגעלייגט.

חנהן האָט אַזש גענומען בײַם האַרצן פֿון דעם, וואָס ער האָט עס מיט אַזאַ זאָרג אַרויסגערעדט, זי האָט אַרויסגעכאַפּט איר האַנט פֿון זײַנער, איז צוגעפֿאַלן מיט אירע ליפּן צו זײַן שטערן, צו זײַנע באַקן. ווען ער קלאָ־מערט נישט אַרײַן איר קאָפּ אין זײַנע הענט, וואָלטן אירע ליפּן נאָך אַ ביסעלע געבלאָנדזשעט, ביז זיי וואָלטן זיך געטראָפֿן מיט זײַנע.

זיי זענען אַ ווײַלעטשקע געשטאַנען וואַקלענדיק זיך און אַוועק צו דער קאָמונע. לעבן דער שטוב, ווו חנה האָט געוווינט מיט אירע שכנים, האָט זי זיך צוגעבויגן און געזאָגט:

— עס איז נישט אַזוי געפֿערלעך, ווי אומדערוואַרט. אָבער גוט, וואָס בעסער דאַרף איך נישט. אַ גוטע נאַכט. — און איז פֿאַרשווּנדן.

„דוכט זיך, גאָר נישט לאַנג, ווי זיי זענען באַקענט, זיי האָבן אַזוי קנאַפּ און פֿון דעסטוועגן געגונג גערעדט. גענוג, אַז ער זאָל פֿאַרשטיין און אָפּשאַצן, וואָס ער האָט אַזוי אומגעריכט געפֿונען" — אַזוי האָט נחמיה געטראַכט, קוקנדיק, ווי זי גייט אַוועק פֿון אים. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נישט אָפּגערעדט מיט איר, ווו זיי זאָלן זיך מאָרגן באַגעגענען, און האָט ווייטיקלעך אַ טראַכט געטאָן: „אפֿשר וועט זי מאָרגן מיך נישט וועלן זען?" מיט אַ שווער געמיט איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין אַלטן הויז, ווו ער האָט זיך געפֿונען מיט די איבעריקע קינסטלער.

ער וואָלט געוויס גיכער אײַנגעשלאָפֿן און זיך העכער געשאַצט, ווען ער ווייסט, וואָס זי טראַכט, אָבער... ווי האָט ער עס געקאָנט וויסן?

חנה איז אין אָנטאָן געלעגן אויף איר געלעגער און האָט פֿון פֿרייד נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. עס האָט קוים אַ שפּראָץ געטאָן אויף טאָג, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פֿון געלעגער און אַוועק צו דער קו־שטאָל.

דער הויף איז געווען פּוסט. די עטלעכע שטיבער, די קוזניע, די סילאָס־טורעמס, דער אײַנציקער בוים בײַם קינדערהיים, דער הימל און די ערד זענען געווען אײַנגעהילט אין אַ גרינגן נעפּל. אַלץ איז נאָך געשלאָפֿן אין לעצטן זיס־באַגינענדיקן שלאָף. חנה איז אַרײַנגעגאַנגען אין קו־שטאָל און האָט דערזען, ווי אין סאַמע עק שטאָל שטייט ישׂראל פֿון טולטשין. ער איז געשטאַנען אָנגעלענט צו דער וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט די בוהײַעס פֿון די קי, און חנה האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער שלאָפֿט. זי איז אַוועק הינטער די קאַרעטעס, ווו עס איז געלעגן טרוקענע האָבערנע שטרוי, זיך אײַנגעגנורעט אין דעם שטרוי, און אַ זיסע מידקייט האָט דורכגענומען אַלע אירע גלידער. אײַנשלאָפֿנדיק, האָט זי אַ טראַכט געטאָן: „אַזאַ מין טרייסט, אַזאַ טײַערקייט, ווי אומגעריכט דאָס איז. פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ גליק צו מיר?"

חנה איז געשלאָפֿן סך־הכּל אַ קאַרגע שעה, זי האָט דערהערט, ווי די בידאָנעס מיט די בלעכענע עמערס קלימפּערן, האָט זי זיך אַ הייב געטאָן און זיך פֿאַרוווּנדערט, ווײַל זי האָט דערפֿילט אַזאַ פֿרישע קרעפֿטיקייט, אַז זי האָט זיך צעזונגען. די קי האָבן אַ רגע אויפֿגעהערט מאָלעגיירעץ, אַזוי האַרציק האָט געקלונגען איר שטים: „אויפֿן בוידעם שלאָפֿט דער דאַ־אַ־אַך"...

— אַז מע שלאָפֿט אַליין נישט, שלאָפֿט דער דאַך, — האָט זיך גע־

ווערטלט טײַבעלע די באַברויסקער. זי האָט זיך אָװעקגעזעצט אויפֿן נידעריקן בענקעלע און געגומען וואַשן דער „יחסנטעס“ איַטער.

„מײַנע שכנים האָבן שוין צעפּויקט“, — האָט חנה אין זיך געשמייכלט, דערבײַ געמאָלקן אַזוי גיך, אַז די איבעריקע מעלקערינס זענען אין גיכן געבליבן הינטערשטעליק מיט דרײַ בהמות, און זיי האָבן מיט קנאה געקוקט, ווי חנה לויפֿט נאָכאַנאַנד מיטן עמער שוימיק־אויפֿגעשלאָגענער מילך צו די בידאָנעס.

— חנהטשקע, עס קלעמט דיר דאָס האַרץ, ווילסט גיכער אַרײַנגע־כאַפּן דעם געשמאַקן אָנבײַסן? — האָט טײַבעלע זיך געחכמהט.

— שרײַ נישט, די בהמות שרעקן זיך! אויב דיר איז פּוסטעוואַטע, נעם אַ זופּ מילך, הײַנט מעג מען!

— אַ נס, וואָס דער וואַלד איז ווײַט, קאָן איך נישט צולויפֿן אַ קוק טאָן, וויפֿל בערן עס האָבן געכאַפּט אַ פּגירה, — האָט איבערגעשלאָגן שיפֿרעלע און פֿאַר איינס אונטערגעשטעקט חנהן אַ שפּילקע, — טויבקע, מאַך אַ, ברכה, וואָס פֿון אונדזער בריגאַדיר האָט דער שלאָף זיך אָפּגע־טאָן, אָבער קיין מילך זאָלסטו נישט פֿאַרזוכן, זאָלסט וויסן זײַן, אַז עס וועט דיר אַרויס באָקאָם!

— פֿאַר וואָס באָקאָם? אויב עס איז אַזאַ מילך־מאַניפֿעסט, וועט זיך טרינקען אויסגעצייכנט! — האָט זיך געחכמהט רייזל פֿון אומאַן.

— טרינקט, חברטעס! האָט טײַבעלע איבערגעשלאָגן רייזלען מיט יענערס נוסח.

ווען חנה איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דער קו־שטאַל, האָבן זיך בײַ איר די קני אונטערגעבויגן פֿון פֿריידיקער איבערראַשונג, — נחמיה איז גע־שטאַנען לעבן שטאַל־טויער.

— גוט מאָרגן, מײַן „פּרעלעסט“. יאָ, יאָ, איך ווייס, אַז מע דאַרף זאָגן מײַן „פּראַכט“, — האָט נחמיה אויסגעשאָטן, זיך צוגעבויגן צו איר און איר אַ קוש געטאָן. חנה איז שטאַרק רויט געוואָרן.

— נחמיה, נחמיה! האָט זי שטיל איבערגעחזרט זײַן נאָמען, ווי זי וואָלט אים געוואָרנט פֿון אַ סכּנה.

— האָסט זיך דערשראָקן, ווילסט נישט, דײַנע קאָמונאַרן זאָלן זען? נאַרישקייטן, אַלע ווייסן שוין! מײַנע ווייסן שוין, אַז איך בין מיט דיר געגאַנגען שפּאַצירן, און איך האָב דאָס נישט אָפּגעלייקנט.

— איך בין זיך מודה, אַז איך שרעק זיך נישט און איך שעם זיך

נישט! אָבער איך קאָן זיך באַגיין, אַז בעת איך קוש עמעצן, אָדער בעת מע טוט עס מיר, זאָלן קיין איבעריקע אויגן נישט זען.

— גוט, ווו וועל איך דיך טרעפֿן אין אָוונט?

— איר ווייסט, ווו די קאַשאַרע איז?

— איך ווייס, איך האָב דאָרט געצייכנט, ווען די טשאַבאַנעס האָבן געמאָלקן די שאָף.

— איך וועל דאָרט אויף אײַך וואַרטן נאָך וועטשערע.

— חנהלע, זאָג מיר איין מאָל „דו" — גיי איך אַוועק, אַז נישט, גיב איך דיר עטלעכע קוש. זעסט, אָט טרײַבט מען דעם סקאָט, וועלן דײַנע פּאַסטעכער זען.

— „דו" וועל איך זאָגן, ווען עס וועט זיך זאָגן פֿון זיך אַליין. איך מוז לויפֿן. איך דאַרף אָפּשיקן די מילעך, — האָט חנה געזאָגט און זי איז אַוועק אַכטונג געבן, ווי די שטאַל־אַרבעטער שטעלן אַוועק די בידאָנעס אין מאַזשאַרע.

— נאָך אַ ביסל שטרוי, סראָלקע! אַז נישט וועסטו ברענגען קיין טאָקי נישט קיין מילך, נאָר פּוטער! — האָט חנה געוואָרנט, און זי איז אַוועק צו דער בעקערײַ.

זי האָט קוים באַוויזן אַריבערשפּאַנען די שוועל, האָט דער בעקער איציק פֿון אומאַן ערנסט און אָן אַ מינדסט שמייכעלע געפֿרעגט:

— געבן דיר אַ פֿריש שטיקל ברויט? טאָקע פֿאַר דיר און אַ נעכטיקן שטיקל פֿאַר דײַן סוס?

— פֿאַר וואָס זידלסטו ברוכן?

— ווער זאָגט עס, אַז סוס איז געזידלט?

— איך האָב קיין צײַט נישט, גיב שוין גיכער, — האָט חנה געבעטן. זי האָט ממש אַרויסגעכאַפּט פֿון איציקס הענט דאָס ברויט און איז אַוועק צו דער פֿערד־שטאַל. מיט דער לינקער האַנט האָט זי צום מויל צוגעטראָגן דאָס ברויט, מיט דער רעכטער אויפֿגעהויבן דעם זאָטל.

— לאָז, איך וועל אָנזאָטלען דײַן „מיוחס", — האָט שימקע פֿאַר־געלייגט און פֿאַר איינס אַרויסגעלייגט זײַן טרעפֿלעכע באַטראַכטונג:

— חנהטשע, דײַן מינע און דײַן פּאַכאַדקע איז נײַ־געניצעוועט. איך קוק אויף דיר און איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס מיט דיר האָט געטראָפֿן? דו האָסט איינס־און־צוויי פֿאַרגעסן, אַז מע האָט דיך אויסגעשלאָסן פֿון קאָמונע־ראָט!

— איך וועל דיר געבן אַ חברישע עצה, דערמאָן דאָס, וואָס איך וויל,
— האָט חנה געזאָגט און זיך אַריינגעכאַפּט אין זאַטל. ברוך האָט געפּרוווט אונטערטענצלען, אָבער זי האָט אָנגעצויגן די צוים. דאָס פּערד איז אַוועק רויִק און שפּאַרעוודיק. די בהמות האָבן גאַנץ געשמאַק זיך געפּיטערט כּאָטש דאָס זאַלץ איז שוין כּמעט נעלם געוואָרן און איז געבליבן בלויז ערטערווייַז, בייַ די סאַמע וואָרצלען פֿון די פּאַרוויאַנעטע גרעזער. טאַקע אַהין, וווּ דאָס זאַלץ איז נאָך געלעגן, האָבן די בהמות געשטרעקט די אויס־געבויגענע, האַרטבאַרשטיקע, גרייַפּלדיקע לעקערס און האָבן, ווי מיט טעמפּע סערפּן, אַרויסגעכאַפּט, געריבן און געמאָלן מיט די ציינער די פּעדעמדיקע פּאַשע.

ביז צום באַטאָגיקן געמעלק איז נאָך געווען אַ גוטע שעה. חנה האָט זיך דערמאָנט, אַז הייַנט האָט מען אָנגעהויבן פֿירן די קוקורוזע צו די סילאָס־טורעמס, און זי איז אַוועקגעריטן אַהינצו.

בייַ די קיילעכדיקע סילאָס־טורעמס זענען געשטאַנען עטלעכע מאַזשאַ־רעס מיט גרין־געבראָקטער קוקורוזע. פֿון אינעווייניק פֿון די טורעמס האָבן זיך געהערט שטימען און אַ ווייך טופּען, ווי מע וואָלט געטאַנצט אויף פּערענעס. אַ פֿריש־זויערלעכער ריח האָט זיך געשפּרייט אַרום און אַרום, ווי דאָ וואָלט אין אַ באַקדייזשע זיך געזויַערט און געיוירט אַ מוראַ־דיק־גרויִסע קאָרענע ראַשטשינע.

חנה איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון זאַטל, דאָס פּערד האָט זי צוגעבונדן צו אַ דראָבינע פֿון אַ מאַזשאַרע, און אַליין איז זי אַוועק צום צווייטן טורעם. זי איז שוין געווען אויף די ערשטע טרעפּ, בעת זי האָט דערהערט זייַן שטילע שטים:

— קאָנסט זיך נישט אַוועקדרייען פֿון מיר. קום אַהער, לאָז מיך אָנקוקן דייַן קליינעם שטערן, — האָט ער שטיל געבעטן אַזוי, אַז זי האָט עס גיכער פֿאַרשטאַנען לויט דעם, ווי ער האָט באַוועגט מיט זייַנע ליפּן, ווי לויט דעם, ווי ער האָט עס צו איר געזאָגט.

זי איז צוגעגאַנגען און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַהינטער זייַן פּלייצע. ער איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקעלע, אָנטקעגן אים אויף אַ קליינעם מאָלבערט איז געשטאַנען אַ דיקטן ברעטל מיט אַ צוגעקלעפּטן בויגן פּאַפּיר. זי האָט געזען אויפֿן פּאַפּיר די סילאָס־טורעמס נישט אַזוי, ווי זי פֿלעגט זיי תּמיד זען. אויפֿן פּאַפּיר זענען די טורעמס געווען געל און זיי זענען ווי אויפֿגעהויבן געוואָרן אין דער לופֿטן צום הויכן הימל. די מאַזשאַרעס

זענען געווען טונקל־גרין, און די פֿערד ראָזלעך, די ערד איז געווען ברוין, די מענטשן — ווער רויטלעך, ווער ליכטיק־גראָ, און אַלץ אין איינעם האָט אויפֿן בילד אויסגעזען דערהויבן און יומטובדיק.

— גיי צו נעענטער, וועסט מיר נישט שטערן. איך האָב שוין געענ־דיקט — האָט ער געזאָגט, און ער האָט שטילינקערהייט געפֿרעגט, בעת חנה איז נאָענט צוגעגאַנגען:

— עס געפֿעלט דיר?

חנה האָט געשוויגן און געקוקט. ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, האָט זי צו לאַנג געשוויגן.

— עס געפֿעלט דיר נישט? — האָט ער איבערגעחזרט אומגעדולדיק.

— וואָס פֿאַלט אײַך אײַן? עס געפֿעלט מיר זייער! גיט אַליין אַ קוק, די טורעמס זענען אַזוי גרינג, אַזוי לופֿטיק, אַז מיר דוכט זיך, איך וואָלט זיי אויפֿגעהויבן. איך האָב אַפֿילו קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז זיי קאָנען לײַכטן, ווי חנוכּה־לאָמטערנס, — האָט זי אויסגעדריקט איר מיינונג, און אַ זאַפֿטיקע רויטקייט האָט באַשלאָגן איר פּנים ביז צום שטערן.

— חנוכּה־לאָמטערנס?! דאָס האָב איך שוין לאַנג, לאַנג פֿאַרגעסן, איך האָב דאָך אַזוי ליב געהאַט חנוכּה. דו דערמאָנסט מיר אַלץ, אַ דאַנק דיר קומען צו מיר אַזוי פֿיל געוועזענע זאַכן, וואָס זענען געווען אַזוי באַליבט, וויכטיק... דו האָסט געשפּילט אין דריידלעך? מסתּמא נישט, מיידלעך שפּילן נישט אין קיין דריידלעך!

— פֿאַר וואָס עפּעס נישט? דער זיידע פֿלעגט אַלע יאָר אָפּגיסן פֿאַר מיר אַ צינענעם דריידל, צו פֿינעף יאָר האָט מיר דער זיידע געוויזן: די נון, גימל, הא, שין, און ער האָט מיר געזאָגט, וואָס דאָס באַטייט.

— איך האָב זיך שוין דערמאָנט, דאָס באַטייט: נס גדול היה שם, אמת?

— יאָ.

— איצט וועל איך דיך רופֿן „חנופּל‟. ווי דערלעב איך שוין דעם פֿאַרנאַכט?

ער האָט אַ פֿאַרכּישופֿטער געקוקט, ווי געשיקט זי האָט אַרײַנגעטאָן אירע באָרוועסע קליינע פֿיס אין די סטרעמענעס, ווי פֿלינק זי האָט זיך אַ הייב געטאָן און זיך אַרײַנגעפּאַסט אין זאָטל. דאָס פֿערד און זי האָבן זיך שוין פֿון דער ווײַטן געזען אויפֿן פֿרײַען סטעפּ, ווי אַ נקודה אויף אַ גרויסן ליידיקן בויגן פּאַפּיר, און נחמיה איז נאָך אַלץ געשטאַנען און

געקוקט, ביז דאָס נקודה־פינטעלע איז פֿאַרשוווּנדן. דערנאָך האָט ער צונויפֿגעלייגט זײַן געצײַג, אויסגעגאָסן דאָס וואַסער פֿון קאָנסערוון־פּושקעלע, און וועלכן ער האָט געשווענקט די פּענדזלעך פֿון דער אַקוואַרעל־פֿאַרב, און ער איז אַוועק צו דער שטוב, ווו ער האָט געוווינט מיט די איבעריקע קינסטלער.

נחמיה איז נאָר אַרײַנגעגאַנגען, האָט ער גלײַך דערפֿילט, אַז עס איז נישט כּשורה. דער קליינווּוּקסיקער מיט דער פּעך־שוואַרצער טשופּרינע האָט געשפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער, דער בלאָנדער איז געזעסן אויף דעם איינציקן טאַבורעט, זײַן קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט, גלײַך עס האָט אים געטראָפֿן אַן אומגעריכטע צרה. נחמיה האָט פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט איינעם און דעם אַנדערן.

— איר, ווי איר ווילט און ווי איר געפֿינט פֿאַר נייטיק. איך פֿאָר מאָרגן אַוועק! איך וויל נישט עסן מיט די הינער פֿון איין שיסעלע, איך האָב קיינעם נישט געגעבן קיין וואָרט, אַז די בלוטדאָרשטיקע וואַנצן זאָלן מיט מיר טאָן, וואָס זיי ווילן! — האָט כּמעט ווי געשריִען דער קליינ־ווּוּקסיקער.

— ערשטנס, שרײַ נישט אַזוי, צווייטנס, איז דאָ נישט באַקוועם. מיר זענען דאָך פֿאָרט אַ בריגאַדע. נעכטן איז אידע אַוועקגעפֿאָרן, איצט סטראַשעסטו די וואַנצן, — האָט נחמיה ערנסט און שטיל באַמערקט.

— איך פֿאָר אויך אַוועק, — האָט אָנגעזאָגט דער בלאָנדער. — און דו? — האָט ער זיך געווענדט צו נחמיהן.

— איך בלײַב. כ׳האָב געוווּסט, אַז קיין האָטעלן וואַרטן דאָ אויף מיר נישט.

— חוץ דעם, וואָס דו האָסט אַזוי גוט געזען, איז דאָ נאָך אַ וויכטיקע סיבה, וועלכע דו האָסט נישט פֿאָרויסגעזען... קיין פֿאַרבאָרגענע זאַכן זענען נישטאָ, נחמיהלע, — האָט דער בלאָנדער באַמערקט.

— קיין פֿאַרבאָרגענע זאַכן זענען טאַקע נישטאָ: איך וויל — זאָג איך, איך וויל — שווײַג איך. אויב דו ביסט מיר אַ פֿרײַנד, ווינטש מיר, אַז די וויכטיקע סיבה זאָל ווערן אַ שטענדיקע, אַפֿילו אַן אייביקע, — האָט נחמיה שטיל געזאָגט.

— האָב אויף מיר קיין פֿאַריבל נישט. הלוואי זאָל זײַן, ווי דו ווילסט, אָבער איצט ווײַז, וואָס דו האָסט געמאַכט.

— איך הענג נישט אויף קיין שלעסל אויף מײַן פּאַפּקע מיט די

עטיודן. אַז איך בין נישטאָ אין צימער, קוקסטו דאָך אַלע מאָל, וואָס דאָרטן ליגט, וואָס זשע בעטסטו איצטער בײַ מיר, אַז איך זאָל דיר ווײַזן? נעם און קוק.

דער בלאָנדער האָט אַרויסגענומען אַן עטיוד, אַ קוק געטאָן און גלײַך געגומען עצהן, ווי זײַן שטייגער איז געווען:

— האָסט געדאַרפֿט מאַכן די פֿערד און די וועגענער אַזוי לײַכט, ווי דעם הימל, וואָלט עס געווען מער פֿאַרגאַנצט.

— דו ביסט גערעכט. די פֿערד, די וועגענער, די ערד זענען אומגעד לומפערט שווער. פֿאַרשטייסט, איך וויל זיך אָפּשאָקלען פֿון געוויסע זאַכן. איך פֿאַרשטיי, פֿאַרוואָס דער הימל געפֿעלט דיר. ער געפֿעלט דיר, ווײַל ער איז ענלעך אויף דײַנע הימלען.

— גאָר אַזוי? פֿאַרוואָס האָסטו דאָס מיר קיין מאָל נישט געזאָגט אין מאָסקווע?

— דו ביסט אַ מאָדנער מענטש! אין מאָסקווע האָב איך געזען, ווי דו מאַכסט אילוסטראַציעס; דאָ האָב איך דערזען, ווי דו אַרבעטסט פֿון דער נאַטור, און איך האָב אַ געפֿיל, אַז איידער דו זעסט דעם הימל, די ערד, ווייסטו שוין, וואָס דו וועסט נעמען פֿון דער פּאַליטרע... איצט פֿאַר־שטייסטו מײַן מײַן?

— געוויס פֿאַרשטיי איך. יעדערער האָט זיך זײַן צוגאַנג. איך וויל דיר אָבער זאָגן וועגן דײַן פּלוצעמדיקער באַגעגעניש. דו ביסט מיר צו נאָענט, אַז איך זאָל דאָס פֿאַרשווײַגן. באַקלער זיך גוט. אירע קינדער וועלן דײַנע קינדער. נישט געטראַכט, נישט געדאַכט פֿאַר אַ טאָטן דיך געמאַכט... דאָס איז ערשטנס. צווייטנס איז זי גאָר פֿון אַן אַנדער סביבה. דאָס איז וויכטיקער, ווי עס קאָן זיך אויסווײַזן. דריטנס, מילא...

— וואָס דריטנס ווייס איך נישט, — האָט נחמיה איבערגעשלאָגן דעם בלאָנדן, — אָבער זאָג מיר בעסער: דו ביסט זיכער, אַז דו ביסט ביז איצט קיין טאַטע נישט געווען?

— וואָס רעדסטו, נחמיה?

— איך זע, אַז דו האָסט זיך איבערגעשראָקן, וועל איך בעסער רעדן וועגן זיך. איך ווייס טאַקע יאָ, אַז איך וואָלט געקאָנט זײַן אַ טאַטע. דו געדענקסט דאָך, אַז איך האָב געהאַט אַ סטודענטקע פֿון סקולפּטור־פֿאַ־קולטעט. מיר זענען, פֿאַרשטייט זיך, געווען ווי מאַן און ווײַב. אין איינעם אַן אָוונט האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי טראָגט. איך בין געווען געפּלעפֿט.

כ׳האָב געקראָגן געלט, און זי איז פּטור געוואָרן דערפֿון. ווײַטער וועגן דער סביבה. איך פֿאַרשטיי, דו ווילסט זאָגן, אַז זי איז נישט פֿון קיין שעפֿערישער סביבה.

— יאָ, יאָ, דאָס מײַן איך טאַקע.

— שלאָג מיך נישט איבער, זאָג מיר אַזאַ זאַך: דו מיינסט, אַז אַלע דײַנע באַקאַנטע קינסטלער און קינסטלערינס זענען שעפֿערישע מענטשן?

— ס׳הייבט זיך גאָרנישט אָן.

— איך ווינטש מײַנע באַקאַנטע קינסטלערינס, זיי זאָלן זײַן אַזוי אוממיטלבאַר, אָריגינעל, אויפֿריכטיק, ווי חנה. איך וואַג שוין צו זאָגן: ווי מײַן חנה, — האָט נחמיה אויסגעפּרעפּלט.

— איך זע, אַז דו ביסט פֿאַרטיק. איך וואָרן דיך: באַטראַכט זיך גוט, איידער דו נעמסט זי!

— איך האָב געמיינט, אַז דער שמועס איז געענדיקט, אָבער איך האָב נישט געוווּסט, אַז דו ביסט אַזאַ שטאַרקער נעמער. פֿון וואַנען קומט עס די זיכערקייט, אַז נאָר מיר נעמען? עס פֿאַלט דיר נישט אײַן, אַז מע נעמט אונדז פּונקט אויף אַזוי פֿיל? דער שוואַכער מילדער פּרעכטיקער געשלעכט איז נישט קיין ערגערער נעמער פֿון אונדז. טו אַ טראַכט וועגן דערויף. איך בין דיר דאַנקבאַר פֿאַר דײַנע וואָרענונגען. איך פֿאָר דערווײַל נאָך נישט אַוועק, — האָט נחמיה געזאָגט און זיך גענומען צו זײַן מאָלערײַ־געצײַג.

ביז פֿאַר נאַכט האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין סטעפּ, נאָר נישט געטראָפֿן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיך אים ווערלן מאָלן. ער איז אַוועק אַהיים מיט אַ שווער געמיט. יענעם אָוונט האָט ער זיך מיט חנהן נישט געטראָפֿן.

אויף מאָרגן זענען די קינסטלער אַוועקגעפֿאָרן קיין יעווּפּאַטאָריע. אין אָוונט האָט נחמיה אָפּגעוואַרט חנהן בײַ דער קו־שטאַל, און ער האָט איר גלײַך אָנגעזאָגט:

— איך בין אַליין אין צימער, דער הימל איז פֿאַרוואָלקנט, קום צו מיר.

— דאָס איז אַ גוטע בשׂורה, אָבער בעסער אַ פֿאַרוואָלקנטער הימל, ווי אַ ליכטיקע סטעליע. קומט, לאָמיר גיין אין סטעפּ.

היפּשע עטלעכע שעה זענען זיי אַרומגעגאַנגען, מער געשוויגן, ווי גערעדט. פֿאַרשטייט זיך, אַז חנה האָט געפֿילט, אַז נחמיהן איז שווער אויפֿן האַרצן. געפֿרעגט האָט זי אָבער גאָרנישט ניט. פּלוצעם איז ער שטיין

געבליבן, האָט זי אָנגענומען בײַ די הענט, צוגעצויגן צו זיך אַזוי ראַפּטאָם, אַז זי איז שיִער נישט אַוועקגעפֿאַלן. „אוי", האָט זי ווי אַ קרעכץ געטאָן, און דערפֿילט, ווי זײַנע ליפּן לויפֿן איבער אירע באַקן, איבער אירע אויגן, בײַ די שלייפֿן, אויף אירע האָר. זי האָט אים צוגעטראָגן אירע ליפּן, אַרויסגעפּליסטערט...

— האָב רחמנות.

— רחמנות? דו זאָג בעסער, פֿון וואָס פֿאַר אַ סביבה ביסטו, וואָס איז דײַן יחוס, דו, מילך־באַרישניע?

— וואָס יחוס, ווער סביבה, וואָס רעדסטו? — האָט זיך חנה דאָס מאָל געווענדט צו אים אויף דו.

ער האָט זיך צעלאַכט און קוים אַרויסגערעדט:

— האַ־האַ! סבי־בה, שע־פֿע־רר, מע קאָן שטאַרבן!

— וואָס רעדסטו, איך פֿאַרשטיי אַ האָר נישט, — האָט זי געזאָגט.

ערשט אין קאָמונע־הויף האָט ער כּמעט אויסגעשריִען:

— סביבה אַהין, סביבה אַהער, קוק נישט אַזוי אויף מיר. אַז מע איז פֿאַרליבט, אָדער ווי דו זאָגסט, אַז מע איז פֿאַרהאַלטעוועט, איז אַלץ רעכט.

זי האָט טאַקע אויף אים געקוקט ערנסט און שטרענג, ווײַל דער הימל איז געווען פֿאַרוואָלקנט, נישט אויסגעשטערנט, איז דאָס פּנים זײַנס געווען נישט בולט, נאָר זײַנע שוואַרצע אויגן האָבן געשפּריצט, ווי מיט היימלעכע פֿײַערלעך. דער באַגינען האָט אָפּגעבערשטלט די וואָלקנס פֿון הימל, און חנה האָט געקוקט אויף אים מיט אַזוי פֿיל געטרײַקייט און גינציקייט.

— ביז מאָרגן, טײַער קינד מײַנס, — האָט נחמיה געזאָגט.

— ביז הײַנט פֿאַר נאַכט, איינציקער נחת מײַנער, לעבן מײַנס, — האָט חנה אים אַרײַנגעאָטעמט גלײַך אין אויער אַרײַן און איז אַוועקגעלאָפֿן צו דער קו־שטאַל.

די קומענדיקע טעג איז נחמיה געווען אומגעריכט דערפֿרייט, וואָס די אַרבעט איז בײַ אים אַוועק. צוויי עטיודן אַ טאָג האָט ער געמאַכט. עס זענען געווען אַזוינע טעג, ווען בײדע עטיודן זענען אים געפֿעלן. אין איינעם אָן אָוונט האָט ער געזאָגט צו חנהן:

— אויב עס וועט אַזוי גיין ווײַטער, וועט זײַן גוט.

— עס וועט גיין, אַוודאי וועט גיין, — האָט חנה מיט האַרץ געזאָגט.

— פֿון וואַנען ווייסטו אַזוינע זאַכן, דו, מילך־קאָמונאַרקע?

— איך ווייס נאָך זיך גאָך, אַז ס'איז גוט אויפֿן האַרצן, איז די אַרבעט באַשמירט מיט פּוטער.

— אַהאַ, אָבער פֿאַרוואָס ווייסטו נישט, אַז דו דאַרפֿסט מיר אַ קוש טאָן ?

— אַ נײַע נײַס ! אָט וועסטו שוין באַלד זען !

באַלד איז זי שוין געווען אײַנגעקלאַמערט אין זײַנע אָרעמס, ווי אין אַן אײַזערנעם רייף. איר האַרץ שפּרינגט אַרויס פֿון איר גוף און פֿלאַטערט אַזוי פֿײַנלעך־זיס ערגעץ אין גריבעלע בײַ איר האַלדז.

דערנאָך ? דערנאָך זענען זיי זיך געגאַנגען פּאַמעלעכקע, זי האָט פֿון אים אירע אויגן נישט אַראָפּגענומען, ווײַל זי האָט נישט באַנומען, ווו און פֿון וואַנען נעמט זיך צו אים דער פֿאַרכאַפּנדיקער מוראַדיקער כּוח, וואָס פּענטעט זי און באַפֿרײַט זי פֿון זיך אַליין. דאָס מאַכט זי אַזוי שוואַך, אַז זי פֿאַרשווינדט, זי ווערט ווי אײַנגעזונקען אין אים.

— קוק נישט אַזוי אויף מיר, איך קאָן דאָס נישט אַריבערטראָגן, — בעט ער זיך בײַ איר און קושט באַזונדער יעדן פֿינגער פֿון אירע הענט. זי קוקט אָבער פֿאַרט אויף אים און זעט, ווי זײַנע אַראָפּגעלאָזטע אויגן דרינגען אין איר נשמה אַרײַן. זי פֿרעגט נישט אים, זי פֿרעגט בײַ דער צעזיפּטער גרינלעכער שטערן־שײַן :

— פֿון וואַנען, פֿון וואַנען נעמען זיך די כּוחות ?

— וועמענס כּוחות, חנהלע ?

— דײַנע כּוחות, דו ביסט נישט הויך, דײַנע פּלייצעס זענען נישט ברייט, גיב אַ קוק, ווי קליין דײַנע הענט זענען, ווי דין דײַנע פֿינגער זענען, — רעכנט זי אויס פֿאַרטראַכט.

— זאָג דאָס נישט, — לייגט ער פּלוצעם אַרײַן זײַנע הענט אין די קעשענעס, — מײַנע הענט האָבן אַ סך כּוח, און זאָלסט וויסן זײַן, אַז אַ קינסטלער דאַרף האָבן מער כּוח פֿון אַן ערד־אַרבעטער, פֿון אַ שמיד, פֿון וועמען דו ווילסט אויף דער וועלט ! קום צו מיר, טו מיר אַ קוש, אַ לעצטן קוש און לויף כאַפּ אַ שלאָף, טײַער קינד מײַנס.

לויפֿן כאַפּן אַ שלאָף איז חנהן נישט באַשערט געווען נישט דעם באַגינען, נישט אין די קומענדיקע נעכט און באַגינענס. נישט איין מאָל האָט זי אין יענע טעג צו אים געזאָגט :

— ווי גרינג די הענט לויפֿן, ווי גיך די אַרבעט ווערט אויסגעלעקט,

מע דאַרף דעם שלאָף אויף כּפּרות, בעת דאָס גליק איז אונטער דער האַנט...

ריכטיק האָט דער בלאָנדער קינסטלער געזאָגט: „קיין פֿאַרבאָרגענע זאַכן זענען נישטאָ". — אָבער נאָך ריכטיקער איז געווען, וואָס חנה מיט נחמיהן האָבן זיך לחלוטין נישט פֿאַרבאָרגן. די קאָמונאַרן האָבן זיי געזען אין קו־שטאַל, אין סטעפּ, ביַי די סילאָס־טורעמס, אין קינדער־היים. די טעג האָבן זיך געקייַקלט, אַליץ נעענטער האָט זיך צוגערוקט נחמיהס אַוועקפֿאָרן. איצט איז חנה מיט אים זעלטן געגאַנגען אין סטעפּ. צו אַלע אַרבעטן איז איר צוגעקומען נאָך אַנדערע זאָרגן: אין קאָלווירט „ייִדישער פּויער" האָט מען געבראַכט פּופּצן קי, האָט מען זיך דאָרטן גענייטיקט אין אירע עצות. דער קאָלווירט האָט זיך געפֿונען פֿינעף קילאָמעטער פֿון קאָמונע, איז דאָס חנהן נישט גרינג אָנגעקומען, זי האָט דאָרט פֿאַרבראַכט נישט איין שעה אין טאָג.

נחמיה האָט זיך געווערטלט:

— ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס דו גייסט נישט מעלקן די בהמות אין דזשאַנקאָי און אין פֿרייַדאָרף. קיין ייִדישע ווירטשאַפֿטן פֿעלן נישט אין קרים.

— דאָרטיקע ייִדישע פּויערים נייטיקן זיך נישט אין מייַנע עצות. זיי זענען מער באַהאַוונט פֿון מיר, — האָט חנה באַמערקט.

נישט נאָר דערפֿאַר וואָס חנהן איז צוגעקומען דאגות, איז זי איצט זעלטענער געגאַנגען מיט נחמיהן אין סטעפּ. זי האָט דערפֿילט, אַז זי האָט שוין איבערגעגוג וואָס זיך צו דערמאָנען, ווען ער וועט אַוועקפֿאָרן... פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אוממיטלבאַרער מענטש, ווי חנה, האָט עס נישט אויסגערעכנט, אָבער, ווי געזאָגט, האָט זי געפֿילט און אַפֿילו אָפּט זיך געשראָקן דערפֿאַר, וואָס נחמיה האָט זי באַשאָנקען מיט אַזאַ שלל אומגעפּרוּווטע מתיקות, וועגן וועלכע זי האָט לחלוטין נישט געוווּסט און נישט חושד געווען. זי האָט טאַקע אַנומלטן צו אים געזאָגט, ווען ער האָט זי גערופֿן אין סטעפּ:

— ניין, נחמיהלע, האָב נישט קיין בייז האַרץ אויף מיר, וואָרעם איך הייב נישט אָן צו וויסן, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, וואָס פֿאַר אַ כּישוף שטעקט אין דיר. איך בין געווען פֿאַרהאַרטעוועט, ווי אַ שטיין. דו האָסט מיך ווייכער געמאַכט פֿון אַ מאַלינע... פֿאָלג מיך, מייַן טייַערער, קום מיט

מיר צו די קינדער. מײַנע קינדער פֿעלט, ברוך השם, גענוג. הלוואי זאָל זיי דאָס צוקומען.

נחמה האָט, פֿאַרשטייט זיך, געוואָלט זײַן נאָר מיט חנהן, אָבער ער איז געווען גענוג איידל, כּדי נישט צו דערווידערן. אין קינדער־היים איז ער געגאַנגען, מיטנעמנדיק קליינע פּירקאַנטיקע שטיקעלעך וואַטמאַן. ער האָט אויף דעם געמאָלט פֿאַר די קינדער לאָשעקעס, לעמעלעך, הינער און הענער. די קינדער זענען געווען אַזוי פֿאַרגאַפֿט פֿון די געמעלן, אַז זיי האָבן אַפֿילו נישט באַמערקט, ווי אויף אייניקע שטיקעלעך וואַטמאַן האָט ער פֿאַר איינס אָנגעצייכנט קינדער־געזעמלעך, פֿאַרווונדערטע און פֿאַרכאַפּטע.

אין איינעם אַ טאָג נאָכן באַגינענדיקן געמעלק, איז דער פֿאַרזיצער אַרײַנגעגאַנגען אין קו־שטאַל. ער האָט באַטראַכט די בהמות, די בוהײַעס, איז אַ ווײַלינקע געשטאַנען און געקוקט, ווי חנה מעלקט, און געזאָגט צו איר:

— נאָכן געמעלק, זײַ אַזוי גוט, גיי אַרײַן אין קאַנטאָר. מיר דאַרפֿן אַ שמועס טאָן וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין.

— דער ענין איז וועגן דעם היי, וואָס ליגט אין יעוופּאַטאָריער „אָזעט?" — האָט חנה געפֿרעגט.

— דו גיי אַרײַן, וועסטו שוין הערן. וואָרעם עס איז נישט פֿײַן אַז אַזאַ פֿאַרנומענער מענטש, ווי איך, זאָל דאַרפֿן וואַרטן אויף אַזאַ פּוסטע־פּאַסניצע, ווי דו.

— ביסט גערעכט, כ'וועל אַרײַנגיין.

בעת חנה איז אַרײַנגעגאַנגען אין קאַנטאָר, איז איר אויסגעקומען גאַנץ מאָדנע, וואָס קיין איין מענטש איז דאָ נישטאָ, חוץ איר און דעם פֿאַרזיצער. ער האָט צוגערוקט אַ טאַבורעטקע צו חנהן און געזאָגט:

— זעץ זיך, רו זיך אָפּ.

— כ'האָב קיין צײַט נישט, כ'וועל שטיין.

— ווען מע קאָן זיצן, דאַרף מען נישט שטיין, — האָט ער אויסגע־נוצט דאָס באַוווּסטע גלײַכוועדטל און ערנסט אָנגעהויבן:

— חנה, איך האָב געהערט, אַז דו פֿאַרברענגסט די פֿרײַע צײַט מיטן כודאָזשניק, און עס אַרט אים נישט, וואָס די בהמות זענען איינזאַם און עלנט. חוץ דעם...

חנה האָט אים אָנגעקוקט און איבערגעשלאָגן:

— חוץ דעם, האָב איך גופֿא גאָרנישט קעגן דעם כודאָזשניק.

— זע, ווי דו לאָזט קיין וואָרט נישט אויסרעדן. וואָרט אויס, איך בין מיט אַ מיטוואָך עלטער פֿון דיר. וועגן אים קאָן איך גאָרנישט זאָגן, ס'קאָן זײַן, אַז ער איז זייער אַ לײַטישער מענטש, אָבער דו דאַרפֿסט וויסן, אַז ער איז פֿאַרקנאַטן אויף גאָר אַנדערע הייוון...

— איך ווייס נישט אויף וואָס פֿאַר אַ הייוון ער איז פֿאַרקנאַטן. איך ווייס אָבער, אַז ער איז מיר זייער צום האַרצן.

— לאָז זיך דינען, שלאָג מיך נישט איבער. דו מאָלסט דיר אויס, ווי דו וועסט זיך פֿילן, אַפֿילו אין בעסטן פֿאַל, אויב ער מיינט עס ערנסט און ער וועט דיך מיט די קינדער אַריבערנעמען קיין מאָסקווע.

— כ'ווייס נישט, וואָס ער מיינט און וואָס ער טראַכט, איך ווייס אָבער מיט מײַן גאַנצן האַרצן, אַז איך וועל גייַן מיט אים עק וועלט. כ'פֿאַרשטיי נישט פֿאַר וואָס דו דאגהסט וועגן דעם!

— איך דאגה וועגן דיר, חנה. צי דען האָסטו נישט געפֿילט, אַז דו געפֿעלסט מיר, אַז איך בין אָפּט אַנציקט פֿון דיר? עס איז שווער עפּעס פֿאָרויסזען, ס'קען זײַן, אַז די קאָמונע וועט דיך שיקן זיך לערנען אין סימפֿעראָפּאָל. ווער נישט נתפעל, וואָס ער איז אַ כודאָזשניק, כאָפּ נישט, ס'איז נישט קיין טייגלעך מיט פֿאָסאָליעס. געדענקסט, ווי איך האָב דיך באַגעגנט, דו ביסט געריטן פֿון סאַקי. כ'האָב דיר דאָן געזאָגט עפּעס אַ נאַרישקייט, אַז דײַנע פֿיס געפֿעלן מיר, האָסטו מיך אַזוי אָפּגעשניטן, אַז די צונג האָט מיר אָפּגענומען.

— יאָ, איך געדענק.

ער האָט אַ שפּאַן געטאָן און אַרויפֿגעלייגט זײַנע הענט אויף אירע אַקסלען, און זי האָט דערפֿילט, ווי די הענט זײַנע שאַרן זיך פֿאַוואָליע צו איר האַלדז. האָט זי זיך ראַפּטעם אַ קערעווע געטאָן און, שוין שטייענ־דיק בײַ דער טיר, שטיל און אײַנגעהאַלטן געזאָגט:

— עס קומט מיר אויס, אַז דו ווילסט מיט צוויי פֿיס גיין איבער צען סטעזשקעס מיט אַ מאָל. דו האָסט שוין קינדער פֿון דרײַ מאַמעס. קיין פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן וועל איך קיין מאָל נישט זײַן הערסט?!

— שטיי, חנהטשע, אַזוי וועסטו פֿון מיר נישט אַוועק!

— גענוג. דאָס וועט קיין מאָל אויף דער וועלט נישט זײַן, — האָט חנה אויסגעשריען און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון קאָנטאָר.

כאָטש חנה האָט געהאַט גענוג אַרבעט אין שטאַל, איז זי פֿאַרבײַ דער

קוזניע אַוועק מיטן וועג צום דערפֿל סאַבאַנטוי. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף דער ערד, גלײַך ווידער אויפֿגעשפּרונגען און גענומען שפּאַנען הין און צוריק, אַזוי צערודערט איז זי געווען. און נישט אַזוי דערפֿון, וואָס זי האָט נישט לאַנג צוריק אויסגעהערט, ווי דערפֿון, וואָס זי האָט דאָס אַלץ נישט געקאָנט באַנעמען. ווען זי איז צוריקגעגאַנגען צו דער קאָמונע, איז איר אַנטקעגן געגאַנגען דער פּאָרזיצער. זי איז גיכער אַוועקגעגאַנגען, אָבער ער האָט ברייט אַ שפּאַן געטאָן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, זי אָנגע־כאַפּט פֿאַר אַ האַנט און גיך־גיך צו איר געזאָגט:

— אַזוי, חנהקע, אַזוי פּאַטערט מען מיך נישט אָפּ. בעת איך זאָג: עס געפֿעלט מיר, איז געזאָגט!

— כאַפּ נישט אַזוי, דו ביסט נישט מײַן פּריץ, איך בין נישט דײַן הונט. דו ביסט פּאָרזיצער נישט דאָס ערשטע יאָר אין קאָמונע. וואָס בין איך דיר פּלוצעם געפֿעלן געוואָרן? מײַן מאַמע פֿלעגט זאָגן: בעסער איין פֿויגל אויפֿן צווײַגל, איידער צוויי אין שטײַגל. האָסט געוואַרט, איך זאָל צײַטיק ווערן? איך פֿאַרשטיי דאָס, דײַנע געבליטן האָסטו געהאַט מיט וואָס אײַנצושטילן. ביסט נישט קיין נאַר, אָבער אײַננעמען דײַן גאווה קאָנסטו נישט. ס'איז נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן, — האָט חנה געענדיקט און איז אַוועק צו דער קו־שטאַל. דאָרט האָט זי שוין דערזען נחמיהן, ער האָט זי אָנגעקוקט און געפֿרעגט:

— וואָס איז, טײַערע, ס'איז עפּעס פֿאַרלאָפֿן אויף דער אַרבעט?

— יאָ, אַ ביסעלע.

— וואָס זשע, זאָג גיכער.

— וואָס האָט געטראָפֿן? דו ווייסט נישט? דו האָסט אויף מיר אָנגע־שיקט עפּעס אַ מאָדנע אָנשיקעניש: ווו איך גיי און ווו איך שטיי, ביסטו פֿאַר מײַנע אויגן, איך קאָן אָן דיר קיין מינוט נישט זײַן. איך פֿרעג דיך: וואָס וועל איך טאָן, אַז דו וועסט אַוועקפֿאָרן?

— אויסגעצייכנט! אַזוי דאַרף זײַן! איך וועל אַוועקפֿאָרן, נאָר איך וועל ווידער קומען און איך וועל דיך צונעמען. איך בין אויך מסופּן קראַנק. איך גיי פֿון פֿעלד־בריגאַדע און איך פֿיל, אַז איך מוז דיך זען די מינוט, שוין איצט, און דו שטייסט טאַקע. אָרעם חנהלע מײַנס, קום, טו מיר אַ קוש.

— די סקאָטניקעס דרייען זיך דאָ.

— זאָלן זיי זיך אויך קושן. קום, — האָט נחמיה גיכער אַרויסגע־

קרעכצט, ווי געזאָגט. און ער האָט באַקרענצלט מיט זײַנע ליפּן אירע באַקן, אירע אויגן, איר שטערן און איר קאָפּ. ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעריסן פֿון איר, זי אָנגעקוקט און שטילינקערהייט געבעטן:

— דו ביסט מײַן לעבן און מײַן אָטעם, גיי זשע אַ ביסעלע אַוועק, איך וויל זען דײַן גאַנג אין דער זוניקער שײַן, בעת די גייסט אַזוי ווײַט, ווײַט...

— אַלץ, וואָס דו הייסט, וועל איך תּמיד טאָן. איך וועל דיך אַלע מאָל פֿאָלגן. און טאָמער, חלילה, ועסטו מיך אַ מאָל פֿײַנט קריגן, זאָלסטו מיר די מינוט זאָגן. לאָז, כ׳וועל אַ גלעט טאָן דײַן פּנים, — האָט חנה געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול און אַנטלאָפֿן אין שטאָל.

בעת חנה איז אין אָוונט אַרויסגעגאַנגען פֿון קינדער־היים, האָט נחמיה שוין אויף איר געוואַרט.

— חנוכּע, וואָס שווײַגסטו?

— שווײַג אויך. לאָמיר ביידע שווײַגן. הער זיך אײַן. דו הערסט, וואָס עס טוט זיך אין סטעפּ? דאָ שפּילט זיך אַ ניגון, ווי נחמיה מיט חנהן גייען זיך דאָ אַזוי שטילינקערהייט, און ביידע שווײַגן זיי. און די שטערן קוקן אויף זיי און פּינטלען צו — זיי וווּנדערן זיך, פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ פּאָרל...

— מײַן גליק, מײַן פֿרײַנד, — זאָגט נחמיה, און מער קאָן ער קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען, ווײַל זייערע ליפּן זענען צונויפֿגעחתמעט. זיי זענען אַזוי באַהעפֿט, ווי דער הימל איז באַהעפֿט מיט די שטערן. באַגי־גען, ווען זיי גייען צוריק צו דער קאָמונע, זאָגט נחמיה:

— איך בין קיין מאָל, קיין מאָל אָן דיר נישט געווען. ווי איז דאָס מעגלעך, וויאַזוי האָבן מיר נישט געוווּסט איינער וועגן צווייטן? וואָס וויינסטו? זאָלסט נישט סמייען צו וויינען! איך ווייס, די קינדער! אָבער דו זאָלסט וויסן, אַז וועגן אונדזערע קינדער האָסטו נישט וואָס צו וויינען. זיי וועלן זײַן מערער מײַנע, ווי אַלע קינדער בײַ זייערע טאַטעס! קום צו מיר, מײַן אָרעם קינד. כ׳וועל אויסקושן דײַנע שיינע אויגן, דײַן קליינעם שטערן, וואָס קאָן באַהאַלטן אַזוי פֿיל פֿאַרשטאַנד און ליבע. קום ווידער, קום ווידער צו מיר, מײַנע כּוחות גייען מיר אויס, — פֿליסטערט ער צו איר.

אַפֿילו אַזאַ זעלטן־זעלטנסטע ליבע, ווי עס איז צווישן נחמיהן און

חנהן, אַ ליבע, וואָס איז געווען ריין פֿון ערגייִץ, פֿון געלטגייִץ, פֿון וועלכע־ס׳איז־נישט־איז אייגננוץ, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט איין־איינציקער לייַדנשאַפֿט צו זייַן אין איינעם, האָט פֿאָרט נישט געקאָנט אָפּשטעלן די צייַט. נישט איין מאָל האָט חנה געטראַכט: „ווי האָב איך געלעבט אָן אים ביז איצט, ווי וועל איך בלייַבן אָן אים? דאָס איז דאָך אַ גרויל!“

איצט האָט חנה קלאָר געוווּסט, אַז זי האָט נישט אָנגעהויבן צו פֿאַר־שטיין, ביז זי האָט באַגעגנט נחמיהן, וואָס ליבע איז, זי האָט שוין נישט איין מאָל געפֿרעגט בייַ נחמיהן:

— זאָג מיר, מייַן טייַערער, ווי אַזוי האָסטו געוווּסט, אַז דו דאַרפֿסט קומען אַהער?

— כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט, נאַרעלע. אָבער קוים האָב איך דיך דער־זען, געדענקסט, בעת דו האָסט אָפּגעווישט דעם טיש, ווען די הינער זענען אַרייַנגעלאָפֿן אין עסצימער. אָט אין יענעם טאָג האָב איך דערפֿילט, אַז איך מוז זיך אומבאַדינגט באַקענען מיט דיר. איצטער פֿאַרשטייסטו עפּעס? איך פֿאָר אַוועק, און דאָ בלייַבט מייַן נשמה און מייַן האַרץ. אָבער דו זאָלסט גאָרנישט איבערטראַכטן, מיר וועלן זייַן אין איינעם. אַזוי וועט זייַן!

חנה האָט אים געגלייבט מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער איר גלויבן האָט נישט געקענט אָפּשטעלן דעם האַסטיקן לויף פֿון דער צייַט, און זי האָט אין אָוונט געזאָגט צו נחמיהן:

— פֿאַר וואָס זענען מיר געווען אַזוי בלינד? אַ גאַנצע וואָך איז צערונען געוואָרן, ביז מיר האָבן זיך באַקענט.

— יאָ, אַ גאַנצע וואָך! און אין דרייַ טעג אַרום פֿאָר איך אַוועק, — האָט נחמיה געזאָגט מיט אַזאַ האַרצרייַסנדיק קול, אַז חנה האָט זיך פֿון אים אָפּגערוקט און זיך ווידער צעוויינט.

פֿאַר די לעצטע דרייַ טעג זענען זיי אין אָוונט געגאַנגען נאָר אין קינדער־היים. און נישט נאָר זיי זענען געווען דערשלאָגן, — אַפֿילו די קינדער זענען אויך אומעטיקער געוואָרן, ווי זיי וואָלטן געפֿילט, וואָס עס פֿאַרלויפֿט זיך צווישן חנהן און נחמיהן.

אין באַשטימטן טאָג האָט חנה אַרויסגעפֿירט ברוכן פֿון פֿערד־שטאַל. זי האָט אים פּאַוואָליע געשטופּט אויף הינטערווייַלעך, ביז דאָס פֿערד איז שטיין געבליבן צווישן די האַלאַבליעס פֿון צוויירעדערדיקן וועגל. חנה

האָט אים אײַנגעשפּאַנט. דאָן האָט נחמיה געבראַכט זײַן קלאָפּער־געצײַג און עס אַרײַנגעלייגט אין וועגל. דערנאָך האָבן זיך בײדע, חנה מיט נחמיהן, — אַרײַנגעזעצט אַהין. חנה האָט אַ צי געטאָן די לייצעס, געזאָגט עטלעכע גוטע ווערטער צו ברוכן, אָבער יענער האָט זיך פֿון אָרט נישט גערירט. חנה איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון וועגעלע, האָט אַ צי געטאָן פֿאַרן צײַמל. דאָס פֿערד האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. אַ רעכטע ווײַלע האָט זי גענוקעט, געהאַלטן די לייצעס אין דער האַנט, אַפֿילו אַ גרינגן שמיץ געטאָן מיט דעם קורצן בײַטשל ברוכן, עס האָט אָבער געהאָלפֿן ווי אַ טויטן באַנקעס. צום סוף איז חנה געפֿאַלן אויף אַ המצאה: זי איז אַוועק־געלאָפֿן אין פֿערד־שטאָל און געבראַכט דעם זאָטל. ווי נאָר זי האָט ברוכן אָנגעזאָטלט, איז ברוך אַוועק, ווי אַלע מאָל מיט זײַן שווים־רויִקן טראָט.

די פֿרייד פֿון די זעלטענע פֿיסגייער, וואָס האָבן אין יענעם טאָג באַגעגנט אין סטעפּ, אויפֿן וועג צו סאַקי, דאָס משונהדיקע געשפּאַן מיט דער רײַטערין פֿון אויבן, האָט נחמיה, צום באַדוירן, נישט געטיילט. ער איז געזעסן אײַנגעקער אַליין אַן אומעטיקער אין וועגעלע צווישן זײַן באַגאַזש און האָט אויסגעזען לעכערלעך, ווײַל דעם גרויסן שירעם, וואָס ער האָט פֿאַרשנורעוועט אין אַ טשעכאָל, האָט ער אָנגעטאָן אויפֿן אַקסל, ווי אַ ביקס. דאָס האָט אויך פֿריילעך געמאַכט די זעלטן באַגעגנטע, אָבער ער איז געווען ווײַט פֿון געלעכטער, ער האָט נאָר פֿון צײַט צו צײַט געלאָזט פֿאַלן מיט אַן אומעטיק קול: „אפֿשר האָט זיך שוין ברוך צוגעוויינט, פּרווו זיך זעצן לעבן מיר״, — חנה האָט געפֿאָלגט, זי איז אַרויסגעשפּרונ־גען פֿון זאָטל. ברוך האָט זיך אָפּגעשטעלט און מער פֿון אָרט זיך נישט גערירט.

בײַם סאַקער וואָקזאַל איז די באַוועגונג פֿאַרגליוערט געוואָרן, בעת דאָס צווייערדערדיקע וועגעלע איז מיט חנהן אין זאָטל שטיין געבליבן. דערנאָך האָבן די פּאַסאַזשירן לעבן וואַגאָן פֿון צוג, וואָס האָט געדאַרפֿט אָפּגיין אויף מאָסקווע, מיט גרויס נײַגער געקוקט, ווי נחמיה האָט אויס־געקושט חנהס פּנים, אירע הענט און איר פֿאַטשיילקע אויף איר קאָפּ. איינע אַ פֿרוי, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ נעענטער פֿון אַנדערע, האָט, בעת דער צוג איז שוין אַוועק, געזאָגט צו חנהן:

— שוועסטערקע, ביסט אַ גליקלעכע, ער שטאַרבט, ער גייט אויס נאָך דיר. כאַפּ דאָס גליק פֿאַר דער פּאָלע. כאַפּ, הערסט, וואָס איך זאָג דיר! און האַלט שטײַף, מיט בײדע הענט!

יענעם טאָג האָט חנה זיך געטרייסלט אין זאָטל, און דאָס ווענעלע האָט געקלימפּערט הינטער איר, אָבער זי האָט נישט געזען און נישט געהערט גאָרנישט. דאָס ערשטע מאָל האָט זי פֿאַרשפּעטיקט צום פֿאַרנאַכ־טיקן געמעלק, דאָס ערשטע מאָל...



מענדל גאָרשמאַן : מאָטל פּייסי דעם חזנס

# II

ווען נחמיה וואָלט אײנצײַטיק געקאָנט זײַן אין מאָסקווע און אין דער קאָמונע, וואָלט ער געווען געפּלעפּט דערפֿון, וואָס חנה איז אַזוי פֿאַרביטן געוואָרן: איר פּנים, אירע באַוועגונגען, איר שטימע איז ווי אויסגעלאָשן. זי האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס מיט איר טוט זיך. עס האָט נישט איין מאָל געטראָפֿן, אַז די שטאָל־אַרבעטער פֿרעגן עפּעס און זי ענטפֿערט נישט, זי הערט נישט זייערע ווערטער. עס זענען געווען טעג, אַז ווען נישט די אַרבעט, וואָלט חנה זיך נישט אויפֿגעהויבן פֿון געלעגער. דער סטעפּ, דער הימל האָבן נישט געוועקט אין איר פֿרייד, ווי אַמאָל. פֿאַרקערט, בײַם בײַטאָגיקן געמעלק האָט זי די אויגן נישט אויפֿגעהויבן צום הימל, אַזוי גלײַכגילטיק האָט איר אויסגעזען די בלויע קלאָרקייט, די זון, וואָס האָט ווי פֿריִער געשײַנט און געבלענדט. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי הערט נחמיהס אומגעוואַגטע פֿראַגע: „חברטע בריגאַדיר, אפֿשר קאָנט איר דאָ פֿאַרהאַלטן די טשערעדע?“, און גלײַך דערנאָך ווידער דער באַלויכטענער סטעפּ, ווידער די בהמות, ווידער די אַלטעגלעכקייט...

בײַ די סילאָס־טורמעס, אין הויף פֿון קאָמונע, בײַם ברונעם האָט חנה שטענדיק געוואַרט — אָט־אָט וועט ער אונטערקומען. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עס איז אַוועק אַן אייביקייט, זינט ער איז אַוועקגעפֿאָרן. אין דער אמתן זענען אַוועק קנאַפּע צוויי וואָכן, זינט זי האָט אים באַגלייט קיין סאַקי.

יענער טאָג טרעט נישט אָפּ פֿון איר, זי הערט נאָכאַנאַנד דער אומבאַקענטערס ווערטער: „שוועסטערקע, ביסט אַ גליקלעכע באַבע, כאַפּ דאָס גליק פֿאַר דער פּאָלע, לאָז עס נישט אַרויס פֿון דײַנע הענט!“ „כאַפּ, — טראַכט חנה — „ווו איז ער? געוויס מאָלט ער, און ער איז אַזוי אַרײַנגעטאָן אין דערויף, אַז ער האָט נישט אין זינען אָנצושרײַבן עטלעכע ווערטער...“

עס איז גוט, וואָס נחמיה איז ווײַט פֿון חנהן, וואָרעם קוים וואָלט ער געווען דאָ, וואָלט ער געדאַרפֿט אויסהערן ביטערע ווערטער. מיט אַ פּאָר

טעג צוריק, בעת חנה איז נאָך וואַרמעס אַרויסגעגאַנגען פֿון עס־צימער, האָט זי אָפּגעשטעלט עלקינד.

— האָסט נישט קיין בריוולעך? פֿאַרשטייסט, ער איז אַן אינטעליגענט, אַ פֿאַרנומענער מענטש. ער האַלט נישט פֿון אַזעלכע קליינינקייטן...

— האָב קיין יסורים נישט, איך וועל קריגן בריוו. איך בין דיר זייער דאַנקבאַר, — האָט חנה געענטפֿערט און דערבײַ ווידער געטראַכט, אַז זי מוז אָוועקהרגענען עלקינדן. זי האָט אַפֿילו וועגן דעם גערעדט מיט שימקען פֿון פֿערד־שטאַל. ער האָט איר געזאָגט: „חנה, לאָז געמאַך. מיט אַ האַק קאָן מען דאָס נישט טאָן. מע דאַרף אַ שפּײַער". אָבער חנהן איז פֿאַרלאָפֿן דעם וועג א.ג.פּ.או. אין איינעם אַ בײַנאַכט פֿון 30סטן יאָר, זומער האָט מען עלקינדן צוגענומען. ער איז אַרײַן ווי אין וואַסער מיט די איבעריקע לינקע גדודניקעס, וואָס זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין די ידיים פֿון דער „וואַכזאַמער" באַנדע. אַזוי אַרום האָט חנה פֿאַרשפּאַרט צו ווערן אַ מערדער.

זי האָט, ווי אַלע מאָל אַנגעזאָטלט ברוכן, אָוועקגעריטן אין סטעפּ, אויסגעמאָלקן די קי, געהייסן די פּאַסטעכער טרײַבן די טשערעדע צו די באַלקעס, און דערנאָך אָוועקגעריטן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. ווען דאָס פֿערד וואָלט געקאָנט רעדן, וואָלט עס געוויס חנהן געזאָגט האַרציקע ווערטער. איצט האָט עס עטלעכע מאָל אַ הירזשע געטאָן, אויפֿגעפּעכערט דעם עק, מיט אַ טלאָ פֿונעם פֿאָדערשטן פֿוס אַ גראָב געטאָן די ערד און אַוועק גאַלאָפּ, ווי עס וואָלט מיט דעם געוואָלט צעשטרייען חנהן.

אָבער יענעם טאָג איז חנהן נישט אויסגעקומען צו פֿאַרגרינגערן איר געמיט. ביז פֿאַר נאַכט איז זי אַרומגעריטן אין סטעפּ, זי איז אויך צוגעפֿאָרן אַ קוק טאָן, ווי די בהמות פּיטערן זיך. שוין שפּעט פֿאַר נאַכט, ווען עס איז קיל געוואָרן, איז זי אָוועקגעריטן צו דער קאָמונע. „סטאָי!" — האָט זי דערהערט אַ שטילן באַפֿעל. זי האָט נישט געזען דעם, ווער עס האָט איר געהייסן זיך אָפּשטעלן, אָבער זי איז לחלוטין נישט גענייגט געווען צו פֿאָלגן. זי האָט אָנגעצויגן דאָס צײַמל און אַזוי געפּויקט מיט די פּיס ברוכס זײַטן אַז ער איז אָוועק. אָבער יענער, וואָס האָט געשריען „סטאָי!" האָט חנהן דעריאָגט און איז, ווי פֿון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן לעבן ברוכס מאָרדע. ער האָט מיט בײדע הענט אָנגעכאַפּט דאָס צײַמל און שטיל געזאָגט: — „סלעזײַ!" חנה האָט זיך אײַנגעבויגן, אָפּגעריסן דעם מענטשנס הענט פֿונעם צײַמל, און ברוך איז ווידער אָוועק, ווי אַ ווינט. זי האָט אָבער געהערט, ווי יענער איז נאָכגעלאָפֿן און געשריען:

— דאָס פֿערד וועט זײַן מײַנס! עס איז געווען מײַנס און מײַנס וועט עס זײַן! אַ פּאַסקודניאַק האָט אויף מיר אָנגערעדט, מע האָט מיך אַרויס־געשיקט, ווי אַ בעלגוף. אָבער איצט בין איך ווידער דאָ!

בעת חנה איז צוגעריטן צו דער פֿערד־שטאַל, האָט שימקע געפֿרעגט:

— חנהטשע, וואָס האָט געטראָפֿן? דו האָסט דאָך קיין בלוט־טראָפּן נישט אין דער צורה.

— גאָרנישט. ברוך האָט זיך אַ ביסל צעיאָגט, — האָט חנה געזאָגט און איז אַוועק צו דער קו־שטאַל.

די מעלקערינס האָבן אויך באַמערקט, אַז חנה איז צעטראָגן.

— ביסט נישט געזונט? — האָט טויבקע געפֿרעגט.

— וואָס פֿאַלט דיר אײַן? איך בין פּשוט פֿאַרמאַטערט.

— מיר האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס דו ביסט נישט געקומען צו דער צײַט. מיר מעלקן שוין די דריטע קו.

— קיין בייז נישט, כ׳וועל אײַך דעריאָגן, — האָט חנה כּמעט רויִק געזאָגט.

— נאָך וועטשערע איז חנה געגאַנגען מיט חיהלען און זי האָט איר דערציילט, וואָס עס האָט געטראָפֿן.

— ס׳קאָן זייער זײַן, — האָט חיהלע געזאָגט, — ווינציק אויסוווּרפֿן זענען דאָ? עס האָט זיך געפֿונען אַזעלכער, וואָס האָט אים געמוסרט, און דאָס פֿערד איז טאָקע געוויס זײַנס, — האָט חיהלע ערנסט געזאָגט.
— פֿאַרגעס וועגן דעם, — האָט זי צוגעגעבן.

אָבער פֿאַרגעסן האָט עס חנה נישט געקאָנט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי קיין אויג נישט צוגעמאַכט. עס איז איר געשטאַנען פֿאַר די אויגן דער מענטש אין צעפֿליקטן וואַטניק, מיט אַ נאַקעט־האָריקער ברוסט, און זי האָט געהערט זײַן שטילן באַפֿעל — „סלעזײַ!"

נאָכן אינדערפֿרײַיִקן געמעלק איז זי אַוועק צו דער פֿערד־שטאַל. זי האָט גלײַך דערזען, אַז ברוך איז אויף זײַן שטענדיקן אָרט נישטאָ. לעבן דער שטאַל איז שימקע איר אַנטקעגן געקומען.

— דו האָסט עמעצן געגעבן ברוכן?

— אַ נײַע נײַס. כ׳האָב געמיינט, דו האָסט אים גענומען. אָבער ווען כ׳האָב דערזען, אַז דער זאָטל ליגט אויף אַן אָרט, האָב איך פֿאַרשטאַנען מײַן טעות.

— דריי מיר נישט קיין קאָפּ, דו האָסט דאָך אים עמעצן געגעבן?

— דריי יאָ, דריי נישט. ס׳האָט געגומען טאָגן, בין איך אַוועק עפּעס איבערבײַסן, איך קום צוריק, — ברוך איז נישטאָ!

— ביז דו ביסט געגאַנגען איבערבײַסן איז ער יאָ געווען?

— וואָס פֿרעגסטו אַזוינע קשיות?

— כ׳ווייס, אַמאָל כאַפּט מען אַ דרעמל?

— אַמאָל כאַפּט מען און דאָס מאָל נישט. מע דאַרף מעלדן אין מיליציע. נאָר מיר ווײַזט זיך אויס, אַז מע קאָן אַנשיטן זאַלץ אויפֿן עק.

— מירן זען, — האָט חנה באַמערקט, אָבער זי האָט גוט פֿאַרשטאַנען, ווער עס האָט אַוועקגעפֿירט ברוכן.

דאָס פֿערד איז ווי אין וואַסער אַרײַן. צום באַטאַגיקן געמעלק איז חנה געפֿאָרן מיט די איבעריקע מעלקערינס אין דער מאַזשאַרע. אַלע האָבן גערעדט וועגן דער גניבה, חנה האָט געשוויגן. כעווער, מיט וועלכער חנה האָט געוווינט אין איין צימער, איז אַרײַנגעלאָפֿן מיט אַ קאָנווערט אין דער אויפֿגעהויבענער האַנט. זי איז צוגעלאָפֿן צו חנהן, האָט אויסגעשריען: „אַ בריוו פֿאַר דיר!“ חנה האָט שטיין געלאָזן די טעלערס, גענומען דעם בריוו און איז אַוועק צו די סילאָס־טורעמס. דאָס האַרץ אירס האָט אַזוי געצאַפּלט, אַז זי האָט קוים אויפֿגעריסן דעם קאָנווערט. זי האָט זיך אַוועק־געזעצט אויפֿן אונטערשטן טרעפּל פֿונעם ערשטן שטאָק, וואָס האָט געפֿירט צו די באַלקאָנטשיקעס פֿונעם סילאָס־טורעם, פֿאַרמאַכט די אויגן און אַזוי אַ ביסעלע געזעסן, דערנאָך ערשט אַרויסגענומען דעם בריוו פֿונעם קאָנ־ווערט.

— „מײַן וווּנדער, מײַן לעבן, מײַן חנוכעלע! אָט איז הײַנט דער צוועלפֿטער טאָג, ווי איך בין אַליין. איך האָב זיך אַפֿילו נישט פֿאַר־געשטעלט, אַז איך זאָל אַזוי בענקען. די אַרבעט פֿאַלט פֿון מײַנע הענט. און אַרבעטן דאַרף מען דאָך. נעכטן בין איך שיִער נישט אַוועק אויפֿן קורסקער וואָקזאַל קויפֿן אַ בילעט, אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן, און כ׳האָב זיך פֿון דעסט וועגן געזעצט אַרבעטן. איך האָף, אַז אָנהייב נאָוועמ־בער וועל איך ענדיקן די באַשטעלונג, און אין אַפּריל וועל איך קומען דיך נעמען מיט די קינדער. איצט איז סוף סעפּטעמבער, צייל מיט מיר אין איינעם: אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער, יאַנואַר, פֿעברואַר, מערץ! אַפּריל צייל נישט, ווײַל די ערשטע וואָך פֿון אַפּריל וועל איך אַרויספֿאָרן צו דיר. איצט הער מיט קאָפּ! איך האָב פֿאַר מײַן אַוועקפֿאָרן געלאָזט אונטער דײַן מאַטראַץ אַ דין ביכעלע, דאָס רופֿט זיך אַקרעדיטיוו. ווען דו

וועסט זײַן אין סאָקי, זאָל דאָס ביכעלע זײַן מיט דיר. וועסט אַרײַנגײן אין סבערקאַסע, וועט מען דיר דאָרטן געבן אַ פּאַפּירעלע, וועסט פֿרעגן, וויאַזוי מע דאַרף עס אָנשרײַבן. דערנאָך וועסטו אַוועקגעבן דאָס קוויטעלע און מע וועט דיר געבן געלט. דער אַקרעדיטיוו איז אויף דרײַ הונדערט רובל. קאָנסט מיט דעם טאָן, וואָס דו ווילסט, נאָר איך עצה דו זאָלסט קויפֿן אַ וואַטניק, שיך און אַ וואַרעם שאַלעכל. איך האָב דיר נישט געגעבן דעם אַקרעדעטיוו, ווײַל איך האָב געוווסט, אַז דו וועסט נישט נעמען. איך בין דאָך זיכער, אַז דו האָסט מיך ליב, וועסטו טאָן, ווי איך בעט דיך. אין קרים איז שוין אויך געוויס קילבלעך, און דו ביסט באָרוועס און נאַקעט. אין דעם בריוו האָב איך אַרײַנגעלייגט אַ קאָנווערט מיט מײַן אַדרעס. שרײַב מיר גלײַך אָן. איך האָב דאָ אין מאָסקווע באַקאַנטע ייִדישע שרײַבער, רעד איך מיט זיי ייִדיש. איך האָב אַפֿילו אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער און געוויזן דאָברושינען. דו דאַרפֿסט אים קענען, ער איז דאָך מיט נאָך שרײַבער געווען אין קאָמונע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען דיך. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז איך שרײַב ייִדיש גאַנץ פֿײַן, נאָר איך דאַרף נישט אַרײַנמישן אַזויפֿיל רוסישע ווערטער. איך בעט דיך זייער, זאָלסט גלײַך אָנשרײַבן. איך קוש דיך אַ סך מער ווי דאָן, ווען איך בין געווען מיט דיר. איך קאָן נישט לעבן אָן דיר, מײַן קינד, מײַן „פּרעלעסט”. אין צווייטן בריוו וועל איך דיר אָנשרײַבן, וואָס איך טראַכט צו טאָן, אַז דו זאָלסט וואָס גיכער מיט די קינדער זײַן מיט מיר. דײַן עלנטער נחמיה”.

פֿאַרשטייט זיך, אַז חנה האָט איבערגעלייענט דעם בריוו נישט איין מאָל. זי האָט זיך ממש דערשראָקן, ווען זי האָט ענדלעך פֿאַרשטאַנען, וואָס עס באַטײַט דאָס וואָרט אַקרעדיטיוו. און גלײַך האָט זי באַשלאָסן, וואָס זי וועט טאָן. אויף מאָרגן האָט חנה גראָד געדאַרפֿט זײַן אין סאָקי. געקו־מען אַהין, האָט זי מיט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטשן געמאַכט דעם חשבון פֿאַר דער מילך און ער האָט צוגעזאָגט, אַז סוף וואָך וועט דער קוראַרט אַריבער־שיקן דאָס געלט אין באַנק אויף דער קאָנטע פֿון קאָמונע. ער האָט אויך, ווי אַלע מאָל, אײַנגעלאַדן חנהן אויף מיטאָג. זי האָט זיך אָבער, ווי שטענדיק, אָפּגעזאָגט. ער האָט דערפֿילט, אַז חנה איז עפּעס צערודערט. האָט ער איידל, אויף זײַן שטייגער, נישט געפֿרעגט, נאָר ווי באַמערקט:

— מיר דוכט, אַז איר זענט עפּעס אומרויִק.

— איר האָט קיין טעות נישט, הײַנט בין איך געקומען צופֿוס.

— די פֿאַרוואַלטונג האָט צוגענומען דאָס פֿערד?

— דאָס פּערד האָט מען צוגעגנבעט.

— איר האָט געמאָלדן אין מיליציע ?

— יאָ, דערוויַיל האָט מען קיין שפּורן נישט געפֿונען.

— איר זענט עמעצן חושד ?

— ניין.

— אַ טשיקאַווע גניבה. מער האָט דער גנב גאָרנישט ניט גענומען ?

— אַפֿילו קיין ציַימל נישט, קיין זאָטל נישט, כאָטש דאָס אַלץ ליגט הינטערן וועגטל, אַ שפּאַן פֿון דאָרטן, וווּ די פּערד שטייען, — האָט חנה געזאָגט.

— ס'איז נישט גרינג צו וויסן, ווער דאָס האָט געטאָן, אָבער די ציַיט איז זייער אומרויִק, דאָ דרייען זיך אַרום אַנטלאָפֿענע פֿון פֿאַרשיקונג. עס זענען געווען פֿאַלן, ווען מע האָט פֿאַרשיקט נישט קיין בעלי־גופֿים אויך. קאָן זיַין, אַז איינער פֿון זיי האָט עס געטאָן.

— פֿון וואַנען ווייסט איר, פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש, אַז דאָ דרייען זיך אַרום אַזעלכע ? און צי דען זענען טאַקע געווען אַזוינע טעותים ?

— אַז איך זאָג, ווייס איך. און איר, חנה דאַווידאָווונע, זענט שוין אויך נישט קיין קינד, דאַרפֿט איר פֿאַרשטיין, אַז אין יעדן דאָרף געפֿינט זיך אַזאַ איינער, וועמען עס געפֿעלט דעם שכנס שטוב, דעם שכנס געשפּאַן. שריַיבט ער אָן, וואָס ער וויל, און יענער איז שוין וויַיט פֿון דאָרף. די ציַיט איז זייער און זייער האַרב. ביז די ניַיע אָרגאַניזירטע קאָלווירטן וועלן אַריַין אין דער קאָלייע, דאַרף געדויערן, — האָט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש ערנסט גערעדט.

ווי חנה איז נישט געווען צערודערט פֿון זיַינע ווערטער, האָט זי דאָס ביכעלע נישט פֿאַרגעסן. זי האָט עס אַרויסגענומען פֿון אונטער דער פֿאַטשיילקע און עס אים דערלאַנגט, ווי עפּעס אַן אומציכטיקע זאַך. ער האָט באַטראַכט דאָס ביכעלע, פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט חנהן און געזאָגט :

— איך פֿאַרשטיי נישט, פֿאַר וואָס גיט איר עס מיר ?

— אַ מענטש, מיט וועלכן איך האָב זיך די לעצטע ציַיט גוט באַקאַנט, האָט עס מיר איבערגעלאָזט, אָבער איך קאָן עס נישט נעמען. איר פֿאַרשטייט, איך ווייס נישט, וויאַזוי דאָס אָפּצושיקן, און איך האָב פֿאַר קיין פֿאַל נישט געוואָלט, אַז עמעצער פֿון די קאָמונאַרן זאָל וויסן וועגן דעם. האָב איך איַיך געוואָלט בעטן, איר זאָלט אַזוי גוט זיַין און צוגיין מיט מיר אויף פּאָסט דאָס אָפּשיקן.

— דעם אַדרעס האָט איר ?

— יאָ.

— גייען מיר.

אָפּגעשיקט דעם אַקרעדיטיוו מיט אַ רעקאָמענדירטן בריוו, פֿאַר וועלכן דער פֿאַרוואַלטער פֿון קוראָרט האָט באַצאָלט, איז חנהן אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרצן.

— איך בין אײַך אַזוי דאַנקבאַר, איר קאָנט זיך דאָס גאָר נישט פֿאָר־שטעלן. עס איז מיר אָבער...

— חנה דאַווידאָוונע, איך פֿאַרשטיי אײַער „אָבער". מײַנע עטלעכע קאָפּעקעס ? דאָס איז אַ קלייניקייט. איך ווינטש אײַך, איר זאָלט אַלע מאָל זײַן אַזאַ, ווי איר זענט, און ווײַטער איז גאָרנישט נישט וויכטיק.

— זײַט געזונט, איך מוז לויפֿן. ביז וואָס־ווען וועט זײַן צײַט צום אוונטיקן געמעלק, ווײַל איצטער בין איך דאָך אַ פּוסגייערן.

חנה איז טאָקע געקומען צו דער צײַט. נאָכן אָוונטיקן געמעלק, ווען מע האָט געענדיקט די אַרבעט אין דער קו־שטאַל, איז זי אַוועקגעגאַנגען אין קינדערהיים. פֿאַרבראַכט מיט די קינדער העכער אַ שעה, און דערנאָך אַוועק צום סעקרעטאַר פֿון דאָרפֿסאָוועט־ראַט. ער האָט איר אַנטליִען טינט־און־פֿעדער, אַ צוויי זײַטעלעך ריין פּאַפּיר און אַן אַלטע צײַטונג.

— קאָנסט זיך אַ ביסל צולייגן אין קעלבער־שטאַל, — האָט זי געזאָגט צום נאַכט־סקאָטניק, — דאָרטן האָט מען געבראַכט פֿריש שטרוי.

ווען דער נאַכט־סקאָטניק איז אַוועק כאַפּן אַ שלאָף, האָט חנה אויפֿ־געזוכט אַ ברעטל און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון אַ קאַרעטע, אַנטקעגן דער שײַן פֿון לאַמטערן. די צײַטונג האָט זי פֿאַרשפּרייט אויפֿן ברעטל, גוט אָפּגעווישט די הענט מיטן פּאַדאָלעק פֿון סאַראַפֿאַן, אויף דער צײַטונג אַוועקגעלייגט די ריינע זײַטעלעך פּאַפּיר, וואָס דער סעקרע־טאַר האָט איר געגעבן, און זי האָט גענומען שרײַבן.

„נחמיהלע, נחמיהלע ! דײַן בריוו האָט מיך זייער דערפֿרייט, מײַן טײַערער. אָבער נאָך מער וואָלט איך זיך געפֿרייט, ווען איך קריג אים פֿריער. עס טרעפֿט דאָך אַפֿילו, אַז מע קלאַפּט אַ טעלעגראַמע בעת מע פֿילט ווי יענער קימערט זיך. עלעף טעג, ווי איין שעה, האָב איך געוואַרט, מער זאָלט איר אַזוי קיינמאָל — קיינמאָל נישט טאָן ! איך זאָג „איר", נישט „דו" וואָרעם אַ ווילד־פֿרעמדער מענטש האָט זיך מיט מיר אַזוי

געקאַנט באַגיין! איצט דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז איך האָב אָפּגעשיקט דאָס ביכעלע, ווי איר רופֿט דאָס, דעם אַקרעדיטיוו. ווי איר וועט עס קריגן, זאָלט איר מיר גלײַך אָנשרײַבן. איך ווונדער זיך, ווי אײַך איז דאָס אײַנגעפֿאַלן. ווי איז אײַך אַזוינס געקומען אויפֿן זינען? צי דען ווייסט איר נישט, אַז איך בין רײַך, צי דען פֿאַרשטייט איר נישט, אַז רײַכער וויל איך נישט זײַן?... פֿאַרוואָס שרײַבט איר מיר נישט, וואָס פֿאַר אַ זאַקאַז איר מאַכט? איר מײַנט, אַז איך וועל נישט פֿאַרשטיין? זאָג איך אײַך, אַז איר האָט אַ טעות. שרײַבט מיר אָן געניי, וואָס און פֿאַר וועמען איר מאַכט אים, וועל איך גלײַך פֿאַרשטיין. איצטער וויל איך אײַך דערציילן, וואָס מיט מיר האָט געטראָפֿן, נישט מיט מיר אַליין, מיט מיר און מיט די שעפּסן. יענע וואָך בין איך געווען אין סטעפּ. די שעפּסן האָבן זיך גראָד געפֿי־טערט נישט ווײַט פֿון די קי. פּלוצעם האָבן שוואַרצע וואָלקנס פֿאַרדעקט דעם גאַנצן הימל און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ שטורעם, אַז די קי האָבן אָנגעהויבן רעווען און די שאָף האָבן אויך נישט געשוויגן. מיטן קוק האָט אַ פֿלייץ געטאָן אַ רעגן, עס האָט געגאָסן עמערווײַז, און די שעפּסן האָבן זיך אַלע ווי איינער געלאָזט אין מוראדיקן געלויף, אַלע טשאַבאַנעס, די פּאַסטעכער און איך האָבן די שאָף נישט געקענט אָפּהאַלטן, ביז דער רעגן האָט נישט אויפֿגעהערט. אַלע זענען מיר געקומען אין קאָמונע דורכגע־ווייקט ביזן לעצטן פֿאָדעם. אַ פּאָר צענדליק שאָף זענען צעטראָגן געוואָרן, אָבער דאָס האָב איך דערזען ערשט אויף מאָרגן, ווען איך בין געקומען אין סטעפּ צום באַטאַגיקן געמעלק. איך האָב נאָך אַזוינס קיין מאָל נישט געזען און איך האָב ערשט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס מע זאָגט: נאַריש ווי אַ שעפּס.

ווײַטער בין איך זייער אין כּעס, וואָס איר שרײַבט מיר עפּעס מאָדנע: רעכן נישט דאָס, רעכן נישט אַפּרעל, אײַך איז גרינג צו זאָגן, אָבער מיר איז יעדער טאָג, ווי די זיבן יאָר, וואָס יעקב האָט זיך געפּײַניקט בײַ לבנען. איר ווייסט געוויס נישט, וואָס דאָס איז, וועט איר פֿרעגן בײַ דאָברושינען, ער וועט אײַך שוין זאָגן. געוויס קען איך אים, און איך געדענק אים. גריסט אים פֿון מײַנעטוועגן גאָר האַרציק. איך גיי אַרום, ווי אַ חולה. איך בענק אַזוי, אַז איך קען אײַך דאָס גאָרנישט זאָגן. חוץ דערויף האָב איך גרויס האַרצווייטיק, מע האָט צוגעגנבעט ברוכן. ווען מיר וועלן זיך זען, וועל איך אײַך דערציילן, וואָס און וויאַזוי. איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף אײַערע בריוו, זאָל זײַן קנאַפּער „טײַערע“, „פּרעלעסט“,

אַבי אָפּטערע סימנים, אַז איר ווייסט וואָס מיט מיר טוט זיך, אײַער עלנטע גינציקע חנה".

ווי נאָר חנה האָט אַראָפּגעלאָזט דעם בריוו אין פּאָסט־קעסטל בײַ דער קאַנטאָר, האָט זי שוין געגומען וואַרטן אויף אַן ענטפֿער. איר גליק איז געווען, וואָס די אַרבעט האָט איר אונטערגעיאָגט און פֿון גאַנצן מעת־לעת איז איר געבליבן אַ פֿיר־פֿינעף שעה אויף צו שלאָפֿן. דערווײַל איז אין קאָמונע געשען אָט וואָס: מע האָט אַראָפּגענומען דעם אַלטן פֿאָרזיצער און מע האָט צוגעשיקט אויף זײַן אָרט אַן אַנדערן. די קאָמונאַרן האָבן געשמועסט, אַז מע האָט יענעם אַראָפּגענומען דערפֿאַר, וואָס עס האָט אים נישט געאַרט ווי די קאָמונאַרן לעבן. וועגן נײַעם פֿאָרזיצער האָט מען דערציילט פֿלא־פֿלאָימדיקע מעשׂיות. די קאָמונאַרן פֿון פֿעלד־בריגאַדע האָבן געזאָגט, אַז דער נײַער פֿאָרזיצער ווייסט נישט דעם חילוק צווישן האָבער און ווייץ. שיפֿרעלע די מעלקערין האָט דערציילט אין עסצימער, אַז דער נײַער פֿאָרזיצער איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטאַל, באַקוקט די בהמות, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו די ביקעס און זיך געוווּנדערט, וואָס זיי האָבן אַזוינע קליינע אייטערס. די קאָמונאַרן האָבן געלאַכט ביז טרערן. מע האָט געלאַכט און זיך געוווּנדערט, וואָס מע האָט גראָד צוגעשיקט אַזאַ מענטשן, מע האָט זיך דערוווּסט, אַז אין סימפֿעראָפּאָל איז ער געווען אַ דירעקטאָר פֿון אַ שנײַדער־פֿאַבריק. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז שוין גאָרנישט אַזאַ לאָ־יצלח, ער האָט אָנגעהויבן באַנעמען עפּעס אין דער בעל־הביתישקייט, און דאָס אויסקומעניש אין דער קאָמונע איז געוואָרן גאָר אַנדערש. חנה וואָלט זיך איצט נישט געדאַרפֿט שעמען פֿאַר געסט.

דאָס מאָל האָט זי אויף קיין בריוו לאַנג נישט געוואַרט. נחמיה האָט געשריבן:

„מײַן טײַערסטע, מײַן איינציקע חנוכּע, כ'האָב געקראָגן דעם אָקרע־דיטיוו און דײַן בריוו. איך האָב געקאָנט וואַרטן אויף אַ סך זאַכן, נאָר אויף אַזוינס?... איך האָב דאָך געוואָלט, דו זאָלסט זײַן וואָרעמער אָנגע־טאָן, און דו זאָלסט נישט גיין באָרוועס. וואָס זשע קאָן איך מיט דיר טאָן? דײַן גליק איז, וואָס איך קאָן אויף דיר נישט זײַן ברוגז, אָבער מיך האָסטו נישט געטאָרט אַזוי באַליידיקן. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט מײַן ווײַב און איך בין דײַן מאַן. לאָזט זיך אויס, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות. ווען איך וועל קומען אין קאָמונע, וועל איך דיר גוט אָנבויקערן די ביינער

דערפֿאַר. און געגוג וועגן דעם. דו פֿרעגסט, וואָס פֿאַר אַ זאַקאַז איך מאַך, איך מאַך אילוסטראַציעס צו אַ רוסיש לערנבוך. איך וועל שוין אין גיכן אָפּגעבן די אַרבעט. גלײַך האָב איך דיר נישט געשריבן פּאָדראָבנע, ווײַל איך האָב געמיינט, אַז דאָס אינטערעסירט דיך נישט. איצט וועל איך דיר שטענדיק שרײַבן וועגן אַלץ. און דו, מײַן „פּרעלעסט", זאָלסט מיר אויך שרײַבן מערער וועגן דיר און וועגן די קינדער. וועגן די קי און וועגן די שעפּסן מעגסטו מיר אויך שרײַבן. וואָס האָב איך געדאַרפֿט פֿרעגן בײַ דאָברושינען? כ'האָב דאָך געלערנט חומש! און אַז דו האָסט אָנגעשריבן וועגן יעקבן, האָב איך זיך דערמאָנט די גאַנצע מעשׂה. לבן איז געווען אַ פּאָדליעץ. נישט גענוג, וואָס ער האָט עקספּלואַטירט יעקבן, האָט ער אים נאָך אונטערגערוקט זײַן טאָכטער לאה מיט די קראַנקע אויגן, אָבער מיך וועט קיינער נישט אָפּנאַרן. און די, וועלכע איך האָב מיר אויסגע־קליבן, וועט זײַן מײַנע אויף אייביק. נישט אַזוי, מײַן לעבן? איצט דאַרף איך דיר זאָגן, אַז איך האָב גענומען נאָך אַ זאַקאַז, ווײַל ווען איך וועל דיך מיט די קינדער נעמען אַהער, וועט דאָס געלט נישט איבעריק זײַן. אומזיסט מיינסטו, אַז איך האָב נישט געוווּסט, ווי רײַך דו ביסט. פֿאַרקערט, דו ווייסט נאָך מיר געבן פֿון דײַן רײַכקייט. ווען איך וואָלט נישט געוווּסט, ווי רײַך דו ביסט, וואָלסטו מײַן ווײַב נישט געווען. איך האָב גענומען דעם צווייטן זאַקאַז דערפֿאַר, וואָס עס קאָן טרעפֿן, אַז אַ לענגערע צײַט זאָל איך קיין באַשטעלטע אַרבעט נישט האָבן. לײדיק וועל איך נישט זיצן. ווי איך האָב געאַרבעט אין קאָמונע, געדענקסטו? אַזוי קאָן איך אַרבעטן אויך דאָ. אמת, דאָ זענען נישטאָ קיין קי, און קיין סטעפּ, אָבער עס זענען דאָ מענטשן, שטיבער, גאַסן — און דאָס איז אויך נאַטור. איך מײַן, אַז דו פֿאַרשטייסט, ווי וויכטיק מײַן אַרבעט איז פֿאַר מיר. איך דאַרף נאָר צוגעבן אַז וויכטיקער און ערנסטער פֿון מײַן אַרבעט איז אויף דער וועלט פֿאַר מיר גאָרנישטאָ. און איך וויל, אַז דו זאָלסט עס וויסן. אָט איז שוין באַלד סוף אָקטאָבער, באַלד וועלן זײַן די נאָוועמבער־יומטובים, פֿאַר מיר ציען זיך אויך די טעג זייער לאַנג און נודנע. ווי דערלעב איך שוין די מינוט, איך זאָל אַרויס פֿון וואַגאָן בײַם סאַקער וואָקזאַל און איך זאָל דיך אַרומנעמען. איך שיק דיר אַרויס אַ ביסל געלט, ווייסטו קויפֿן פֿאַר די קינדער, וואָס דו ווילסט. פֿאַר זיך זאָלסטו גאָרנישט קויפֿן, גיי באַר־וועס! דאָברושין האָט געבעטן איך זאָל דיר איבערגעבן אַ גרוס, מײַן איינציקע, מײַן ליבסטע מאַדאַם ראָטשילד! דײַן נחמיה".

חנה האָט טאַקע געקראָגן דאָס ביסל געלט פֿון נחמיהן, און אַזוי ווי די נאָוועמבער־טעג האָבן זיך שוין צוגערוקט, האָט זי געקויפֿט צוקערקעס און זיי צעטיילט צווישן קינדערהיים פֿון דער קאָמונע און דעם קינדערהיים פֿון קאָלווירט „יידישער פּויער". דאָרטן האָט חנהן קיין אַרבעט אויך נישט געפֿעלט. ווער רעדט נאָך איצט, ערב יומטוב. דער נײַער פֿאָרזיצער האָט פֿון ערגעץ געבראַכט ברעטער, מע האָט געמאַכט פּאָדלאָגעס אין עסצימער, ער האָט אויך פֿון ערגעץ געבראַכט צעראַטעס אויף די טישן. מע האָט געקוילעט זעקס שאָף, וועלכע וואָלטן במילא נישט לאַנג באַלעסטיקט די זינדיקע ערד. אויף יום־טוב האָט דער בעקער אויסגעבאַקן אַזעלכע גרויסע געפֿלאָכטענע קוילעטשן, אַז מע האָט זיי געבראַכט אין עסצימער אויף נײַע טראָגברעטלעך. מע האָט אויך געקראָגן אין יעווּפּאַטאָריע צאַפּלדיקע קאַמבאַלעס. און די קעכן האָט געמאַכט אמתע געפֿילטע פֿיש. חיהלע די גערטנערין האָט געגעבן די לעצטע אויסגעקרימטע בלייכע אוגערקעס. ס'זענען אויך געקומען געסט פֿון דער קאָמונע „רויטע גוואַרדיע". זיי האָבן געבראַכט אַ גוזמא היימישן חזיר־וווּרשט און צוויי היפּשע פֿעסלעך ווײַן. פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש איז אויך געקומען. ער האָט געבראַכט גרויסע קרענץ טרוקענע בייגל, פֿולע טוטלען מיט צוקערקעס און אַ קאַסטן עפּל פֿאַרן קינדערהיים. נאָך די ערשטע רעדעס האָט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש אָנגעזאָגט, אַז ער האָט געבראַכט שטיוול פֿאַר דער שטאַל־בריגאַדע. ער האָט אויך געפֿונען פֿאַר נייטיק צו זאָגן, אַז אַזוי ווי ער קען חנה דאַווידאָוונע מער ווי אַנדערע קאָמונאַרן, גיט ער איבער די דאַנקבאַרקייט צו איר און צו דער קאָמונע פֿאַר דער מילעך, וואָס איז גענוג פֿעט און איז נאָך קיין איין מאָל נישט זויער געוואָרן פֿאַר די גאַנצע צוויי יאָר זינט דער קוראָרט אין סאַקי באַקומט מילעך.

נאָך דער פֿײַערלעכער פֿאַרזאַמלונג איז אַוועק די יומטובדיקע וועטשערע. אַזוינע געגרייטע טישן האָבן די קאָמונאַרן נישט געזען אויף די געוועזענע יומטובים. די געפֿלאָכטענע קוילעטשן, די געפֿילטע פֿיש, דער פֿעטער חזיר־וווּרשט האָבן געצויגן צו זיך די קאָמונאַרן, ווי מיט צוואַנגען. די וועטשערע האָט זיך פֿאַרצויגן ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן און בעת חנה האָט באַגלייט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטשן, האָט ער זיך צו איר אָראָפּגעבויגן פֿון וועגעלע און געפֿרעגט:

— איר האָט געלייענט אין צײַטונג דאָס אַרטיקל „קאָפּשווינדל פֿון דערפֿאָלגן" ?

— יאָ.

— איצט וועלן נישט ווינציק אַראָפּפליען פון זייערע ערטער, — האָט ער ערנסט באַמערקט.

אין פלוג האָט חנה נישט פאַרשטאַנען זיין מיין, נאָר דערנאָך האָט זי עס גוט באַנומען...

נאָכן אינדערפריזיקן געמעלק האָט חנה זיך געזעצט שרייבן אַ בריוו.

„די ערשטע זאַך וויל איך אַראָפּנעמען פון דיין האַרצן די שטיינער, מיין טייערער, מיין איינציקער נחמיהלע. דו זאָלסט וויסן, און וויסן זיין אַז בעת איך וועל קומען צו דיר, וועל איך נישט זיצן און וואַרטן ביז דו וועסט פאַרדינען. דו האָסט דאָך געזען מיט דיינע אויגן, אַז איך בין נישט קיין פוילערקע. אין מאָסקווע זענען טאָקע נישטאָ קיין בהמות און קיין סטעפּעס, עס זענען אָבער דאָ זאַוואָדן, פאַבריקן און נאָך אַנשטאַלטן, וווּ מע דאַרף האָבן אַרבעטער. דו שרייבסט, אַז ווען מיר וועלן זיין אין איינעם, וועט געלט נישט זיין איבעריק. כאָטש עס איז שוין דריי יאָר ווי איך האָב קיין קאָפּעקע נישט געזען אין די אויגן, פאַרשטיי איך, אַז דו ביסט גערעכט. ס'איז גוט, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן, אַז דיין אַרבעט איז וויכטיקער פאַר דיר, ווי אַלץ אין דער וועלט. איך פאַרשטיי דאָס, אָבער, עס קומט מיר אַפילו אַ האָר נישט אין זינען, אַז אַ קינסטלער מיט זיין משפחה דאַרף לעבן בעסער, גרינגער, ווי אַנדערע האָרעפּאַשניקעס. ווייטער ווייזט זיך מיר אויס, אַז דו האָסט מיך אַ ביסעלע געוואָלט דערשרעקן, זאָלסטו וויסן זיין, אַז איך בין נישט פון די שרעקעדיקע. אָבער טאָמער מיינסטו, אַז צוליב מיר און צוליב מיינע קינדער איז דיין אַרבעט אין ריזיקע, זאָג איך דיר גלייך אויף אַן אָרט, אַז ווי אומגליקלעך און עלנט איך זאָל נישט זיין אָן דיר. ביסטו פריי! דו ביסט נישט מחויב צו ריזיקירן מיט דיין אַרבעט, וועלכע איז פאַר דיר אַזוי וויכטיק, דאָס געדענק! צולעצט זאָג איך דיר, אַז וואָס אַ טאָג ווייטער האָב איך דיך אַלץ מער ליב, אַז אַן דיר איז מיין לעבן קיין לעבן נישט. דיין געטרייע, גוטווינטשנדיקע חנה".

אָנגעשריבן, אַריינגעלייגט אין קאָנווערט, אַראָפּגעלאָזט דעם בריוו אין פּאָסט־קעסטל לעבן דער קאָנטאָר, איז חנה אַוועק מעלקן. און אויף מאָרגן, אויף איבערמאָרגן, — ווי נעכטן, ווי היינט: אַרבעט און אַרבעט און צווישן דערין די פרייד פון נחמיהס בריוו. און זיינע בריוו זענען געקומען אַלץ אָפטער און אָפטער, און חנה האָט פון דעם געהאַט נישט נאָר פרייד... אָט האָט נחמיה געשריבן:

„מײַן אײנציקע, מײַן טײַערע, דײַן לעצטן בריוו האָב איך איבערגע־לייענט עטלעכע מאָל. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? דו האָסט מיר פּשוט געוואָרפֿן אַ שטיין אין קאָפּ מיט דײַנע צוויי ווערטער „ביסט פֿרײַ״. ווען דו ווייסט, ווי דאָס האָט מיך געטראָפֿן, וואָלסטו קיין מאָל פֿון דײַן מויל נישט אַרויסגעבראַכט. איך האָב דיך נישט געוואָלט באַליידיקן, נישט שרעקן, כ׳האָב געוואָלט זאָלסט וויסן, אַז אַ קינסטלער גייט אויף שטע־כעדיקע דערנער. איך דאַרף דיר זאָגן נאָך אַ מאָל, אַז קונסט איז מיר טײַערער פֿון אַלץ אין דער וועלט. און, אַז מײַן אַרבעט איז די הויפּט־זאַך. איך זאָג דיר דאָס נאָך אַ מאָל, ווײַל מער וועל איך קיין מאָל וועגן דעם נישט רעדן. פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו נישט גלײַך אויף מײַנע בריוו, וואָס טוסטו אין די אָוונטן? עס בלײַבט דאָך דיר די גאַנצע צײַט, וואָס איך פֿלעג בײַ דיר צונעמען. די טעג זענען איצטער קורץ, אָבער די נעכט זענען אַזוי אומעטיק און צעצויגן. איך קוש דיך פֿאַר אַלע טעג און נעכט, זינט מיר זענען צעשיידט. דײַנער און דײַנער, ווייסט שוין אַליין ווער״.

דאָס מאָל האָט חנה כּמעט דרײַ וואָכן קיין בריוו נישט געהאַט. זי איז געווען זיכער, אַז מער קיין בריוו וועט זי שוין פֿון אים נישט קריגן. איז דאָך דאָ אַ ווערטל „גאָט שיקט די רפֿואה פֿאַר דער מכּה״, איז גראָד דאָס יאָר האָבן די קי אָנגעהויבן זיך קעלבן אין מיטן דעצעמבער. חנה איז דורך די נעכט געווען אין קו־שטאַל, וואָרעם זי האָט זיך נישט געקאָנט פֿאַרלאָזן אויפֿן נאַכט־סקאָטניק, שלמה דעם זשמערינקער, וואָס האָט קיין מאָל אַפֿילו קיין ציג נישט געהאַט.

עס איז שפּעט בײַ נאַכט. „ווענערע״ קעלבט זיך. זי שטייט, שטייט... מיט אַ מאָל טוט זי זיך אַ וואַלגער אויף דער ערד, ציט אויס דעם האַלדז, פֿאַרוואַרפֿט דעם קאָפּ און גלעט מיט אַ באַק די ערד. איר בויך בערגלט זיך, דאָרטן קײַקלט זיך כּסדר עפּעס איבער. פּלוצעם שטעלט זי זיך אויף, רעוועט טויב און באַנגלעך, קוקט מיט אַ ווייטיקלעך־פֿאַרוווּנדערטן בליק אויפֿן בויך, ווי זי וואָלט וועלן דערזען דאָס, וואָס ברעכט אויף שטיקער איר חוט־השדרה. חנה האָט שוין אַלץ געטאָן, וואָס מע דאַרף, און עס דוכט זיך איר, אַז עס וועט צו דעם קיין סוף נישט נעמען... זי גלעט און רײַבט דער בהמהס בויך, פֿון דער לאָפּאַטקע ביז צום בעקן אַראָפּ, שווייס פֿאַלט פֿון חנהס פּנים אויף „ווענערעס״ הייסער, פֿײַכטער פֿעל. חנה פֿילט אַזאַ מידקייט, אַז עס גייען איר אויס די כּוחות. די בהמה טוט אַ פֿאַל אויף דער ערד, אַלע פֿיר פֿיס גיבן זיך אַ שטרעק מיט אַמאָל, חנה שפּרינגט אויף,

עס דערהערט זיך אַ שווער־פּאַטשנדיקער כליופּ, און חנה כאַפּט אונטער מיט די לעצטע כּוחות אַ שוואַרץ־גלאַנצנדיק פּייַכט ביקל. זי ווישט אויס דאָס ביקל מיט אַן אויסגעוואַשענעם זאַק. „מזל טוב״! — זאָגט שלמה, — ער הייבט אויף דאָס ביקל, טוט אַזש אַ קרעכץ און לאָזט וויסן: „דער רוח האָט עס נישט גענומען, ס׳איז שווער ווי בלייַ״ — און ער טראָגט עס אַוועק אין קעלבער־שטאַל.

חנה שפּאַנט אַהין און צוריק איבערן דורכגאַנג צווישן די בהמות, ביז זי גייט צו צום ווינקל וווּ עס שטייען ביידע טאַטעס פון אַלע קעלבלעך. „אַמור״ — אַ העל־גראָוער „שוועד״ ליגט. „מישקע״ אַ טונקל־רויטער „דייַטש״, שטייט און מרוקעט. חנה פּילט, אַז ער מרוקעט פון הונגער. נעמט זי אַן אַ פּולן שופל מיט האָבערנע קלייַען, גייט הינטער־אַרום „מישקעס״ קאַרעטע, און ווי זי שיט אויס די האָבערנע קלייַען, טוט זיך יענער אַ לאָז, און חנהס ברוסט־קאַסטן איז ממש לעבן זייַנע הערנער. אַ נס, וואָס זי האָט נישט אַרויסגעלאָזט דעם אייַזערנעם שופל פון די הענט. זי האָט זיך נישט פאַרלאָזן און אַ זעץ געטאָן מיטן ראַנד פונעם שופל „מישקען״ גלייַך אין די ליפּן אַרייַן. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן אויף צוריק, אַ טויט־שרעק האָט חנהן אַרויסגעשטויסן פון צווישן דער וואַנט און קאַרעטע. אַ מוראדיק געשריי האָט קעגן איר ווילן אַרויסגעפּראַלט פון איר. עס האָט געדויערט ביז זי האָט דערהערט, וואָס שלמה האָט געפרעגט:

— וואָס, וואָס זאָגסטו מיר, ווער האָט געשריִען? כ׳האָב זיך דאָך אויפגעכאַפּט נישט טויט, נישט לעבעדיק, — האָט ער איבערגעחזרט צע־טומלט.

— שלאָף ווייַטער, ס׳האָט זיך דיר געחלומט, — האָט חנה כמעט קאַלטבלוטיק געזאָגט. אָבער אין גיכן האָט זי בייַם פאַרזיצער געפּועלט, אַז מע זאָל „מישקען״ אַוועקגעבן אויף פלייש־פאַרגרייטונג.

קיין שום זאַך, קיין שום פליכטן האָלטן נישט אַזוי דעם מענטשן בייַם גאָרגל, ווי די אייגענע איבערלעבונגען. כאָטש חנה איז געווען נישט פון די, וועלכע האָבן אין זינען נאָר זיך, איז איר איצט געווען אַזוי אומ־דערטרעגלעך ביטער, אַז זי האָט זיך ממש קיין אָרט נישט געפונען. אַפילו די קינדער האָבן נישט גרינגער געמאַכט איר געמיט. דער קרימער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן מיט לינדע וועטערן, אַפילו נאָך אַ שניי מיט אַ רעגן האָט די זון ווידער געשייַנט און געוואַרעמט דורך די קורצע טעג. איצט

איז געווען ווינציקער אַרבעט, מע האָט געמאָלקן נאָר צוויי מאָל אַ טאָג. אין סאַקי איז חנה געגאַנגען איין מאָל אין צוויי וואָכן. מיטן קוראָרט האָט פֿאַרוואַלטעט אַצינד אַ נײַער מענטש. יעדעס מאָל בעת חנה איז אַהין געקומען מאַכן די מילעך־חשבונות, האָט זי פֿאַרגליכן פֿיאָדאָר פּעטראָוויטשן מיט דעם נײַעם פֿאַרוואַלטער, און דאָס האָט איר ווייטיק נישט געמינערט.

נישט געווען, נישט געווען קיין בריוו פֿון נחמיהן, און אָט האָט זי געקראָגן אַ טעלעגראַמע: באַגעגן דעם 25 דעצעמבער, וואַגאָן 5, איך קוש דיך, דײַן נחמיה".

דעם טאָג האָט זיך חנה צונויפֿגערעדט מיט די מעלקערינס, זיי זאָלן אויסמעלקן „אירע" קי. נאָך האַלבער נאַכט איז זי מיט אַ פּאָר אָקסן, געשפּאַנט אין אַ מאַזשאַרע, אַוועקגעפֿאָרן, רײַכטיקער, אַוועקגעקראָכן באַגעגענען נחמיהן. די אָקסן זענען געגאַנגען פּאַוואָליע, די רעדער האָבן געסקריפּעט, די צעפֿלאָכטענע מאַזשאַרע האָט געקרעכצט מיט יעדן שטיקל האָלץ. חנה איז געזעסן ווי אויף אַ הייסער סקאָוואָראָדע. די נאַכט איז געווען אָן אויסגעשטערנטע, אָבער חנה האָט נישט געזען גאָרנישט. בײַ טאָג איז דער סטעפּ אויך געווען גענוג אייגנטאָניק. איצט זענען אַלע פּרטים געווען צוגעדעקט מיט פֿינצטערניש. חוץ דעם באַדאַכטן שפּאַנען פֿון די אָקסן, סקריפּען און קרעכצן, האָט זי גאָרנישט נישט געהערט. חוץ די ביינערדיקע העלדזער און רוקנס פֿון די אָקסן האָט זי גאָרנישט נישט געזען. די קאַלטע נאַכט האָט חנהן אַלע מאָל אויפֿגעהויבן פֿון דער מאַזשאַרע, זי איז געגאַנגען פּאַזע דער דראַבענע, די אויגן האָט זי צום הימל נישט אויפֿגעהויבן, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זי וועט אַזוי גיין, גיין, גיין מיט די אָקסן און וועט פֿאַרשפּעטיקן צו באַגעגענען נחמיהן. צײַטווײַז איז זי האַסטיק געלאָפֿן, אַריבערגעיאָגט די אָקסן, דערנאָך געלאָפֿן צוריק. צום סאַקער וואָקזאַל איז זי אָנגעקומען מיט צוויי שעה פֿאַר דעם, ווי דער צוג האָט געזאָלט קומען. זי האָט נישט פֿאַרגעסן, אַז אין „זאַגאַטזערנאָ" דאַרף ליגן מאַקוכע פֿאַר די קי. האָט זי געלאָזן די אָקסן מיט דער מאַזשאַרע הינטערן וואָקזאַל און אַוועק אין „זאַגאַטזערנאָ".

אין הויף זענען געשטאַנען מאַזשאַרעס פֿון דער קאָמונע „די רויטע גוואַרדיע", פֿון קאָלווירט „ייִדישער פּויער", פֿון קאָמונע „יונגוואַלד". אויף אַ מאַזשאַרע זענען געזעסן צוויי קאָמונאַרן פֿון דער „רויטער

גוואַרדיע" און האָבן אַזוי צוגעביסן, אַז חנהן איז געוואָרן נישט גוט. איינער פֿון די קאָמונאַרן האָט זי דערקענט און אַ געשריי געטאָן:

— קום אַהער, עס וועט קלעקן פֿאַר דיר אויך! — און ער האָט דער־לאַנגט חנהן אַ היפּש שטיק חזיר־פֿלייש און אַ שטיק ווייצן־ברויט. ווי נאָר חנה האָט אַראָפּגעשלונגען די ערשטע ביסנס, איז איר געוואָרן אַזוי וואַרעם, אַז זי האָט צעשפּיליעט דעם וואַטניק.

— ס'איז גאָר אַן אַנדערע זאַך, אַז מע לייגט אַרײַן הייץ־מאַטעריאַל. נישטאָ וואָס צו דאַנקען. זעץ זיך אויך צו אויף דער מאַזשאַרע. פֿון „זאַ־גאַטזערנאָ" ווערט מען אַזוי גיך נישט אויסגעלייזט. וועסט עסן מיט אונדז וואַרמעס אויך. מיר זענען נישט אַזוי איידל געפּאַצקעט, ווי אַנדערע. מיר עסן אַלע טאָג דרײַ מאָל. — האָט זיך געחכמהט דער קאָמונאַר און צוגע־פֿינטלט צו חנהן.

— וואַרמעס־צײַט וועל איך זײַן זאַלבעצווייט. — האָט חנה אָנגע־זאָגט.

— וואָס טויג דיר זאַלבעצווייט. גיי נישט אַוועק, וועלן מיר זײַן זאַלבעדריט, — האָט זיך יענער ווידער געוויצלט.

אָבער חנה האָט עס שוין נישט געהערט. זי איז האַסטיק אַוועק צום וואָקזאַל. עס האָט זיך איר פּלוצעם אויסגעוויזן, אַז נחמיה וואַרט שוין דאָרטן.

ווי פֿון פעך האָבן זיך געצויגן די לעצטע מינוטן. חנה האָט אַזוי גע־וואַרט, אַזוי אַרויסגעקוקט, אַז בעת דער צוג איז שטיין געבליבן, איז חנה פֿאַרבײַגעלאָפֿן דעם פֿינפֿטן וואַגאָן. אָן אַן אָטעם איז זי געלאָפֿן צוריק און אַרײַנגעפֿאַלן גלײַך אין נחמיהס צעשפּרייטע אָרעמס. ער האָט זיך מיט איר אין איינעם אַ דריי געטאָן, ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ קינד אויף די הענט. דערנאָך זי אַראָפּגעלאָזט, אָנגעקוקט, צוגעלאָפֿן, זיך אײַנגענורעט אין איר וואַטניק, זיך אָפּגעריסן פֿון איר, ווידער זי אָנגעקוקט און דער־שראָקן געפֿרעגט:

— חנוכל, דו ביסט געזונט? איך דערקען דיך נישט. דו ביסט בלייך און אַזוי אויסגעמאָגערט.

חנה האָט אים זייער געוואָלט באַרויקן, זי האָט זיך אָבער אַזוי צעוויינט, אַז זי האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט זאָגן.

— וויינסט? וואָס טוסטו? מער וועלן מיר זיך נישט צעשיידן, — האָט ער שטיל גערעדט און אויסגעקושט אירע אויגן און אירע נאַסע באַקן.

שפּאַנען זיך אַזוי די אָקסן באַדאַכט און פּאַמעלעך, סקריפּען די רעדער, קרעכצט די מאַזשאַרע, ס׳וואָרעמט די זון, ס׳צאַפּלען די פֿאַרוויאַנעטע גרעזער פֿון גרינגן ווינט און אויפֿן דעק פֿון מאַזשאַרע זענען אין צווייען צונויפֿגעצווילינגט. „מײַן נשמה, מײַן טײַער קינד, מײַן גליק" — פֿליס־טערט נחמיה. „מײַן זונעלע, מײַן חלום, מײַן אָטעם און מײַן לעבן" — פּרעפּלט חנה גלײַך אין נחמיהס אויער אַרײַן. דערנאָך קוקן זיי לאַנג איינער אויפֿן אַנדערן. זיי קוקן און שווײַגן. און ס׳דוכט זיך, אַז זייערע שוואַר־צאַפּלען פֿלאַטערן אַרײַן פֿון איינעם אינעם אַנדערן.

די שטומע עדות, די אָקסן, דער הימל, דער סטעפּ, דער ליכטיקער הימל־גורט טוליעט זיך ווייך צום טונקעלן ערד־זוים. אַלץ איז אַזוי אומ־פֿאַרמײַדלעך, ווי נחמיהס און חנהס באַגעגעניש. עס שפּאַנען די אָקסן באַדאַכט און פּאַמעלעך, זייערע בידנע אַנגלען פֿון די קינען רײַבן די קאָרגע אַראָפּגעשלונגענע און צוריק אַרויפֿגעבראַכטע האַרטע שטרוי. אַזוי מאַלעגייערן זיי גלײַכגילטיק און רעגלמעסיק און הייבן נישט אָן צו וויסן, וואָס געשעט איצט אין מאַזשאַרע.

געקומען אין קאָמונע, האָט זיך חנה דורכגערעדט מיטן פֿאָרזיצער און געפּועלט, אַז מע זאָל אירע שכנות, כעוועדן מיט ריווקען — אַרײַנ־זעצן אין דער פֿרויען־צוזאַמענוווינונג. און אויף מאָרגן איז זי מיט נחמיהן געוואָרן בעלי־בתים פֿון אַן „אייגענעם" צימער.

אין יענער צײַט, פּונקט ווי אין אונדזער צײַט, איז גאָר קיין סברה נישטאָ, אַז מע זאָל קאָנען זײַן אָפּגעשלאָסן פֿון דער וועלט. בײַם אָוונטיקן געמעלק האָט חנה אויסגעזען ביז גאָר יומטובדיק. די מעלקערינס און די סקאָטניקעס, ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן, זענען געווען צו איר גוט און צוגעלאָזט. די אַרבעט איז געגאַנגען ווי אויף פּוטער. נאָכן געמעלק און נאָך דער איבערדיקער אַרבעט איז זי געלאָפֿן צו נחמיהן. ער האָט אַרויס־גענומען פֿון טשעמאָדאַן אַ בלוי קלייד, עס צוגעלייגט צו חנהס אַקסלען און אײַנגערעדט:

— זע אַליין, וווּנדערלעך!

דערנאָך האָט ער אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף אירע אַקסלען אַ קרעמעווע געפֿרענדזלטע דינע פּאַטשיילע און אָנגעקוואָלן, קוקנדיק אויף איר. פֿאַר די קינדער האָט ער אויך געבראַכט קליידעלעך און שיכעלעך. נאָר דאָ האָט חנה דערווידערט:

— מײַנע קינדער װעלן גײן אין עסיק און אין האָניק?

— פֿאַר װאָס עפּעס דײַנע? אונדזערע! כ׳האָב געבראַכט פֿאַר די איבעריקע אױך. דאָס איז ערשטנס. צװײטנס, װעלן מיר דאָך אַװעקפֿאָרן. װאָס קוקסטו אױף מיר? אַװדאי װעלן מיר אַװעקפֿאָרן. קום, זעץ זיך לעבן מיר אױפֿן בעטל.

אַזױ זענען זײ געזעסן אױפֿן בעטל און אַ רעכטע װײַלע געשװיגן. פּלוצעם האָט זיך חנה דערמאָנט און געפֿרעגט:

— נחמיהלע, דו ביסט נישט הונגעריק?

— און דו?

— ס׳איז מיר אַזױ גוט, אַז איך װיל אַפֿילו נישט עסן.

— װילסט יאָ, װילסט נישט, אָבער מע דאַרף גײן, — האָט ער געזאָגט.

דאָס עסצימער האָט איצט אױסגעזען גאָר אַנדערש. די העלע צעראַ־טעס, װאָס דער פֿאַרזיצער האָט געבראַכט אױף די נאָװעמבער־טעג, זענען געלעגן אױף די טישן, די הילצערנע פֿאַדלעגע איז געװען אױסגעװאַשן, קײן קראָקװעס האָבן שױן אױך נישט געסטאַרטשעט — זײ זענען געװען באַהאַלטן אונטער אַ סופֿיט פֿון אָפּגעהובלטע ברעטער. די פֿענצטער און די טירן זענען געװען אױסגעפֿאַרבט מיט העלער פֿאַרב. דאָס עסן איז שױן אױך געװען נישט דאָס, װאָס זומער: אױף די טישן זענען געשטאַנען געזײערטע פּאָמידאָרן, ברינדזע, פֿריש ברױט און לעבן יעדן אַלומיניעװען קװערטל מיט טײ איז געלעגן אַ ציגעלע צוקער. די מערהײט קאָמונאַרן האָבן שױן אָפּגעגעסן. אָבער די, װאָס זענען נאָך געזעסן בײַ די טישן בעת חנה מיט נחמיהן זענען אַרײַנגעקומען, האָבן אױסגעשריגן:

— חנה, שטעל לחיים! חבר קודאַזשניק, קוקט זי אָן, איר האָט אַרײַנ־געבלאָזן אין איר אַ נײַע נשמה.

— אין װעמען „אין איר", אין מײַן חנהן? — האָט נחמיה געלאַסן געפֿרעגט. זײַנע װערטער האָבן געמאַכט דעם געהעריקן אײַנדרוק — עס איז שטיל געװאָרן.

נאָכן עסן האָט חנה מיט נחמיהן אַװעקגעטראָגן די קלײדעלעך, די צאַצקעס, די צוקערקעס, װאָס ער האָט געבראַכט פֿון מאָסקװע פֿאַר די קינדער.

װאָס עס האָט זיך געטאָן אין קינדערהײם, איז שװער איבערצוגעבן. דעם אָװנט האָבן זיך די קינדער געלײגט שלאָפֿן מיט צװײ שעה שפּע־טער װי געװײנלעך.

בעת חנה מיט נחמיהן זענען נאָכן באַזוך אין קינדערהיים צוגעגאַנגען צו דער טיר פֿון זייער צימער, האָבן זיי דערהערט פֿריילעכע שטימען. געעפֿנט די טיר, האָט חנה אַרויסגעלאָזט אַ פֿריידיק געשריי — נישט אַזוי דערפֿון וואָס דאָ איז געווען חיהלע, שימקע, אפֿרים דער טשאַבאַן, נישט אַזוי דערפֿון וואָס דאָ איז איצט געווען אַ טיש, עטלעכע בענקלעך, — דאָס געשריי האָט חנה אַרויסגעלאָזט, ווײַל דעם צימער איז נישט געווען צו דערקענען. דאָס פֿענצטער איז געווען פֿאַרפּוצט מיט אַ פֿאַרהאַנג פֿון געלער מאַרליע. דער טיש — פֿאַרשפּרייט מיט רויטן ציץ. און אין אַ קאָנסערוון־פּושקע זענען געשטאַנען קווייטן, לעבעדיקע בעסמערטניקעס. זיי קאָנען שטיין אָן וואַסער יאָרנלאַנג און בלײַבן בײַם קאָליר. דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט גראָד אויך געברענט. באַקוקט די דאָזיקע גרויס־אַרטיקייט, האָט חנה אויפֿגעוואָרפֿן חיהלען:

— דאָס איז דײַן אַרבעט? ווו האָסטו גענומען אַקריכין פֿאַר דער מאַרליע?

— אָבער ס'איז שײַן? — האָט חיהלע געפֿרעגט און זיך צעלאַכט.

די טיר האָט זיך געעפֿנט און עס האָבן זיך באַוויזן לייבקע דער טראַק־טאָריסט, שכנא דער שמיד און רוווקע דער פֿאַרקויפֿער.

— רוווקע, אויף דיר לייגן מיר הײַנט גרויסע האָפֿענונגען, — האָט חיהלע צו אים געזאָגט.

רוווקע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און איז נעלם געוואָרן. מע האָט שוין אויסגעזונגען אַ היפּשע צאָל לידער, מע האָט שוין נישט איין מאָל געזאָגט נחמיהן „מזל טוב". חיהלע האָט שוין געבראַכט אַ טשײַניק מיט געזאָדענער וואַסער, און ערשט דאַן האָט זיך באַוויזן רוווקע. ער האָט געבראַכט אַליימען שיסעלע קאַמסאַ, אַ לעבל ברויט און אין אַ שקאַרמיץ צונויפֿגעקלעפּטע ראָז־בלייכע צוקערקעס. ערשט איצט האָט זיך צעברענט אַ מוראדיקע סעודה, עס איז געוואָרן אַזוי היימלעך, טאַקע נאָר ווי אויף אַ חתונה. אָבער פֿריילעכער פֿון אַלעמען איז געווען חנה. זי האָט דאָס מאָל געזונגען אַזוי האַרציק, אַז נחמיה, וואָס איז צום אָנהייב געזעסן אויפֿן בעטל לעבן איר, האָט זיך אויפֿגעהויבן, שטיין געבליבן אַנטקעגן און די גאַנצע צײַט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון איר.

— ווען וועט מען גיין צו דער חופּה? — האָט חיהלע געוואָלט וויסן.

— ערשטנס, איז שוין לאַנג נאָך דער חופּה. צווייטנס וועלן מיר גיין

צו דער חופּה, ווען מײַן חנהלע וועט ווערן, — האָט נחמיה געשטילט אַלעמענס נײַגעריקייט.

ווײַט נאָך האַלבער נאַכט זענען אַלע אַוועקגעגאַנגען. ענדלעך האָט חנה געפֿרעגט:

— נחתמיהלע, פֿאַרוואָס האָסטו אַזוי לאַנג נישט געשריבן און וואָס ביסטו אַזוי פּלוצעם געקומען?

— שרײַבסט מיר אָן נישט מער און נישט ווינציקער, אַז איך זאָל לאַשטשען מײַנע געמעלן!... איצט ווייסטו שוין, פֿאַרוואָס איך בין אַזוי פּלוצעם געקומען, איז גיי אַהער און גיב מיר אַ קוש.

— איַי, האָסטו גוט געטאָן, איך קאָן דיר גאָרנישט זאָגן, וואָס פֿאַר אַ מאַלאַדיעץ דו ביסט. אָבער איַיל זיך נישט אַזוי, כ׳וועל דיר שוין געבן אַ קוש.

די צײַט איז געגאַנגען, דו. האַרעוואַניע האָט זיך נישט געמינערט. חנה פֿלעגט קומען פֿון דער אַרבעט אַזאַ מידע, אַז זי איז ממש געפֿאַלן פֿון די פֿיס. און אין איינעם אָן אָוונט, ווען זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין צימער, האָט זי דערזען נאָך אַ געלעגער.

פֿון וואַנען האָסטו דאָס גענומען? — האָט זי געפֿרעגט בײַ נחמיהן.

— איך בין אַוועק צו דער נײַער שטוב, כ׳האָב געבעטן בײַ די סטאָ־ליערס, האָבן זיי מיר געגעבן עטלעכע אָפּגעהובלעטע ברעטער, זעסט, כ׳האָב זיי אַוועקגעלייגט אויף ציגל. אַ סעניק האָט מען מיר געגעבן אין צוזאַמענוווינונג, לײַלעכער האָב איך געבראַכט, ווערסטו איצט טאָקע קענען אָפּרוען עטלעכע שעה, — האָט נחמיה דערקלערט.

ס׳פֿלעגט אָבער אָפּט טרעפֿן, אַז חנה האָט זיך צוגעזעצט צו נחמיהן אויף זײַן געלעגער און ווי פֿון זיך אַליין גענומען דערציילן וועגן דער קינדהייט, וועגן שטעטל. אַזוי ווי חנה האָט אַלצדינג אויסגעצייכנט געדענקט, איז איר דאָס נישט שווער אָנגעקומען. איצט האָט זי טאָקע דערציילט:

„קיין טאַטן האָב איך נישט געהאַט, דעם שטיפֿטאַטן וויל איך אַפֿילו נישט געדענקען, פֿון דערווייטנס האָב איך מײַן מאַמע האַלט, אָבער קינד־ווײַז האָב איך זי נישט געקאָנט אָנקוקן. זי האָט דאָך געוווּסט, אַז דער שטיפֿטאַטע שלאָגט מיך, און זי האָט זיך קיין מאָל נישט אָנגענומען פֿאַר מיר. איין מאָל האָט די באָבע דערזען, ווי מע ממיתט מיך, האָט זי מיך אַרויסגעריסן פֿון זײַנע הענט און פֿון דעמלט אָן בין איך געבליבן בײַ דער

באָבען מיטן זיידן. מײַן זיידע איז געווען אָן אַ גאַל און ער האָט געהאַט סמיכות״.

— וואָס איז דאָס סמיכות?

— ער האָט געקאָנט זײַן אַ רב. איך געדענק, ווי עס זענען געקומען די שענסטע בעלי־בתים און זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל ווערן רב אין שטעטל. אָבער דער זיידע האָט צו זיי געזאָגט: „גייט אײַך געזונטערהייט, אַ דאַנק פֿאַרן כבוד, איך וועל שוין בעסער לעבן פֿון מײַן מלאָכה, פֿון מוליעריַי, וואָרעם איך האָב קיין וואָג נישט פֿאַר מײַנע אייגענע עבירות.

— וואָס איז עס עבירות, חנהלע?

— נחמיה, דו לאָזט נישט דערציילן. געדענק די ווערטער, וואָס דו פֿאַרשטייסט נישט, און נאָכדעם וועסטו מיך פֿרעגן. הער זשע ווײַטער. זומער־צײַט פֿלעגט מען דעם זיידן אַוועקפֿירן אויף אַ גאַנצער וואָך. ער האָט געמאַכט בײַ פּריצים קאָמינען און קאַפֿלנע אויוונס. די באָבע האָט זיך אויסגעלערנט פֿאַרבעריַי, דעריבער האָט זיך דער זיידע אָפּט געבייזערט. „עס פֿעלט דיר אויף דער וואָך, צי, חלילה, אויף שבת? וואָס דאַרפֿסטו אײַנרײַסן וועלטן, ווי, איך וייס נישט וועד?״ אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפֿן. די באָבע האָט זיך געטאָן ווי זי פֿאַרשטייט. און מיך האָט זי קיין מאָל נישט געלאָזט זיצן אַ מינוט ליידיק. איך האָב געדאַרפֿט יעטן דעם גאָרטן, ראַמען די שטוב, העלפֿן טראָגן וואַסער, וואָרעם צו פֿאַרבערײַ דאַרף מען האָבן אַ סך וואַסער. געוויס האָב איך בעסער געוואָלט אַרומלויפֿן ווי אַלע מיידעלעך, אָבער איך האָב קיין צײַט דערויף נישט געהאַט. אַז איך פֿלעג זיך צעקריגן מיט דער באָבען, פֿלעג איך אַנטלויפֿן צום פֿעטער הירשע דעם מילנער, דערנאָך... דערנאָך איז לאַנג צו דערציילן. צו פֿערצן יאָר בין איך אַנטלאָפֿן פֿון שטוב, און צו אַכצן יאָר בין איך אָנגעקומען אין קאָמונע.

— איצט פֿאַרשטיי איך פֿאַרוואָס דו האָסט מיר געשריבן אַזעלכע בריוו. איך בין גאָר נישט אַזאַ ווי דו. איך בין אַ שטילער, אַ פּאַסלושנער, כ׳האָב זיך געלערנט אין שול און געמאָלט אַלץ וואָס איך האָב געזען און ווי עס האָט זיך געלאָזט. איך האָב דערפֿאַר אַרײַנגעכאַפּט אַ פֿײַן פּעקל קלעפּ, וואָרעם איך האָב געמאָלט מיט קוילן אויף די ווענט, מיט קרײַד אויפֿן טיש, האָט עס די מאַמע נישט געקאָנט לײַדן. דער טאַטע איז געשטאָרבן פֿון טשאַכאָטקע. ס׳איז געווען בײַ אונדז אַ פֿולע שטוב קינדער. מײַן

עלטערע שוועסטער האָט זיך אויסגעלערנט פּראָוויזאָר און איז אַוועקגע־פֿאָרן קיין קאַסטראָמאַ. זי האָט דאָרטן געאַרבעט אין אַן אַפּטייק. האָט זי צוגעשיקט עטלעכע רובל און איך בין אַוועקגעפֿאָרן צו איר. אין קאַסטראָמאַ זענען אין צוואַנציקסטן יאָר געקומען אַ סך אינטעליגענטן פֿון פּעטראָגראַד און פֿון אַנדערע שטעט. איז אַהין אויך געקומען איינער אַ מאָלער — ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש קופּריאַנאָוו. מיט איין וואָרט, מײַן שוועסטער האָט אַוועקגעטראָגן צו אים מײַנע געמעלן. ער האָט גראָד דעמלט געעפֿנט אַ מאָלער־שול, האָט ער מיך אַהין צוגענומען. אין צוויי־און־ צוואַנציקסטן יאָר איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע און געוואָרן אַ פּראָפֿעסאָר אין „וכטוטעמאַס" און דעמלט האָט ער מיך אַהין אַרויסגעפֿאָדערט. מײַן שוועסטער האָט מיר געגעבן אויפֿן וועג צוויי הערינג, אַ האַלב לעבל ברויט און דערמיט בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע. כ'האָב אויסגע־האַלטן דעם עקזאַמען אויף אויסגעצייכנט. ווי דו זעסט, בין איך געוואָרן אַ מאָלער. אָבער ס'איז דאָך שוין זייער שפּעט, און מע דאַרף זיך לייגן שלאָפֿן.

נישט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. חנה האָט זיך קוים אַרויס־געגליטשט פֿון זײַנע הענט, און אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז זי געלאָפֿן איבערן הויף צו דער קו־שטאַל. איינציקע בלייכע, קאַלטע שטערן האָבן געקוקט אין הימל. חנה איז געלאָפֿן אין צעשפּיליעטן וואַטניק, זי האָט נישט געפֿילט, ווי די שטילקייט טוליעט זיך צו איר. אין שטאַל האָט זי נישט געהערט, וואָס די מעלקערינס רעדן. זי האָט אַפֿילו נישט געהערט, ווי די בלעכענע עמערס און בידאָנעס קלימפּערן, ווײַל זי איז געווען באַטויבט, ווי פֿון גלעקער־געקלאַנג, פֿון די אויפֿגעקומענע, אַזוי געגאַרטע געפֿילן, וואָס האָבן זי אין גאַנצן באַהערשט.

חנהס טעג זענען איצט געפֿלאָסן אין כּסדרדיקער פֿרייד. קוים האָט זי געענדיקט די אַרבעט אין קו־שטאַל, איז זי געלאָפֿן צו „איר" צימער, וואָרעם דאָרטן זענען אַלע טאָג אויפֿגעקומען ווונדערלעכע זאַכן. נחמיה האָט דאָך איצט נישט געקאָנט מאָלן אין סטעפּ, האָט ער געמאָלט אַקוואַ־רעל־פּאָרטרעטן און בלײַשטיפֿט־פּאָרטרעטן פֿון די קאָמונאַרן. ווי נאָר חנה פֿלעגט אַרײַנגיין אין צימער, האָט ער אויסגעלייגט דאָס, וואָס ער האָט געמאַכט פֿאַרן טאָג, אויף די געלעגערס, און חנה איז געווען אויסער זיך. נישט איין מאָל האָט זי געבעטן:

— נחמיהלע, כאַפּ נישט צו. לאָז, דאָס איז דאָך לייבקע־טשאַרלי, ער איז ווי אויסגעגאָסן.

נחמיה האָט געשמייכלט, אַמאָל שטיל באַמערקט:

— חנוכּעלע, דו פֿאַרשטייסט נאָך נישט, דערפֿאַר לויבסטו.

— ביסט גערעכט, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז עס געפֿעלט מיר פֿאַרט.

— עס געפֿעלט דיר? קוק און שווײַג.

האָט זיך טאַקע חנה אויסגעלערנט קוקן און שווײַגן.

אין די אָוונטן איז זי מיט נחמיהן אָפֿט געגאַנגען צו די קינדער. ער פֿלעגט צוגרייטן פּירקאַנטיקע שטיקעלעך פּאַפּיר און מאָלן פֿאַר די קינדער פֿערד, לאָשעקעס. נישט זעלטן האָבן זיך די אָוונטן געענדיקט מיט טרערן, ווײַל די קינדער האָבן נישט געוואָלט, אַז נחמיה מיט חנהן זאָלן אַוועקגיין.

וואָס אַ טאָג ווײַטער האָט חנה אַלץ מער געפֿילט, אַז זי קאָן נישט לעבן אָן נחמיהן. זי האָט אָבער גוט געזען, אַז ער קאָן אויך נישט זײַן אָן איר. טאָמער האָט זי זיך צוליב עפּעס פֿאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט, איז ער שוין געווען אין שטאָל. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז חנה האָט פֿאַר אים געקראָגן אַ וואַטניק און ער האָט געהאָלפֿן רייניקן דאָס מיסט, פֿונאַנ־דערלייגן מאַקוכע אין די קאָרעטעס. אויב נישט דאָס, איז ער געשטאַנען מיט אַ בלאָקנאָט און מיט אַ בלײַקע און האָט געצייכנט די מעלקערינס, די בהמות, דעריבער האָט שלמה דער נאַכט־סקאָטניק צו אים געזאָגט:

— ס׳איז בעסער אַ פֿויגל אויפֿן צווײַגל, איידער צוויי אין שטײַגל. איר דאַרפֿט שוין נישט פֿאָרן קיין מאָסקווע, די קאָמונע פּאַליובעט אײַך.

— די קאָמונע איז טאַקע גוט — האָט נחמיה געזאָגט.

אין די טעג, ווען חנה פֿלעגט פֿאָרן קיין סאַקי, איז נחמיה מיטגעפֿאָרן מיט איר. איין מאָל האָט חנה נישט געוואָלט, ער זאָל מיטפֿאָרן. עס איז געווען קאַלט, ס׳איז אויסגעפֿאַלן אַ שניי, און זי האָט געפּועלט בײַ אים, ער זאָל בלײַבן אין דער היים. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געאַרבעט און פֿאַר נאַכט אַוועק באַגעגענען חנהן. נאָר ס׳איז אַוועק אַ געדיכטער שניי, און ער האָט זיך אומגעקערט. בעת חנה איז געקומען פֿון סאַקי, האָט זי געטראָפֿן נחמיהן אין דרויסן בײַ דער שטוב. ער האָט פֿונאַנדערגענומען די פּאָלעס פֿון זײַן מאַנטל, זי צוגעטוליעט צו זיך און מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם געפֿרעגט:

— וווּ ביסטו געווען אַזוי לאַנג?

— דו האָסט שוין געגעסן, נחמיה?

— וואָס פֿרעגסטו נאַרישקייטן, וואָס עסן? כ׳האָב געמיינט, אַז איך ווער משוגע.

— איך האָב גראָד יאָ געגעסן. קום, כ׳האָב גוטע נײַס, — האָט חנה געזאָגט פֿול מיט פֿרייד, אַזוי, אַז ער האָט זיך אַזש געפּילט געטראָפֿן.

אָבער הערנדיק וואָס חנה דערציילט האָט ער זיך אויך געפֿרייט, נישט ווינציקער פֿון איר.

— איך ווייס נישט צי דו ווייסט, וואָס איז געשען מיט פֿיאָדאָר פּעטראָוויטשן. ער איז זייער אַ גוטער מענטש. דאָס האָט ער מיר געהאָלפֿן אָפּשיקן דעם אַקרעדיטיוו. וואָס זאָל איך דיר לאַנג ברײַען, איך קום הײַנט אין סאָקי, גיי אַרײַן אין קאָנטאָר, פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש איז דאָ! ער האָט מיר דערציילט, אַז מע האָט אים אַראָפּגענומען פֿון דער אַרבעט דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהייסן די עופֿות מיט די געגנדז אַרײַננעמען אין דער קאָל־ווירטישער בעל־ביתישקייט. מיט איין וואָרט, מע האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז אַ טעות און מע האָט אים אויפֿגעשטעלט. איך האָב הײַנט נישט נאָר געגעסן וואַרעמס אויפֿן קוראָרט, כ׳האָב אויסגעטרונקען אַ גלעזל בראַנפֿן אויך.

— פֿאַר אַזאַ זאַך קאָן מען אויסטרינקען!... איצט טו אַ קוק, וואָס איך האָב הײַנט געמאַכט.

— אָט די געפֿעלט מיר און אָט די געפֿעלט מיר, אָבער דו זאָגסט דאָך, איך זאָל שווײַגן.

נחמיה האָט געקוקט אויף איר און געשמייכלט. — ער האָט הנאה געהאַט, וואָס זי האָט טרעפֿלעך געוויזן אויף די בילדער, וואָס ער אַליין האָט אויך גערעכנט, אַז זיי זענען געראָטן.

איצט, אַז נחמיה איז געווען מיט חנהן אין איינעם אַ סך מערער ווי פֿאַר זײַן אַוועקפֿאָרן, האָט ער גוט פֿאַרשטאַנען וואָס פֿאַר אַ מענטש זי איז. ס׳זענען אָבער אויך געווען סיבות, וואָס האָבן אַ ביסל פֿאַרשאָטנט זײַן געמיט. ער האָט געזען, אַז חנה איז נישט אין גאַנצן די, וואָס זי איז געווען. ער האָט איצט נישט געהערט פֿון איר קיין פֿעפֿערדיקע ווערטער בײַ דער אַרבעט, זי האָט נישט געמוסרט די מעלקערנס, זיך נישט געביי־זערט אויף די סקאָטניקעס, שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז מיט אים, מיט נחמיהן, איז זי געווען אַזוי נאָכגיביק, פֿאָלגעוודיק, אַז גראָד דאָס פֿלעגט אים אָפּט פֿאַראומערן. נחמיה האָט עס נישט געוואָלט, אים איז בעסער

געוועז צום האַרצן איר ווידערשפעניקייט, און ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי געביטן. נישט איין מאָל האָט ער זיך דערמאָנט דעם משפּט, דערפֿאַר וואָס חנה האָט געשלאָגן די פּאָסטעכער, און ער איז געווען זיכער, אַז איצט וואָלט זי אַזאַ זאַך נישט געטאָן.

אַנומלטן האָט ער איר אַ פֿרעג געטאָן:

— חנוכּעלע, פֿאַר וואָס ביסטו געוואָרן אַזאַ פּאַדאַטליווע, אַזאַ שטילע?

— ווי זאָל איך דיר דאָס זאָגן? פֿאַרשטייסט, איך זע, אַז דו אַליין ביסט אויך אַ שטילער. דו טוסט דיר דײַן אַרבעט און דו שווײַגסט. אמת, איך ווייס, אַז נישט אַלץ וואָס מע זאָגט אין דער שטיל איז קלוג, און נישט אַלץ וואָס מע זאָגט אין דער הייך איז נאַריש. אָבער איך זע דאָך, אַז ווען איך זאָג אַפֿילו אין דער שטיל, פֿאָלגט מיך די בריגאַדע נישט ערגער ווי פֿריִער. אויף דיר זאָל איך שרײַען? ווי פֿאַרשטייסטו דאָס נישט? איך בין גאָרנישט פּאַדאַטליווע. כ׳וויל זײַן אַזאַ גוטע און אַזאַ שטילע, ווי דו. בעת איך הער ווי ס׳רײַסט זיך אַרויס פֿון מיר אַ געשריי, קאָסט עס מיך געזונט. און איך גיב זיך אַ שבועה, אַז איך וועל קיינמאָל־קיינמאָל מער נישט שרײַען.

— אוי, טײַערינקע, וואָס פֿאַר אַ „פּרעלעסט״ דו ביסט! — האָט נחמיה דאָס מאָל גראָד יאָ אויסגעשריגן.

חנה האָט געזאָגט, אַז ווען זי שרייט נישט פֿאָלגט איר אויך די בריגאַדע. אָבער דאָס איז געווען נישט נאָר דערפֿאַר, וואָס זי איז געוואָרן שטילער, ס׳איז געווען אַ וויכטיקע און ערנסטע סיבה, און די סיבה האָט אַ נאָמען — גליק. די מעלקערינס, די פּאָסטעכער, די סקאָטניקעס — אַלע האָבן געזען און געפֿילט, אַז אויף חנהן רוט די שכינה. זיי האָבן געזען, זי איז אײַנגעהילט אין עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכט זי דערהויבן, און קיין איינער פֿון זיי וואָלט חנהן נישט געקאָנט אָנטאָן קיין האַרצווייטיק.

און די צײַט איז דערווײַל געפֿלאָסן. נײַ־יאָר האָבן עטלעכע קאָמונאַרן און קאָמונאַרקעס זיך באַגעגנט מיט חנהן און נחמיהן. לייבקע־טשאַרלי האָט געשפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער און אויסגעזונגען:

— אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר איז טרוקן אין האַלדז, ווו זשע נעמט מען עפּעס אין דער דאָזיקער נאַ־אַ־כט?....

— דאָרשטיקע זאָלן דערקוויקט ווערן, הונגעריקע זאָלן געזעטיקט זײַן — האָט פֿראָים דער טשאַבאַן אויסגערופֿן.

— אוי, ציט אונטערן לעפּעלע, — האָט זיך פּלוצעם דערמאָנט חיהלע.

גיי נעם אַ לעק שניי אויף דײַן גאָרטן, — האָט זיך צעוויצלט שכנא דער שמיד.

ביי די ווערטער האָט זיך די טיר געעפֿנט און שימקע דער קאָניוך האָט זיך באַוויזן. די רעכטע פּאָלע פֿון זײַן וואַטניק איז אָפּגעשטאָנען, ער האָט אַרויסגענומען פֿון דאָרטן אַ קײַלעכדיק לעבל ברויט און אַ פֿיר־קאַנטיק היפּש פּעקל אין אַ שמאַטקע.

— ווו האָסטו דאָס גענומען? — האָבן אַלע מיט אַמאָל אויסגעשריגן.

— בריות, גייט נעמט! איך שטיי מיר אַזוי מיט דער בײַדאַרקע און מיטן פֿערד ביי אַ סאַקער וואָקזאַל און איך וואַרט אויפֿן פּאַרזיצער, זע איך עס שפּאַנט מיט אַ פּאַרטפֿעל דער לערער שאַפּיראָ פֿון טשעבאָקטאַרער לאַנדווירטשאַפֿטלעכן טעכניקום. זאָגט ער צו מיר: וואָס שטייסטו דאָ, קום, און ער פֿירט מיך צו צום וואָגן, וואָס וואַרט אויף אים. בקיצור, דער בעל־עגלה פֿון טשעבאָטאַרקע האָט מיר געגעבן די מתּנה.

— לעקיש איינער, האָסט אַליין אויך געמעגט צובײַסן, — האָט חיהלע באַמערקט.

— אַ פֿאַרשפּעטיקטע עצה איז אַ שטיין אויפֿן האַרצן. אַ מעסער האָט איר דאָ, יידן? — האָט שימקע זיך געחכמהט.

כאָטש מע האָט ווינציק צוגעביסן און חוץ וואַסער האָט קיינער קיין אַנדער געטראַנק נישט פֿאַרזוכט, איז מען געזעסן ביז אין ווײַסן טאָג אַרײַן. מע האָט זיך געווונטשן, אַז דאָס איין־און־דרײַסיקסטע יאָר זאָל זײַן אַ גליקלעכס און אַ געראָטנס, ס'זאָל זײַן אַ גוטע גערעטעניש און ס'זאָלן געבוירן ווערן אַ סך קאָמונאַרלעך. פֿאַר וואָס איז חיהלען באַפֿאַלן אַזאַ געלעכטער, איז געווען אומפֿאַרשטענדלעך, אָבער זי האָט אַזוי גע־קײַכט, אַז זי האָט אַזש גענומען שלוקערצן.

— לאָך נישט חיהטשקע, גיב בעסער אַ גרינע אוגערקע, — האָט שימקע אומעטיקלעך געזאָגט.

אָבער קיינער האָט עס שוין נישט געהערט, ווײַל חנה האָט געזונגען: „גיי איך מיר אַרויס אויפֿן גאַנעקל" און „שטערנדל, שטערנדל, בלויער שטאָפּעטעלע" זי האָט געזונגען ביז דעם אינדערפֿרײַען געמעלק. בעת זי איז נאָכן געמעלק אַרײַנגעגאַנגען אין צימער, האָט זי געזען, ווי נחמיה שלאָפֿט אין אָנטאָן. זי האָט אים אײַנגעדעקט מיט זײַן מאַנטל און מיטן אַנטליענעם וואַטניק. שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען און איז אין גיכן צוריק־געקומען מיט אַ שיסעלע אַרבעסענע קאַשע. נחמיה איז שוין נישט געשלאָ־

פֿן. חנה האָט זיך געזעצט אויפֿן בעטל לעבן אים און זיי האָבן ביידע געגעסן — אַ לעפֿל קאַשע זי, אַ לעפֿל קאַשע ער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער נײַער פֿאָרזיצער איז גאָר נישט אַזאַ שלימזל ווי די קאָמונאַרן האָבן בײַם אָנהייב געמיינט. נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער בעל־ביתישקייט, האָט ער געפֿונען צײַט אַרויסרופֿן אַ דעזינפֿעקציע־בריגאַדע פֿון יעוופּאַטאָריע און אין קאָמונע איז נישט געווען צו געפֿינען אַ וואַנץ אויף אַ רפֿואה. אויף די רו־טעג האָט מען געקוילעט צוויי שאָף אָדער אַן עקסל. אַלע קינדער האָבן געהאַט שיכעלעך און מאַנטעלעך. דאָס אויסקומעניש איז געוואָרן געמיטלעכער, גרינגער, אָבער ס'האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פֿון דער קאָמונע וועט ווערן אַ קאָלווירט. קאָמונאַרן האָבן אָנגעהויבן דערלאַנגען מעלדונגען, אַז זיי פֿאַרלאָזן די קאָמונע.

כאָטש חנה האָט געוווּסט, אַז זי וועט אין גיכן אַוועקפֿאָרן מיט נחמיהן, האָט זי דערווײַל קיין מעלדונג נישט אָנגעגעבן. זי האָט געאַרבעט ווי פֿריִער. בײַ נחמיהן זענען די טעג אויך נישט אַוועק אומזיסט. ער האָט שוין געהאַט צענדליקער אַקוואַרעל־פּאָרטרעטן און צייכענונגען. אַנומלטן האָט חנה צו אים געזאָגט:

— נחמיהלע, ווילסט ווײַזן דײַנע געמעלן? וועלן מיר אַריבערפֿירן די קעלבער אין קאַשאַרע צו די שאָף, די קעלבער־שטאַל וועלן מיר אויס־ראַמען און אויסקאַלעכן, וועסטו דאָרטן קאָנען אויסהענגען דײַנע בילדער.

— וואָס פֿאַלט דיר אײַן? ערשטנס איז קיין גלאָז נישטאָ, צווייטנס ווייס איך נישט צי די קאָמונאַרן דאַרפֿן דאָס.

— ערשטנס, וויל איך וויסן, צי דו דאַרפֿסט דאָס. ווײַטער איז דאָך איצטער נישט זומער, קיין פֿליגן זענען נישטאָ. וואָס וועט שאַטן דײַנע בילדער, אַז זיי וועלן הענגען אויף די ווענט אַ צוויי־דרײַ טעג?

— איך וואָלט זייער וועלן זען מײַנע אַרבעטן אויף די ווענט, אָבער ווי וועט עס אויסזען אין קעלבער־שטאַל? — האָט נחמיה שטיל און פֿאַרטראַכט געזאָגט.

מער האָט חנה מיט נחמיהן וועגן דעם נישט גערעדט, אָבער זי האָט אַלץ געטאָן, ווי זי האָט געזאָגט. און ווען נחמיה איז אַרײַנגעגאַנגען אין קעלבער־שטאַל, האָט ער זיך געוווּנדערט, ווי ליכטיק און ריין דאָרט איז.

דער ראַט פֿון קאָמונע האָט אויסגעטיילט צוויי קאָמונאַרן און אין נאָענסטן טאָג איז די אויסשטעלונג געעפֿנט געוואָרן.

די ערשטע זענען געקומען די דערציערנס מיט דער עלטערער גרופּע קינדער. די קאָמונאַרן האָבן זיך פֿון אָנפֿאַנג אַרומגעדרייט שטיל, אָקוראַט, ווי זיי זענען שוין נישט איין מאָל געווען אויף אַן אויסשטעלונג. נאָר פּלוצעם האָט זיך געלאָזט הערן: ,,דאָס איז דאָך שימקע, גוואַלד, זע נאָר, פֿראָים? און אָט איז חיהלע!״

דער פֿאָרזיצער האָט אַ געשריי געטאָן:

— שטיל זאָל זײַן! — און ער האָט געבעטן, אַז נחמיה זאָל דערציילן, צי האָט ער אויסגעשטעלט אין מאָסקווע, צי זענען זײַנע בילדער דאָ אין אַ מוזיי...

נחמיה האָט געענטפֿערט אויף דעם, וואָס דער פֿאָרזיצער האָט געפֿרעגט, דערציילט וועגן זײַן אַרבעט. כּמעט אַ וואָך זענען געהאַנגען די אַרבעטן און עס זענען געקומען נישט נאָר די קאָמונאַרן. די סטודענטן פֿונעם טשעבאָטאַרקער לאַנדווירטשאַפֿטלעכן טעכניקום זענען געקומען, אויך מענטשן פֿון די דערבײַיִקע קאָלווירטן, עס זענען אַפֿילו געקומען באַזוכער פֿון סאָקער קוראָרט. אַנומלטן האָט דער פֿאָרזיצער געזאָגט צו נחמיהן:

— אויב איר ווילט, קאָן מען מאַכן אַן אויסשטעלונג אין סימפֿעראָפּאָל. דאָרטן איז אַ קולטורעלער עולם. סימפֿעראָפּאָל איז מײַן שטאָט, און דאָס קאָן מען מאַכן איינס און צוויי.

— אַ גרויסן דאַנק, אָבער אי חתונה האָבן, אי פֿאָרן מיט אַן אויסשטע־לונג קיין סימפֿעראָפּאָל איז שווערלעך, — האָט נחמיה געשמייכלט.

עס האָט נישט געהאָלפֿן, וואָס חנה האָט אים אויך צוגערעדט:

— איך פֿאַרשטיי נישט. דו מאָלסט דאָך נישט פֿאַר זיך. סימפֿעראָפּאָל איז אַ גרויסע שטאָט, איצט איז ווינטער. איך קאָן נעמען עטלעכע טעג אורלויב, וועסט מיר ווײַזן וויאַזוי, וועל איך דיר העלפֿן, וויפֿל איך וועל קאָנען.

אָבער נחמיה איז געשטאַנען אויף זײַנעם. אַ גאַנץ לעבן האָט חנה דערנאָך זיך געוווּנדערט, וואָס זי קאָן נחמיהן נישט איבעררעדן. אַזוי ווי ער באַשליסט, אַזוי טוט ער.

חנה האָט געאַרבעט ווי פֿריִער, און ווי פֿריער האָט זי אָפֿט געטראַכט, אַז די קאָמונאַרן זענען נישט קיין אומגעוויינלעכע מענטשן, אָבער צומאָל

פֿלעגט איר ממש ווי טאָן דאָס האַרץ, וואָס זי וועט אין גיכן פֿאַרלאָזן די קאָמונע און וועט זיך דאַרפֿן צוגעוווינען צו גאָר אַנדערע מענטשן, צו אַ נייַער סביבה, וועלכע זי האָט לחלוטין נישט געקענט, און נישט געוווּסט. כאָטש נישט אַלע קאָמונאַרן זענען צווישן זיך געווען פֿרייַנט־לעך, זענען אָבער אויך געווען שטאַרק נאָענטע, האַרציקע חברים, ווי למשל, חיהלע גרינשטיין, שימקע דער קאַניוך, לייבקע טשאַרלי, פֿראָים דער טשאַבאַן. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס חנה האָט נישט געקאָנט אָנקוקן. איינע פֿון זיי — פֿייגע דימענשטיין, וועמען חנה האָט געגעבן אַ צונעמעניש „פֿייגע די רביצין", און דער נאָמען איז אַזוי צוגעשטאַנען צו יענער, אַז אויב פֿייגע האָט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג געבעטן אַ וואָרט, פֿלעגן די קאָמונאַרן גאַנץ הויך אויסשרייַען: „שטילער, די רביצין וויל דבֿרן". פֿייגע איז געווען אַ הויכע, מיט גרויע אויגן, מיט העלע שיטערע גלייַכע האָר. זי האָט געהאַט אַ מיידעלע, אָבער ווער דעם מיידעלעס טאַטע איז געווען, האָט קיינער נישט געוווּסט. נאָר איין מאָל נאָך וועטשערע האָט שימקע דער קאַניוך אַרייַנגעטראָגן קלאָרקייט אין דער זאַך:

— הערט אויף, חברה, וואָס איז אייַער דאגה? אָן אַ טאַטן פֿאַר איר מיידעלע איז די רביצין זיך נישט באַגאַנגען...

האָט מען געלאַכט, אָבער חנה האָט געלאַכט העכער פֿון אַלע. פֿייגע האָט עס פֿאַרגעדענקט, ווייַל מע האָט עס איר פּינקטלעך איבערגעגעבן. איצט, ווען חנה האָט מיט נחמיהן געוווינט אין איין צימער, איז פֿייגע געווען פֿלאַם־פֿייַער. זי האָט חנהן פֿון מויל נישט אַרויסגעלאָזט, און ווי אומעטום, האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן עס אונטערגעטראָגן חנהן מער און געדיכטער ווי פֿייגע האָט געזאָגט.

ווען נחמיה האָט געמאָלט פֿייגען, האָט יענע געפֿונען אַ גינסטיקע מינוט און געזאָגט:

— חבֿר נחמיה, אין מאָסקווע דאַרף מען מסתּמא זוכן מיידלעך בייַ טאָג מיט ליכט? אויב נישט, וואָלט איר דאָך דאָ זיך נישט אויסגעקליבן קיין כּלה?

נחמיה האָט זי אָנגעקוקט און שטיל באַמערקט:

— חבֿרטע קאָמונאַרקע, פֿאָרט צו קיין מאָסקווע, וועט איר אַליין זען.

מער האָט נחמיה נישט געמאָלט פֿייגען.

— איך האָב געענדיקט, — האָט ער איר געזאָגט.

— מאָרגן איז בײַ מיר אַ פֿרײַער טאָג, זאָל איך קומען? — האָט פֿייגע געפֿרעגט.

— אַ דאַנק. מע דאַרף נישט.

חנה האָט איצט לחלוטין קיין צײַט נישט געהאַט און ס'איז איר אין קאָפּ נישט געלעגן צו טראַכטן וועגן זײַטיקע זאַכן. נחמיה האָט געוואָלט, זיי זאָלן אַוועקפֿאָרן אין פֿעברואַר. חנהן איז אַפֿילו נישט אײַנגעפֿאַלן צו פֿרעגן, „ווו וועלן מיר וווינען?״. וואָרעם וויבאַלד נחמיה זאָגט פֿאָרן, ווייסט ער דאָך, וואָס ער טוט. זי איז געוועזן זייער פֿאַרוווּנדערט, ווען נחמיה האָט צו איר געזאָגט:

— כ'האָב שוין דערלאַנגט אַ מעלדונג אין דאָרפֿסראָט, מיר וועלן זיך פֿאַררעגיסטרירן און וועלן גלײַך אַוועקפֿאָרן.

— אויף אויסוויינִיק ווײַסטו נישט וועמען דו האָסט ליב? צו וואָס דאַרף מען גיין אין דאָרפֿסראָט?

— איך ווייס און דו ווייסט, אָבער איך האָב דערלאַנגט אַ מעלדונג און עס וועט זײַן אַזוי, ווי איך וויל.

אַזוי איז טאָקע געוועזן. דעם פֿופֿצטן יאַנואַר פֿון איין־און־דרײַסיקסטן יאָר האָט חנה געמוזט אָנטאָן דאָס קלייד, וואָס נחמיה האָט געבראַכט פֿון מאָסקווע, די קרעמעווע געפֿרענדזלטע פֿאַטשיילע האָט איר נחמיה אויך דערלאַנגט און די פֿרענדז זענען גרויסאַרטיק געפֿאַלן אויפֿן וואַטניק. שימקע און לייבקע־טשאַרלי זענען געוועזן די עדות. קיין מחותנים האָבן אויך נישט אויסגעפֿעלט. אין פֿולן באַשטאַנד איז געקומען די שטאָל־בריגאַדע, חיהלע, דער פֿאָרזיצער. נחמיה האָט זיך אָפּגעגאָלט, אויסגע־בונדן אַ שניפּס, די מחותנים האָבן געהייסן חנהן אויסטאָן דעם וואַטניק, דאָס בלויע קלייד האָט איר זייער געפּאַסט.

קיין זאַגס־פּאַלאַץ איז דעמלט נישט געווען, דער דאָרפֿסראָט האָט געמעגט זײַן גערוימער — די מחותנים זענען געווען צונויפֿגעפּרעסט, ווי סאַרדינקעס אין אַ שאַכטל.

— שטילער! — האָט באַפֿוילן דער סעקרעטאַר פֿון דאָרפֿסראָט. און האָט אַזוי פּאַמעלעך און ערנסט צוגעשטעמפּלט דאָס פּאַפּיר פֿונעם נײַעם פּאָרפֿאָלק, אַז אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— געפֿונען ווען צו לאַכן! — האָט דער פֿאָרזיצער זיך געבייזערט. פֿון דאָרפֿסראָט האָבן די מחותנים אַוועקגעפֿירט דאָס פּאָרפֿאָלק אין

עסצימער, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמחה. פֿראַים האָט געקערט וועלטן מיט זײַן מויל־האַרמאָניק, חנה האָט מיט אַלעמען געמוזט טאַנצן, אַפֿילו נחמיהן האָט מען אויך אַרײַנגעדרייט אין אַ פּאָלקע. ערשט שפּעט בײַ נאַכט האָבן חנה מיט נחמיהן פֿאַרלאָזט דעם עסצימער.

סוף יאַנואַר איז לעבן קינדערהיים געשטאַנען די איינציקע לאַסט־מאַשין, וואָס די קאָמונע האָט פֿאַרמאָגט. שימקע האָט געטראָגן צו דער לאַסט־מאַשין חנהס „פֿאַרמעגן", וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען אין איין היל־צערנעם געלבלעך־געפֿאַרבטן טשעמאָדאַן. פֿון קינדערהיים האָט מען אַרויסגעפֿירט חנהס קינדער און חיהלע איז געגאַנגען הינטער זיי מיט אַ ווײַס פּעקל אין די הענט, אין וועלכע עס זענען געלעגן צוויי קישעלעך. אַלע זענען געקומען באַגלייטן די משפּחה. מ'איז זיך נישט באַגאַנגען אָן טרערן, אָן געזעגענונגס־ווערטער, אָן אויסגעשרייען: „פֿאַרט געזונטער־הייט", „קומט צוגאַסט"... בײַם וואָקזאַל אין סאָקי איז שוין געשטאַנען פֿיאָדאָר פּעטראָוויטש. ער האָט געבראַכט אין אַ ציכל צוויי לעבלעך ברויט און עטלעכע פּושקעס קאָנסערוון. ער האָט אויך געהאָלפֿן אַרײַנטראָגן די זאַכן און געזעסן אין וואַגאָן ביז דער צוג האָט גערירט.

נחמיה האָט באַזעצט די קינדער, באַוואָרנט די זאַכן, געכאַפּט אַ קוק אויף חנהן און אומרויִק געפֿרעגט:

— פֿאַר וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק, חנהלע?

— כ'ווייס אַליין נישט פֿאַר וואָס.

— דו פֿאַרגעסט, אַז דו פֿאָרסט מיט מיר?

— איך געדענק, אָבער עס קלעמט דאָס האַרץ.

— אפֿשר האָסטו חרטה?

— זאָל גאָר אַזאַ טאָג נישט אויסטאָגן.

מער האָט נחמיה גאָרנישט געפֿרעגט. אים איז אויך געוואָרן אומעטיקלעך. נישט קוקנדיק אויף דעם, האָט ער געצייכנט פֿאַר די קינדער אַלערליי צאַצקעס. דאָס עלטערע מיידעלע, פּערעלע, איז פֿון אים נישט אָפּגעטראָטן. די יינגערע צוויי זענען געזעסן נאָר לעבן דער מאַמען.

און די מאַמע, די מאַמע איז געווען נישט צו דערקענען. נחמיהן האָט זיך אַפֿילו אויסגעוויזן, אַז זי איז אָפּגעצערט געוואָרן. אויף די סטאַנציעס פֿלעגט ער אַרויסלויפֿן פֿון וואַגאָן עפּעס קויפֿן, אָבער אין יענער צײַט איז געווען גאַנץ ליידיק אין די וואָקזאַל־בופֿעטן. אַזוי, אַז דאָס ברויט און

די קאָנסערוון, וואָס פיאָדאָר פעטראָוויטש האָט געבראַכט, איז זייער צוניץ געקומען. ערשט אין כאַרקאָוו האָט נחמיהן אָפּגעגליקט: ער האָט געקויפט פּירעזשקעס מיט פּאָווידלע און צוויי גערייכערטע הערינג. חנה האָט כּמעט נישט געגעסן, אויף איר קוקנדיק האָט נחמיה אויך פֿאַרלוירן דעם אַפּעטיט. כּמעט פֿיר מעת־לעת האָט געדויערט די רײַזע ביז מאָסקווע. חנה האָט זייער ווינציק גערעדט. פּלוצעם פֿלעגט זי אַ זאָג טאָן צו נחמיהן:

— ס'איז שוין פֿינצטערלעך, מע האָט שוין אויסגעמאָלקן די קי.

בײַ נאַכט פֿלעגט נחמיה אַראָפּקריכן פֿון דער אייבערשטער באַנק און אַלע מאָל טרעפֿן חנהן אַ וואַכנדיקע.

— חנהלע, „פּרעלעסט" מײַנע, טו אַ שמייכל, איך קאָן נישט זען ווי אומעטיק דו ביסט. רעד, זאָג כאָטש אַ וואָרט.

— איך האָב דיך אַזוי האָלט, און דיר פֿעלט אַ וואָרט. זאָרג נישט, עס וועט איבערגיין. אַלץ דאַרף זיך אָפּשטיין. איינס־און־צוויי ווערט קיין זאַך נישט.

פֿריילעך זענען געווען נאָר די קינדער. ס'איז אויף זיי אַרויף אַ נײַע הויט. אַלע ווײַלע זענען זיי צוגעפֿאַלן צו חנהן, געשריגן „מאַמעלע" און זיך פֿאַרגאָנגען פֿון פֿרייד און פֿון געלעכטער.

אויפֿן פֿערטן מעת־לעת אין אָוונט זענען זיי ענדלעך אָנגעקומען קיין מאָסקווע. דער וואָקזאַל איז געלעגן אין הורבעס שניי. נחמיה איז אַוועק נאָך אַ בעל־עגלה און האָט זיך היפּש געזאַמט. דערנאָך איז חנה מיט די קינדער געזעסן אין אַ שליטן, וואָס האָט זיי געפֿירט דורך לאַנגע־לאַנגע גאַסן, פֿאַרשאָטענע מיט שניי. און ווען חנהן האָט זיך געדוכט, אַז זי וועט אַזוי פֿאָרן און פֿאָרן און אין ערגעץ נישט קומען, האָט דער שליטן פֿאַר־קערעוועט אין אַ הויף, און נחמיה האָט געזאָגט:

— חנהלע, נעם די קינדער, מיר זענען געקומען.

ווי חנהן האָט זיך אויסגעוויזן, האָט נחמיה זייער לאַנג געדרייט מיטן שליסל אין אַ טיר, דערנאָך האָט ער געעפֿנט נאָך אַ טיר אָן שום שליסלען און האָט אַרײַנגעפֿירט חנהן מיט די קינדער אין אַ קליין צימערל. עס האָט היפּש געדויערט ביז ער האָט אַרײַנגעטראָגן אַלע זאַכן און דער־נאָך האָט ער אָנגעצונדן אַ פּרימוס. ווען די קינדער האָבן אויסגעטרונקען טיי, האָט נחמיה אויסגעשפּרייט צײַטונגען אויף דער פּאָדלאָגע. אויף די צייטונגען האָט ער אָנגעוואָרפֿן אַלטע מאַנטלען, און געלייגט זיך שלאָפֿן.

# III

חנה איז נישט געשלאָפֿן. פֿון דעסט וועגן איז איר נישט גרינג געווען אַראָפּצוגיין פֿון געלעגער. דאָס קליינע צימערל איז פֿול געווען מיט פֿינצטערער ענגשאַפֿט, די פֿאַרפֿרוירענע פֿענצטער האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין טראָפּן שײַן פֿונעם ווינטערדיקן פֿרימאָרגן.

חנהען איז שווער אָנגעקומען אַראָפּצושאַרן די קאָלדרע. זי האָט פּאָוואָליע אַראָפּגעלאָזט די פֿיס פֿון דער צעהויקערטער סאָפֿע און איז אַזוי געזעסן אַ רעכטע ווײַלינקע. זיך אַרומגעקוקט, גאָרנישט נישט דערזען, אַרײַנגעטאָן די הענט אין די אַרבל פֿון דער סאַטינענער שוואַרצער קאָסאָוואָראָטקע, נאָר זיי נישט דורכגעצויגן. אַזוי איז זי געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פֿון צײַט צו צײַט שווער אָפּגעאָטעמט. זי האָט זיך עפּעס נישט אַרײַנגעפּאַסט אין דעם דאָזיקן רעמל, פּונקט ווי אַהער וואָלט נישט צוגעפּאַסט, אַ שטייגער, אַ בוים, ווען מע וואָלט אים פּלוצעם דאָ פֿאַרפֿלאַנצט. סוף־כּל־סוף האָט חנה דורכגעצויגן די הענט דורך די אַרבל פֿון דער קאָסאָוואָראָטקע און גענומען אַנטאָן די יופּעצע, וועלכע איז אויפֿגענייט געווען פֿון דעם מין מאַנופֿאַקטור, וואָס מע רופֿט „טשאָרטאָווע קאָזשע". איצט איז איר געבליבן אַרײַנצוקריכן אין די קירזעווע שטיוול, פֿון וועלכע איינער וואָלט געווען איבער גענוג פֿאַר אירע ביידע פֿיס. און שוין אַזוי שטייענדיק אין די קאָמונע־בגדים צווישן די קינדער, וואָס זענען געשלאָפֿן אויף דער פּאָדלאָגע, און נחמיהן, וואָס האָט אַזוי רעגלמעסיק, אַזוי גרינג־צוציענדיק געאָטעמט אויף דער באַוווסטער סאָפֿע, וועלכע ס'איז שוין לאַנג צײַט געווען אַרויסצוואַרפֿן, האָט זי זיך פֿאַרטראַכט.

וויפֿל ס'איז דער זייגער האָט חנה נישט געוווּסט, אָבער זי איז אויפֿגעשטאַנען פּונקט צו דער צײַט פֿונעם ערשטן געמעלק, מיט דעם חילוק, וואָס אין אַלע אָוועקגעשטראָמטע באַגינענס האָט זי פּינקטלעך געוווּסט וואָס זי וועט טאָן. איצט האָט זי לחלוטין נישט אָנגעהויבן וויסן וויאַזוי זי וועט באַגעגענען דעם טאָג. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, אָבער איר שאַרפֿע

ראיה האָט אומזיסט געעקבערט די געדיכטע פֿינצטערניש. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז די וועגט ווייגען ממש לעבן אירע אויגן. האָט זי אויסגע־צויגן אַ האַנט, און זי איז געווען פֿאַרחידושט, וואָס איר האַנט באַוועגט זיך פֿרײַ און טרעפֿט נישט אין דער וואַנט.

זי האָט געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן אַהער, אַ פּאָר שפּאַן אַהין, ענדלעך אָנגעטאַפּט די קליאַמקע פֿון דער טיר, אַריבערגעשפּרײַזט די שוועל און איז שטיין געבליבן אין דער קיך. די שוואַכע שײַן פֿון עלעקטרישן לעמפּל, וואָס איז געהאָנגען אונטערן סאַמע סופֿיט, אַן ארומגעפֿלאַכטענס מיט דינעם דראָט, האָט אַרויסגערופֿן בײַ חנהן רחמנות. אַ רחמנות אויף דער שײַן, וואָס האָט קוים געזשיפּעט דורך דער טונקעלער נעץ פֿון דרעטלעך. און זי האָט אַ טראַכט געטאָן: „שוין בעסער אַ לאָמטערן, איידער אַזאַ לעמפּל". עפּעס אַ קול האָט איבערגעריסן איר געדאַנק. אָבער חנה האָט נישט גלײַך דערהערט, וואָס עס האָט געזאָגט די עלטערע פֿרוי, וועלכע חנה האָט פּלוצעם דערזען, יענע האָט איבערגעחזרט דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן:

— איר דאַרפֿט אין קלאָזעט? אָט דאָ.

חנה האָט אָנגעקוקט די פֿרוי, ראַפּטום זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר און איז צוריק אַרײַן אין צימער.

ווי פֿריִער, זענען די קינדער געשלאָפֿן. ווי פֿריער האָט נחמיה רעגל־מעסיק־גרינג געאָטעמט. חנה האָט, ענדלעך, פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז צו פֿרי אויפֿגעשטאַנען. זי האָט אַראָפּגעטרייסלט די גרויסע שטיוול פֿון אירע קליינע פֿיס, אין אָנטאָן זיך צוגעשפּאַרט לעבן די קינדער אויף דער פּאָד־לעגע. זי איז געלעגן מיט אָפֿענע אויגן, די בידנע שײַן פֿון לעמפּל אין פֿינצערן געפֿלעכט איז געשטאַנען פֿאַר אירע אויגן. זי האָט געטראַכט, אַז די מעלקערינס מעלקן איצט די דריטע בהמה. אַזוי וואָרהאַפֿטיק האָט זי עס געהערט, געזען, ווידער געהערט, ווי די מילעך פֿאַלט מיט ווייכער מורמלערײַ אין עמער, און דאָס האָט אָנגעיאָגט אויף איר אַ דרעמל. דער לײַכטער דרעמל האָט געבראַכט צו איר די קינדהייט. זי האָט פּלוצעם דערזען, ווי דער זיידע זיצט בײַם טיש, ווי זײַן יאַרמלקע שאָקלט זיך אַ ביסינקע, ווי ער נעמט פֿאַרכטיק מיט צוויי פֿינגער אַ בלאַט פֿון דער אָפֿע־נער גמרא, ווי ער בייגט זיך צו צו די קליינע אותיותלעך. אַלץ נידעריקער און נידעריקער זינקט זײַן קאָפּ, אַזש די יאַרמלקע פֿאַלט אים שיער נישט אויף די אויגן. טוט ער אַ כאַפּ די יאַרמלקע, גלײַכט זי אויס, שאָקלט זיך

הין־אין־הער, פרעפּלט שטיל, פֿאַרטיפֿט, אָפּגעשיידט פֿון אַלץ און אַלעמען. און אָט פֿאַרשווינדט דער זיידע, און באַלד ווערט אַ זומערדיקער טאָג, די עפּל־ביימער אין סאָד שטייען אין ווייס־ראָזלעכער בליִונג, עס פֿלאַטערן די גרינע בלעטער, ווי זומער־פֿייגעלעך. דער זיידע רייסט אַרויס ווו נאָר אַ גרעזל אַרום די שטאַמען פֿון די ביימער, און ער זאָגט טיף־פֿרום, ווי אַ תּפֿילה:

— העלף, טעכטערל. לעבן דיין פֿיסל וואַקסט אַ כריין־בלאַט.

זי פֿאָלגט, אָבער דער געוויקס רירט זיך נישט פֿון אָרט. דער זיידע שפּאַרט אָן דעם רעכטן פֿוס אויפֿן ראַנד פֿון דער לאָפּעטע, טוט אַ זיפּץ, די לאָפּעטע שניידט זיך אַריין אין דער ערד, און אָט ליגט שוין אַ בלייכער, לענגלעכער וואָרצל מיט האַריקע וואָנצעלעך. דער זיידע טוט אים אַ הייב, טרייסלט אָפּ פֿון אים די ערד און הייסט שטיל:

— טעכטערל, ליבינקע מיינע, טראָג דאָס אַוועק דער באָבען, וועט זי מאַכן כריין צו דער פּעציאַ. איבערמאָרגן איז דאָך שבת.

פֿאַר אירע אויגן שטייט דער סאָד, די גרינע גלאַנציקע קאַרשן אויף די צווייַגן פֿון די קאַרשן־ביימער. די ווייַמפּערלעך־קוסטעס זענען מיט אָן אַ שיער קניפּלעך. די בינען זענען פֿאַרנומען ביז גאָר... דער זיידע שטייט אָנגעשפּאַרט אויף דעם הענטל פֿון דער לאָפּעטע, קוקט אַזוי לייט־זעליק אויף אַלץ, שעפּטשעט צו איר:

— זעסט, ווי מע האָרעוועט, מע ווייסט נישט וואָס פֿריער צו טאָן.

— ווער? — פֿרעגט חנה ווי אויף דער וואָר.

— ווער? דער אינדיק מיטן בער! קוק אויף די בינען. אַ דאַנק אים אין הימל. איך בין זוכה געווען צו זען זיין באַשאַף.

חנה האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, נאָר אַלץ שטייט פֿאַר אירע אויגן. „פֿאַר וואָס קוועטשט מיר אַזוי דאָס האַרץ?" — טראַכט זי. נישט דאָס ערשטע מאָל איז אַזוי, כּמעט תּמיד, ווען זי שטייט עפּעס פֿאַר אַ ניסיון, שווימט צו איר די קינדהייט, קומט צו איר דער סאַמע באַליבטער, טייַערסטער, דער איינציקער אויף דער גאַנצער וועלט — דער זיידע אירער.

און אַלע מאָל ווערט גרינגער איר געמיט דערפֿון. אַלע מאָל, אָבער נישט איצט...

— מאַמע, איך וויל צו דיר, — דאָס האָט זיך אויפֿגעכאַפּט דאָס עלטערע מיידעלע, פּערעלע.

— איך בין דאָך לעבן דיר, מיין קינד.

— מאַמעלע, לאָז, איך וויל אָנרירן דײַנע באַקן און דײַנע ליפּן. ס'איז אַזוי פֿינצטער, אַז איך זע דיך נישט. פֿאַר וואָס איז דאָ נישטאָ אַזאַ לאָמפּ ווי אין קינדערהיים?

— דו געדענקסט נישט, מיר זענען דאָך אין מאָסקווע.

— איך ווייס, אויף קיין בעטעלע וועל איך שוין קיין מאָל נישט שלאָפֿן.

— וועסט שלאָפֿן, וועסט שלאָפֿן, לעבן מײַנס. אָבער שטילער. וועסט נאָך אַלעמען אויפֿוועקן.

— זאָלן אַלע אויפֿשטיין, איך וויל עסן!

— חנוכל, גיב פֿערעלען אַ שטיקל צוקער, — האָט נחמיה זיך אויפֿגעכאַפּט און זיך געלאָזט הערן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן חנהס ערשטער טאָג אין מאָסקווע.

עס איז גרינג צו זאָגן — אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן חנהס טאָג. זי האָט לחלוטין נישט געוווּסט וואָס פֿריִער צו טאָן. אַ גליק, וואָס נחמיה האָט אַרויסגעהאָלפֿן.

— חנוכל, כאַפּ נישט, אײַל זיך נישט, זאָלן די געלעגערס ליגן. פֿריִער טו אָן די קינדער, און איך וועל דערווײַל אַרויסלויפֿן נאָך מילעך, — האָט נחמיה גענומען דעם רודער אין זײַנע הענט.

בעת נחמיה איז געקומען מיט דער מילעך, זענען די געלעגערס געווען אין אָרדענונג. חנה האָט אָנגעטאָן און אַרומגעוואַשן די קינדער. זיי זענען געזעסן יעדערער מיט אַ שטיקל צוקער אין האַנט, און דער צימער איז פֿול געוואָרן פֿון זייערע קלינגענדיקע קעלעכלעך.

נאָך אָנבײַסן איז נחמיה מיט חנהן אַוועק אין מאַרק וואָס האָט זיך געפֿונען אויף אַרבאַט. אַהין איז געגאַנגען אַ טראַמווײַ. ווי נאָר חנה האָט דערהערט, אַז דער טראַמווײַ קלינגט, האָט זי אַרויסגעריסן פֿון נחמיהן איר האַנט און זיך געלאָזט לויפֿן. ער האָט זי דעריאָגט, ווידער גענומען איר האַנט, שטיל און שטרענג צו איר געזאָגט:

— וואָס לויפֿסטו? דו קענסט גיין ווו די ווילסט. אָבער דער טראַמווײַ קאָן נישט גיין ווי דו, ער מוז גיין נאָר אויף רעלסן. דערפֿאַר זאָלסטו זיך נישט שרעקן, ער וועט אויף דיר נישט אַרויפֿפֿאָרן.

ווען זיי זענען געקומען אויפֿן מאַרק, האָט נחמיה געגעבן חנהן אַ

קליין טײַסטערל מיט דרײַ רובל. דערזען, אַז חנה קוקט אויף אים מיט אירע בלויע ריינע אויגן, האָט ער נישט פֿאַרזאַמט זי צו באַרויִקן:

— שרעק זיך נישט, קינדעלע. איך וועל באַלד צוריקקומען. גיב אַכטונג אויפֿן טײַסטערל, און דאָ זאָלסטו שטיין. גיי אין ערגעץ נישט אַוועק, אַז נישט, וועל איך דיך פֿאַרלירן. זיי אַ טשוטשטשקע פֿריילעכער, מײַן טרייסט.

— בולבע זאָל איך קויפֿן פֿאַרן גאַנצן געלט?

— וואָס רעדסטו, חנוכּל? אַזוי פֿיל קאַרטאָפֿל וועלן מיר דאָך נישט דערשלעפּן. מע וועט דאַרפֿן אַ וואָגאָן! און געדענק, וואָס איך זאָג דיר: אָט דאָ זאָלסטו שטיין!

חנה האָט אים באַגלייט מיטן בליק, ביז ער איז פֿאַרשווונדן געוואָרן. דערנאָך איז איר געפֿעלן געוואָרן אַ יונג פּאָרל. דאָס פּאָרל איז געשטאַנען בײַ אַ קליין טישל, נישט ווײַט פֿון דאָרטן, וווּ מע האָט פֿאַרקויפֿט קאַרטאָפֿל. אויפֿן טישעלע זענען געווען אָנגעוואָלגערט בלעכענע געצאַקטע פּיטשינקע פֿורמעלעך. און דאָס פּאָרל האָט פֿריילעך און פֿאַרשײַט מיט אַ ניגון געזונגען:

— ניע פּראָכאָדיטיע מימאָ! ניע פּראָכאָדיטיע מימאָ! פֿאָרמאָטשקי דליאַ פּעטשעניאַ, פּאָלטשיקי אָבליזשעטיע! — דאָס באַטייט: קויפֿט פֿור־מעלעך פֿאַר קיכעלעך! די פֿינגער וועט איר אָפּלעקן!

חנהן זענען די פֿורמעלעך זייער געפֿעלן. זי וואָלט געקויפֿט אַזוינע דרײַ פֿאַר די קינדער. נישט ווינציקער איז איר אויך געפֿעלן דאָס פּאָרל. זיי זענען געווען אַזוי לוסטיק, יונג, אַזוי מאָדנע אויסגעפּוצט, חנה האָט פֿון זיי די אויגן נישט אָראָפּגענומען און נישט געקאָנט באַשליסן, צי זענען זיי חתן־כּלה אָדער זיי זענען שוין מאַן און ווײַב? און ווי זי שטייט אַזוי פֿאַרגאַפֿט און קוקט אויף זיי, גייט פּלוצעם צו אַן עלטערע פֿרוי, טוט זי אַ שטאַרקן שטויס אין אַקסל, בייגט זיך אײַן, הייבט עפּעס אויף און ווערט פֿאַרשוווּנדן. חנה האָט געוואָלט אַ שפּאָן טאָן און זאָגן דער פֿרוי אַ פּאָר ווערטער, אָבער זי האָט זיך דערמאָנט, אַז נחמיה האָט איר געהייסן נישט רירן זיך פֿון אָרט. און טאַקע גלײַך האָט זי דערזען, נחמיה גייט צו איר.

— האָסט נאָך נישט געקויפֿט קיין קאַרטאָפֿל?

חנה האָט נישט געענטפֿערט אויף זײַן פֿראַגע, ווײַל איר צונג איז ווי געליימט געוואָרן. זי האָט דערפֿילט, אַז איר רעכטע האַנט איז ליידיק.

זי האָט אָנגעקוקט נחמיהן און באַגעגנט אין זײַן בליק מיטגעפֿיל און וווּנדער. ערשט איצט האָט זי פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס די פֿרוי האָט איר אַזאַ שטויס געטאָן און דערנאָך זיך גלײַך אָנגעבויגן. כליפּענדיק, האָט זיך חנה פֿאַרענטפֿערט:

— טײַערינקער, איך בין אַ האָר נישט שולדיק. איך בין די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ווי דו האָסט מיר געהייסן. פּלוצעם האָט מיך איינע אַזאַ שטורכע געטאָן. נו, האָב איך פֿאַרלאָרן דאָס טײַסטערל, און זי האָט עס אויפֿגעהויבן.

— פֿאַרפֿאַלן, מײַן קינד. אָבער וויינען דאַרפֿסטו נישט. אין מאָסקווע טאָר מען נישט גענעצן. מע דאַרף זײַן מיט אַ קלאָרן זינען. וואָרעם דאָ קאָן מען פֿאַלן אַפֿילו, ווען קיינער שטופּט נישט. — אַזוי האָט נחמיה געטרייסט חנהן, נישט פֿאַרפֿעלט איר אַ קוש צו טאָן, און אין גיכן זענען זיי געווען אין שטוב.

די קינדער האָבן אַזוי געשריִען און געקוויטשעט, אָקוראַט חנה מיט נחמיהן זענען אַ יאָר נישט געווען אין שטוב. חנה האָט זיי באַרוּיִקט און זיך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט לאַנג נישט געטראַכט וואָס צו קאָכן. אָבער די קאַרטאָפֿל־זופּ איז זייער געפֿעלן געוואָרן נחמיהן און די קינדער. ווען נחמיה איז נאָך וואַרמעס אַוועקגעגאַנגען, האָט חנה זיך גענומען אַרומ־קוקן, וואָס עס טוט זיך אַרום איר. געעפֿנט די צווייטע טיר, וואָס איז די גאַנצע צײַט געווען פֿאַרמאַכט, האָט זי דערזען נאָך אַ קליין צימערל. „אויב אַזוי, איז די זאַך גרינגער", — האָט חנה אַ טראַכט געטאָן. זי האָט אַלץ אַרויסגעטראָגן פֿון צימערל, געעפֿנט די פֿאָרטקע, אַרומגעווישט דעם שטויב פֿון די ווענט און פֿון סופֿיט. ווען דער צימער איז געווען אויפֿגעראַמט, האָט זי אַרײַנגעפֿירט אַהין די קינדער און צוגעמאַכט די טיר. צו פֿאַרנאַכט־צו האָבן ביידע צימערן געבלאַנקט און בעת נחמיה איז געקומען פֿון שטאָט, איז ער שטיין געבליבן פֿון יענער זײַט טיר אויף אויסגעשפּרייטע צײַטונגען.

— גיי אַרײַן, האָב קיין מורא נישט, — האָט חנה זיך געוואָרטלט.

— טרייסט מײַנער, ווי האָסטו דאָס באַוויזן? — האָט נחמיה זיך געוווּנדערט. און ווען ער האָט דערזען, אַז דאָס צווייטע צימערל איז אויך ריין, האָט ער טרויעריקלעך אָנגעזאָגט:

— וואָס האָסטו געדאַרפֿט אויפֿראַמען דאָס צווייטע צימערל, עס איז דאָך נישט אונדזערס.

— ווּעמעס דען איז דאָס?

— כ׳האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז איך וווין מיטן בלאָנדן. ער איז אויך געווען אין קאָמונע, געדענקסט?

— איך געדענק, ווי זשע? אָבער וווּ איז ער איצטער?

— ער איז אַוועקגעפאָרן קיין קיִעוו מאַכן דעקאָראַציעס צו אַ ספּעק־טאַקל.

— ער וועט קומען צוריק? — האָט חנה געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, אַז זי וואָלט זייער געוואָלט הערן אַז דער קינסטלער וועט נישט קומען.

— איך זע, אַז דו ווילסט עס נישט, נאָר ער וועט קומען. דערבײַ האָט ער געשריבן, אַז ער קומט מיט אַ ווײַב, ווײַל ער האָט דאָרטן חתונה געהאַט.

— זעסטו, דאָס פאַרדריסט מיך גראָד. כ׳ײַ וואָלטן זיי געזען, וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקער סמיטניק בײַ זיי אונטערן בעט איז געווען, — האָט זי שאָדנפרײדיק אויסגעשריגן.

— מילא, קיין גרויסע טענות וועלן זיי צו דיר נישט האָבן. האָבן זיי נישט געזען וויפל מיסט זיי האָבן פאַרמאַכט, — האָט נחמיה זיך געוווערטלט.

וואָס אַ טאָג ווײַטער האָט נחמיה אַלץ מער געזען, אַז חנה איז טאַקע נישט קיין פוילערקע. זיכער האָט ער דאָס געוווּסט פריִער אויך, און פון דעסט וועגן האָט ער זיך נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן.

— קום אַהער, זיץ אַ מינוט.

— מיט דיר, — וויפל דו ווילסט, — פלעגט זי גרייטפאַרטיק זיך אָנרופן. אָבער אין אַ ווײַלינקע אַרום איז זי שוין לעבן אים נישטאָ. איז זי ווידער פאַרנומען מיט עפּעס. גאַנץ אָפט פלעגט נחמיה אויפהערן צייכע־נען און לאַנג נאָכגעקוקט ווי זי רייניקט מערן, שיילט בולבע, בראָקט קרויט, שײַערט מיט זאַמד דעם טשײַניק. וואָרעם וואָס זי זאָל נישט געווען טאָן, האָבן אירע הענט צו אַלץ געקלעפּט. איבער אַלע אַרבעטן זענען זיי געפלויגן ווי די פייגל. נחמיה האָט נישט איין מאָל געזען ווי זײַן מאַמע, אָדער די עלטערע שוועסטער, פלעגן זיך פּאָרען אין קיך. אָבער אַז זיי זאָלן, ווי חנה, קאָנען אַראָפּנעמען אַזוינע לאַנגע דינע געקרייזלטע שאָלעכץ פון אַ בולבע, מע זאָל אַזוי גיך, שפּאַרעוודיק־דין שאָבן אַ מער. האָט ער נישט געזען קיין מאָל.

— גיי טו, וואָס דו דאַרפסט, וואָס קוקסטו מיר אין די הענט? — האָט אין אַזוינע פאַלן געזאָגט חנה.

— טרײַב מיך נישט, גיב אויף אַ מינוט דאָס מעסער. כ׳וויל אָפּרייניקן אַ מערל פֿאַר זיך.

— נו, וואָס כאַפּסטו. שנײַדסט און שנײַדסט מיטן מעסער אויף איין אָרט. גיב אַהער. זעסט, איין שאַב און פֿאַרטיק.

ער האָט געזען, אַז זי איז גערעכט, אָבער ער האָט געוואָלט וויסן:

— ווער האָט דיר עס געוויזן, פֿון וואַנען קענסטו דאָס?

— וואָס איז דאָ צו וויסן. דער שׂכל דאַרף האָבן אויגן. זעט מען שוין, אַז מע דאַרף נישט מוטשען, וואָס מע האַלט אין האַנט. מע דאַרף נישט פּטרן דאָס, וואָס מענטשן האָבן געהאָרעוועט.

דוכט זיך, אַ קלייניקייט, אָבער נחמיהן האָט עס געלערנט צו פֿאַר־שטיין, ווי דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט. די שטוב־אַרבעט האָט זיך אײַנגעשטעלט ווי פֿון זיך אַליין, אַלץ איז געווען צו דער צײַט, ווײַל חנה איז קיין מאָל נישט געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט. אין אַ פֿרײַער שעה איז זי געגאַנגען מיט די קינדער אין זאַאָלאַגישן גאָרטן, אָדער זי איז פּשוט מיט זיי געווען אין הויף, אַזוי, אַז נחמיה האָט אַלע טאָג געהאַט שטילע שעהען צו אַרבעטן. די קינדער זענען, פֿאַרשטייט זיך, געווען ווי אַלע קינדער. עס האָט נישט געהאָלפֿן, וואָס נחמיה האָט געזאָגט נישט איין מאָל, אַז צום טיש, ווו ער זיצט און אַרבעט, טאָר מען זיך נישט צורירן. ווי נאָר ער איז אויף אַ רגע אַוועקגעגאַנגען פֿון טיש, זענען די קינדער שוין געווען דאָרט. מע האָט געכאַפּט פּאַפּיר, בלײַערס, אַזוי אַז נחמיה האָט געמוזט געפֿינען אַן עצה. ער האָט די קינדער געגעבן פּאַפּיר און פֿאַרב, אַ טעמפּ שערעלע. דאָס אַלץ האָט ער אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפֿע, ווו די קינדער זענען געווען פֿאַרנומען שעהענלאַנג. די עלטערע, פּערעלע, האָט, ווי מיר ווייסן שוין, זיך זייער צוגעבונדן צו אים. ביילקעלע און רייזעלע פֿלעגן זעלטן צו אים צוגיין.

אַנומלטן האָט חנה געהערט, ווי ביילקע זאָגט צו פּערעלען:

— פֿאַרוואָס רופֿסטו אים טאַטע? די מומע פֿון קיך האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ פֿרעמדער פֿעטער און מער קיינער נישט.

— די מומע פֿון קיך ווייסט גאָרנישט. ווען ער וואָלט נישט געווען אײַער טאַטע, וואָלט ער אין קאָמונע נישט געקומען. און דו, ביילקע־בולקעלע, זאָלסט נישט רעדן מיט דער מומען. און דעם טאַטן האָב ליב, ווײַל ער האָט דיך אויך ליב, — האָט חנה געזאָגט צו די קינדער, אָבער אויפֿן האַרצן איז איר געווען נישט היימלעך.

אין אָוונט האָט זי געוואָשן אַ קינדערש געוועש. די שכנה האָט געסמאַ־ליעט אויפֿן פֿלאַם פֿון פּרימוס חזירשע פֿיסלעך. חנה האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז די ריכטיקע מינוט צו זאָגן דער שכנה אַ פּאָר ווערטער.

— איך בעט אײַך זייער, איר זאָלט נישט רעדן מיט מײַנע קינדער.

יענע האָט אויפֿגעהערט צו רייניקן דאָס פֿאַרשוואַרצטע פֿיסל און, פֿאָכנדיק מיטן מעסער אין דער לופֿטן, זיך אָנגערופֿן:

— אַזוינע באַריניעס ווי דו גייען בײַ מיר הונדערט אויף אַ טוץ. בײַ דיר פֿרעג איך נישט וואָס צו רעדן און ווען צו שווײַגן!

חנה האָט שוין גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ פּראַכט די שכנה איז און האָט צו איר קיין וואָרט קיין מאָל נישט אויסגערעדט. די קינדער האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט פֿון צימער, און ווי נאָר זי האָט געהאַט אַ פֿרײַע שעה, איז זי מיט זיי אַוועקגעגאַנגען. חוץ אַלע אַרבעטן, האָט נחמיה געלערנט מיט חנהן רוסיש. זי האָט שוין גאַנץ פֿליסיק געלייענט, נישט שלעכט געשריבן. דאָס איז אויך געווען אַ גוטע צײַט־פֿאַרברענגען פֿאַר די קינדער. זיי פֿלעגן זיצן ווי פֿאַרכישופֿט, בעת נחמיה האָט פֿאַרגע־לייענט.

גאַנץ אָפֿט זענען אַרײַנגעקומען קינסטלער, דיכטער. עס זענען געווען אַזוינע, וואָס פֿלעגן קוקן אויף חנהן, ווי אויף אַ פּוסטקייט. און דערבײַ פֿרעגן: „קיינער איז נישטאָ אין שטוב?". „קיינער נישט", — פֿלעגט חנה ענטפֿערן. דערבײַ פֿלעגט זי דערפֿילן, ווי עס באַשלאָגט איר אַ היץ.

נחמיה איז אַנומלטן פֿון ערגעץ געקומען, גלײַך דערזען, אַז חנה איז עפּעס צעטראָגן, און געפֿרעגט:

— ס'האָט עפּעס געטראָפֿן?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן, דאָ איז געווען קאָרנבלום, צי קאָרנוויץ. איך געדענק נישט, ווי זײַן פֿאַמיליע איז. קוקט ער אויף מיר, ווי מע קוקט אויף אַ פֿלוי, און גיט אַ זאָג: „קיינער איז אין שטוב נישטאָ, כ'וועל קומען שפּעטער..." ענטפֿער איך אים: „צו וועמען רעדט איר, קיינער איז דאָך נישטאָ".

— מאָלאָדיעץ, אַזוי זאָלסטו אַלע מאָל טאָן. זיי וועלן זיך מוזן צוגעוווינען.

— זיי וועלן זיך יאָ צוגעוווינען, נישט צוגעוווינען, אָבער וואָס איז עס פֿאַר אַ חזירײַ?

— חנוכל, האָבן אַן אינטעליגענטע פּראָפֿעסיע איז נאָך ווײַט פֿון זײַן

אָן איידעלער מענטש. צוביסלעך וועסטו זיך אויך צוגעוווינען, ביסט דאָך שוין נישט קיין קינד. נעם זיך וואָס ווינציקער צום הארצן פֿון אַזוינע זאַכן.

גאָר גיך איז חנהן פֿאַרגעשטאַנען אַ גרויס פֿאַרגעניגן. נחמיה האָט געקראָגן בילעטן אויף „פּרינצעסן טוראַנדאָ". חנה האָט אָנגעטאָן דאָס בלויע קלייד, וואָס נחמיה האָט געבראַכט אין קאָמונע. „דאָס חתונה־קלייד". — האָט חנה עס גערופֿן. אָבער קיין שיך האָט זי נאָך נישט געהאַט, דעריבער האָט זי אָנגעטאָן די קירזעווע שטיוול. זי האָט נישט באַמערקט, ווי אייניקע מענטשן באַטראַכטן אירע פֿיס. ווען דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אויפֿגעהויבן, האָט חנה בכלל אין זיך פֿאַרגעסן. זי האָט געזען פֿאַר זיך אַזאַ יום־טוב, אַזאַ פֿייערלעכקייט, אַזויפֿיל רייַכע קאָלירן, אַז נחמיה האָט איר געדאַרפֿט אַלע מאָל אַ צי טאָן פֿאַר די אַרבל, ווייַל פֿון צייַט צו צייַט האָט זי אַרויסגעגעבן אַ קוויטש, ווי אין סטעפּ. ווען זיי זענען נאָכן ספּעקטאַקל אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, איז חנה צוגעפֿאַלן צו נחמיהן, זי האָט אויסגעקושט זייַנע באַקן, די שלייפֿן, דעם שטערן און מיט אַ פֿאַר־כאַפּטן אָטעם פֿון דאַנקבאַרקייט געהאַלטן אין איין שיטן:

— אוי, וואָס פֿאַר אַ שיינע זאַך דו האָסט מיר געוויזן! די גאַס און די הייַזער זעען איצט אויס וואָכעדיק. פֿיר מיך אַלע מאָל אין טעאַטער.

— טרייסט מייַנער, שטילער. מיר זענען דאָך אויף דער גאַס, מענטשן קוקן אויף אונדז. געוויס וועלן מיר גיין אין טעאַטער. נשמהלע מייַנע, אַלץ פֿאַרשטייסטו, אַלץ פֿילסטו. דו האָסט מיך נאָך ליב אַזוי ווי אין קאָמונע?

— וואָס פֿרעגסטו דאָס וואָס דו ווייסט? קיינער אין דער וועלט האָט נאָך קיין מאָל קיינעם אַזוי נישט האָלט ג־ע־ה־אַ־ט!

דאָס איז געווען אמת. די צוויי מענטשן זענען געווען איין גוף און איין נשמה. וואָס ווייַטער האָט זיך חנה אַלץ מער צוגעוווינט צו דער נייַער אויסקומעניש. נישט אַלע קינסטלער, דיכטער, וועלכע פֿלעגן קומען אַהער, האָבן געקוקט אויף חנהן ווי אויף אַ פּוסטן אָרט. עס פֿלעגט אָפּטער אַרייַנגיין, אַ קינסטלער, וואָס האָט געהאַט, ווי חנהן האָט זיך אויסגעוויזן, אַ מאָדנע טבע: ער פֿלעגט קושן די האַנט. וועגן דערויף האָט חנה אויך באַמערקט נחמיהן. און ער האָט איר קלאָר געמאַכט די זאַך:

— דו געדענקסט, איך האָב דיר דערציילט, אַז אין קאַסטראָמאַ איז געווען אַ ניקאָלייַ ניקאָלייַעוויטש קופּריאַנאָוו, צו וועלכן איך בין אָנגע־קומען זיך לערנען מאָלערייַ. און ער האָט מיך אַרויסגערופֿן קיין מאָסקווע.

ער שטאַמט דאָך פֿון דוואָריאַנסטווע. און נישט נאָר דערפֿאַר, ער איז פּשוט אַ ריטער, זייער אַן אײדעלער. קוק זיך צו צו אים.

ס׳פֿלעגט אַרײַנקומען אײנע אַ קינסטלערין, פֿרידע בליומבערג, זי איז זייער צוגעלאָזט געוואָרן. אָפֿט געבראַכט צאַצקעס פֿאַר די קינדער. אַנומלטן האָט זי געזאָגט צו חנהן:

— אפֿשר וועט איר זיך באַליידיקן אויף מיר, אָבער איך וויל אײַך עפּעס זאָגן. מײַן מאַמע איז אַ פֿאַרוואַלטערין פֿון אַ קינדערגאָרטן. עס קאָן טרעפֿן, אַז דאָרטן זאָל זײַן אַ פֿרײַ אָרט. אפֿשר וואָלט איר אַהין גיין אַרבעטן. דאָס וואָלט פֿאַר די קינדער אויך געווען בעסער.

— פֿאַרוואָס זאָל איך זיך באַליידיקן, איך בין אײַך זייער דאַנקבאַר. דאָס וואָלט געווען זייער גוט. — האָט זיך חנה אָנגעכאַפּט.

אָבער דערווײַל איז זיך אַזוי געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג. קיין אַרבעט האָט נישט געפֿעלט. נחמיה האָט איצט נישט געהאַט קיין באַשטעלונגען, אָבער אַלצאיינס איז ער געזעסן גאַנצע טעג בײַם טיש. חנה האָט אים געזען יעדער שעה און יעדער מינוט, און אָפֿט פֿלעגט זי זיך דערמאָנען דעם זיידן. ס׳פֿלעגט איר דורכפֿליִען אַ געדאַנק: „אַזאַ צדיק איז מיר באַשערט געווען, אַזאַ צדיק, ער איז דאָך פּונקט ווי דער זיידע".

דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, מיט דעם חילוק, וואָס דער זיידע האָט זיך געשאָקלט בײַ דער גמרא און נחמיה האָט מיט דער בלײַקע אין האַנט, אָדער מיטן פֿענדזעלע זיך געראַנגלט און געראַנגלט, ביז עס איז צו שטאַנד געקומען אויפֿן פּאַפּיר, וואָס ער האָט געוואָלט. און אַזוי פֿריש און לעבעדיק, ווי עס וואָלט געמאַכט געוואָרן מיט איין אָטעם.

וועגן שמועס מיט פֿרידען האָט חנה גאָרנישט געזאָגט נחמיהן. אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט יענע אַליין גערעדט מיט אים. און אין אַ קורצער צײַט אַרום איז חנה אַוועק אַרבעטן אין קינדערגאָרטן.

דער הימל איז געוואָרן העכער און ליכטיקער, די טעג לענגער, אָבער פֿאַר חנהן זענען זיי אַלצאיינס געווען קורץ. דאָס פֿאָרן צום קינדערגאָרטן מיטן טראַמוויי האָט געדויערט מער ווי אַ שעה, ווײַל ער האָט זיך געפֿונען אויף ראָגאָזשעסקע. דערווײַל איז חנה געווען אַ באַהעלפֿערקע אין קיך. אָבער אין אַ מאָנאַט אַרום איז זי שוין אָפֿט געשטאַנען בײַ דער פּליטע. די קעכין קסעניע טימאָפֿייעוונע איז נאָכאַנאַנד ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, זי פֿלעגט אָנזאָגן חנהן:

חנה דאַווידאָווונאַ, כ׳מוז צולויפֿן אין אַן אָרט, קאָך אויס אַ רייַז־קאַשע פֿאַר די קינדער.

— פֿאַרוואָס נישט? גיט מיר רייַז, צוקער, מילך, פּוטער.

— אַלץ, חוץ פּוטער איז אויפֿן טיש.

— פֿאַרוואָס „חוץ פּוטער", האָט חנה נישט געפֿרעגט. זי האָט שוין געוווּסט, אַז אָפֿטלעך באַגייט זיך די קאַשע אָן „דערויף". דאָס האָט זיך גוט אָנגעזען אין דער קעכין גופֿא. קוקנדיק אויף יענער, האָט חנה געטראַכט: „אויף אַלע מייַנע ליבע געזאָגט געוואָרן..."

אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען אין קיך וואָלט נישט געווען אַ דריטע. געהייסן האָט זי יעוודאָקיע, און זי האָט געטאָן אַלע שוואַרצע אַרבעטן. ווי נאָר די קעכין פֿלעגט אַרויסגיין, פֿלעגט יעוודאָקיע ווערן אויסער זיך:

— אוך, איז דאָס אַ סטערווע! אַליין פֿרעסט עס און זויפֿט, אַזש די שקורע אירע פּלאַצט. זי זאָל דאָס אַמאָל זאָגן: „נאַ דיר, דוסקע, אַ ברעקל פּוטער, אַ לעק סמעטענע".

חנה האָט געהערט און געשוויגן, אָבער ווען די קעכין פֿלעגט צו איר זאָגן:

— חנה דאַווידאָווונאַ, נעם אַ פֿלעשל מילעך. ווילסט נישט קיין מילעך, נעם דיר אַ צוויי הערינג. אַ סלאָיקל פּאָווידלע. האָט חנה עס נישט נאָר נישט גענומען, זי האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. עס זענען געווען פֿאַלן, ווען חנה איז מיט אַ נידעריק וועגעלע מיט קליינע רעדעלעך אַהינ־טער קסעניע טימאָפֿייעוונעס געגאַנגען צו דער באַזע נאָך פּראָדוקטן. דעמאָלט האָט יענע אויסגעגאָסן איר האַרץ:

— חנה דאַווידאָווונאַ, דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט? דוסקען קריכן אַרויס די אויגן. די איבעריקע וואָלטן זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט פֿון אַ מאַרך־ביינדל, אָבער קיינער זעט נישט, ווי איך שלעפּ, ווי איך הייב גאַנצע זעק מיט צוקער, ווי איך שטיי און בראָט זיך בייַ דער פּליטע.

חנה האָט געהערט און געשוויגן. זי האָט נאָך נישט געזען, אַז קסעניע טימאָפֿייעוונע זאָל עפּעס שלעפּן. אַנומלטן האָט זי געפֿרעגט בייַ דער קעכין:

— פֿאַרוואָס גייען נישט אייערע קינדער אין קינדערגאָרטן? איר זאָגט דאָך, אַז איר האָט צוויי קינדער.

— מייַנע קינדער האָבן דאָרטן גאָרנישט פֿאַרלאָרן. מייַן מאַן איז איצט

אין דער היים, מײַן מאַן איז נישט קיין שיכּור, נישט קיין אויסברענגער. מײַנע קינדער וועלן זיך באַדרייען אָן דעם קינדערגאָרטן.

וואָס ווײַטער האָט חנה אַלץ מער פֿאַרשטאַנען, וואָס אין דער קעכין שטעקט. יענע האָט עס דערפֿילט און זיך געסטאַרעט אויסמײַדן חנהן, בעת מע האָט געדאַרפֿט גיין נאָך פּראָדוקטן אויף דער באַזע. נעמען יעוודאָקיען — איז געווען ערגער ווי שלעכט. דעריבער האָט אויף איינער אַ פֿאַרזאַמ־לונג די קעכין אַזוי לאַנג געשריגן: „איך בין נישט קיין פֿערד, איך וועל נישט שלעפּן אויף זיך״, ביז די פֿאַרוואַלטערין איז אײַנגעגאַנגען אויף נאָך אַ „יעדניצע״. דאָס הייסט, נעמען אַ מענטשן, וואָס זאָל ברענגען פּראָדוקטן פֿון דער באַזע, האַקן האָלץ, אַרײַנטראָגן קוילן, אײַנהייצן די פּליטע, צוקלײַבן אַרום דער שטוב. די פֿאַרוואַלטערין האָט נאָר געפֿאָדערט, „אַז דער מענטש זאָל זײַן אַ מאַנצביל, ווײַל עס הייבט זיך דער דאָך פֿון די קולות אין קיך״.

דערווייל האָט זיך חנה היפּש צוגעלערנט לייענען רוסיש. צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט איז זי געפֿאָרן אַלע מאָל מיט אַ בוך. אַ גאַנצע וואָך זענען די קינדער געווען אין קינדערגאָרטן. אויף זונטיק האָט זיי חנה גענומען אַהיים. איין זונטיק איז זי געגאַנגען מיט זיי אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אַ צווייטן — אויף וואָלאָכאָנקע, אין פּושקין־מוזיי. חנה האָט געבעטן נחמיהן:

— דו גיי מיט די קינדער ווו דו ווילסט, איך וועל אַליין גיין. דער־נאָך וועל איך דיר ווײַזן, וואָס מיר געפֿעלט.

ווען זי האָט נחמיהן צוגעפֿירט צו סעזאַנען, צו פּיסאַראָ, צו דעגאַ, האָט ער מיט אַ שמייכל באַגיטיקט:

— ס'איז וווּל, חנוכּל. עס פּאַסט דיר זייער צו קוקן אויף גוטע בילדער, דו שײַנסט.

— ביסט גערעכט. דעם קומענדיקן זונטיק, אויב דו וועסט מסכּים זײַן, וועסטו ערגעץ גיין מיט די קינדער, און איך וועל אַליין גיין אַהער.

אַזוי איז טאַקע געווען, און קומענדיק פֿון מוזיי, פֿלעגט חנהן זײַן אַזוי אויפֿן האַרצן, ווי בעת עס פֿלעגט זיך ענדיקן שבת אָדער יום־טוב און די באָבע פֿלעגט אַראָפּנעמען דעם טישטעך פֿונעם טיש.

וואָס ווײַטער האָבן זיי זיך אַלץ מער ליב געהאַט. ס'האָט נאָך נישט געטראָפֿן, ער זאָל נישט אָפּוואַרטן חנהן, ווען זי קומט מיטן טראַמוויי פֿון

דער אַרבעט. נישט אומזיסט זאָגט דאָס ווערטל: „וואָס מער מע האָט, אַלץ מער וויל מען"... אַנומלטן האָט חנה צו אים געזאָגט:

— באַגעגענען אין אָוונט איז גרינגער, ווי באַגלייטן אין דער פֿרי.

— חנוכּל, האָב אַ ביסל סאָוועסט. איך לייג זיך דאָך זייער שפּעט.

— ערשטנס קומט מיר אויס, אַז מע דאַרף נישט רעדן ביז נאָך האַלבער נאַכט וועגן קונסט. די בעסטע זאַך איז, אַז דו מאַכסט קונסט. אָבער ווען דו לייגסט זיך פֿריִער און דו גייסט מיך נישט אַרויסבאַגלייטן, וואָלט איך שוין געוווּסט, וואָס איך האָב צו טאָן.

— וואָס וואָלסטו געטאָן?

— פּרוּוו מיך אַרויסבאַגלייטן אין דער פֿרי ― וועסטו זען.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס חנה האָט זיך אַזוי געוווּרטלט, איז זי געווען נישט די, וואָס אין קאָמונע. און ווען נחמיה וואָלט נישט געווען אַזוי אַריַינגעטאָן אין זיַינע זאַכן, וואָלט ער דאָס געקאָנט לינדערן. וואָרעם חנה איז געווען פֿאַראומערט נישט וויַיל זי איז געווען פֿאַרהאָרעוועט. איר געמיט האָבן געדריקט די שטאָט, די גרויסע הויכע היַיזער, די טראַמוויַיען, די מענגעס מענטשן. נישט איין מאָל האָט זי געטראַכט: „אַן אומגליק, וואָס אַזויפֿיל מענטשן האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אויף איין אָרט". די קיך האָט אויך נישט גרינגער געמאַכט איר האַרץ. דוסיע האָט נאָך אַלץ צוגע־זאַלצן אויף די ווונדן:

— אַזאַ פּאַראַזיטקע! אַלץ פֿאַר זיך און נאָר אין זיך! זאָל דאָס אַ מאָל זאָגן: „נאַ דיר, דוסיע, אַ שטיקל פֿלייש, אָדער אַן אַנדער זאַך".

דוסיען האָט געבראָטן ביַים האַרצן, זי האָט זיך נישט באַרוּיִקט:

— שוויַיגסט? האָסט דאָך אויגן, זעסטו. פֿאַרוואָס זאָגסטו נישט וועגן דעם דער פֿאַרוואַלטערין? נישקשה, איך וועל זיך נעמען צו איַיך. אַ פֿראָש האָט אַ לאַנגן עק אויף אַ קורצער צײַט!

חנה האָט עס נישט געקאָנט איבעטראָגן. פֿאַרשטייט זיך, זי האָט געוווּסט, אַז עס זענען דאָ גנבים, ליגנערס, חניפֿותניקעס, צווייפּנימדיקע ברואים. אָבער אַזוי נאָענט לעבן זיך האָט זי דאָס קיין מאָל נישט געזען. ס'איז איר איצט נישט איין מאָל געקומען אויפֿן זינען, ווי זי פֿלעגט אַמאָל זאָגן צו הענקען פֿון קינערהיים, וואָס פֿלעגט קומען נאָך דער מילעך אין דער שטאָל: נאַ דיר אַ קווערטל מילעך, טרינק אויס". און ווי הענקע פֿלעגט נעמען דאָס קווערטל, פֿלעגט אַ גאָס טאָן די מילך אין פּאַן, און אַ מאַך טאָן: „מיט אַ קווערטל מערער פֿאַר די קינדער".

די קינסטלער, דיכטער האָבן זיך טאַקע צוגעוווינט צו דעם, אַז חנה איז די בעל־הביתטע פֿון דער שטוב. פֿון מינסק פֿלעגן אויך קומען דיכטער — דעם בלאָנדנס ברודער און אַ באַרימטער פּאָעט מיט אַ מוראַדיק־געקרײַזלטער פּאַטלע האָר. פֿון זײַנע לידער איז חנה געווען אַנטציקט. ווען ער פֿלעגט לייענען אויף אויסנווייניק, האָט זי געשלונגען די ווערטער. אָבער האָבן אים פֿאַר אַ שכן איז איר געווען אומדערטרעגלעך. ווו חנה האָט זיך געווענדט און געקערט, האָט זי געקליבן זײַנע שטײַפֿע געקרײַזלטע האָר, אַפֿילו אין דער גלאָז, פֿון וועלכער ער האָט געטרונקען טיי, זענען זיי אויך געווען.

— געוואַלד, ווי דערלעב איך שוין, ווען פֿאָרט ער שוין אַוועק קיין מינסק.

— חנוכל, דו וועסט טאַקע זײַנע האָר נישט געפֿינען, אָבער זײַנע לידער וועסטו אויך נישט הערן.

— ביסט גערעכט, אַ כּפּרה די האָר פֿאַר די לידער.

עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז חנה האָט נישט געקאָנט צוקלײַבן, ווען זי איז געקומען פֿון דער אַרבעט. מע איז געזעסן אויף דער סאָפֿע, אויף די שטולן, אויפֿן פֿענצטער־ברעט, און עס איז געגאַנגען אַ געפֿעכט וועגן די אימפּרעסיאָניסטן, וועגן רענעסאַנס, וועגן די צוואַנציקער יאָרן און וועגן איצטיקער קונסט. ס'זענען געווען אַזױנע זונטיקס, בעת חנה האָט נישט געקאָנט אויסבאָדן די קינדער. און מאַנטיק אין דער פֿרי, אַ מידע, נישט קיין אויסגעשלאָפֿענע גייט זי מיט נחמיהן און מיט די קינדער צום טראַמווײַ. גוט כאָטש, וואָס אויף דער אַרבעט איז איצט געוואָרן אַ ביסל רויִקער. קסעניע טימאָפֿייעוונע האָט טאַקע געקראָגן אַ שוואַרצאַרבעטער און טאַקע אַ מאַנצבל, ווי די פֿאַרוואַלטערין האָט עס געוואָלט. דעם מאַנצבל רופֿט מען מאַקאַר. ער איז וווקסיק, ברייטפּלייציק, רירעוודיק. ווען נישט די באָרד און וואָנצעס, וואָלט ער אויסגעזען אַ סך ייִנגער. איצט שאַצט אים חנה — אין אַ יאָר דרײַסיק. די אַרבעט אין קינדערגאָרטן איז פֿאַר אים אַ שפּילעכל. דער הויף אַרום קינדערגאָרטן איז שטענדיק ריין. האָלץ, קוילן איז צו דער צײַט. די פּראָדוקטן, וואָס חנה פֿלעגט ברענגען פֿאַר דרײַ מאָל, ברענגט ער פֿאַר איין מאָל. כאָטש אין דרויסן איז שוין גאַנץ לינד, טראָגט מאַקאַר דײַן שאָפֿן פּעלצל, די אויערן פֿונעם האָזן־היטל באָמבלען זיך. ווען די קעכין טוט צו אים אַ געשריי: „מאַקאַר, קושאַט!" לאָזט ער איבער דאָס שאָפֿן־פּעלצל אין קאָרידאָר, זעצט זיך אויף אַן

איבערגעקערטן עמער, עסט פּאַוואָליע. די ברעקלעך, וועלכע פאַלן אויף דער געפּאַרבטער פּאַדלעגע, נעמט ער צונויף און לייגט אַרײַן אין קעשענע פון דער וואַטעווער קאַמזעלקע. נאָכן עסן גייט ער צו צום קראַן, טרינקט לאַנג, מיט גרויס הנאה. די קעכין טראָגט אים אונטער אַ גלאָז, ער נעמט זי נישט, ווישט אויס די וואָנצעס, טוט אַ שפּאַן, און ער איז שוין פון יענער זײַט טיר. דאָרטן טרייסלט ער אויס די קעשענעס, און די שפּערלעך האָבן הנאה פון די ברעקלעך.

— אַ ווילער יונג. פּלאָם־פּײַער. ווער עס וועט אים נעמען פאַר אַ מאַן, וועט זײַן גליקלעך, — באַמערקט קסעניע טימאָפייעוונע.

— וואָס איז דער טאָלק, אַז ער האָט קיין פּאַספּאָרט נישט, — שטעלט אַרײַן יעוודאָקיע.

— און אַז דו ביסט געקומען פון דאָרף, האָסטו געהאַט אַ פּאַספּאָרט? איצטער ביסטו געוואָרן אַ חכמה. געדענקסט, ווי דו האָסט געגאָסן טרערן און געקליאַנטשעט, איך זאָל דיך נעמען. געדענקסט, ווי דו האָסט געוויינט, אַז דו וועסט האָרעווען נאָר פאַרן שטיקל ברויט?

אַזוי פלעגט זיך דורכשמועסן די קעכין מיט דער באַהעלפערין.

חנה פלעגט אָפּט מאָל קוקן אויף מאַקאַרן, און זי האָט געהאַט אַ מאָדנע געפיל, עס האָט זיך איר געדוכט, אַז ווען זי זעט אים ערגעץ אין פעלד, וואָלט זי זיך שוין יאָ דערמאָנט ווו און וואָס... אָבער דאָס פלעגט דויערן אַ רגע, נישט מער. און מאַקאַר, ווי ער וואָלט גאָרנישט נישט געהערט, נישט פאַרשטאַנען, וואָס מע דאַרף. שבת נאָר וואַרעמעס גייט ער מיט אַ בעזעמל אין מרחץ, קומט פון דאָרטן אַ רויטער, טרינקט זיך גוט אָן מיט וואַסער פון קראַן, דערנאָך עסט ער אויף אַ פולע שיסל הירזשענע קאַשע און זאָגט געלאַסן צו חנהן:

— חנה דאַווידאָוונאַ, דו פּאַסט זיך אַזוי אַהער, ווי איך. דו מיינסט, איך זע נישט. דוסקע וואָלט דיך דערטרונקען אין אַ לעפל וואַסער.

— דו נעמסט צו הארב, — טוט אַ זאָג חנה, ווײַל דוסיע שטייט אויף אַ לייטערל און וואַשט די פענצטער. דאָס לייטערל גיט זיך אַ דריי אַ ביסעלע, מאַקאַר טוט אַ געשריי:

— קריך אַראָפּ, קריך אַראָפּ, זאָגט מען דיר!

חנה האָט אויפגעהערט איבערצודרייען די קאָטלעטן אויף דער סקאָ־ ווערדע. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז פון מאַקאַרס געשריי האָבן זיך די טעפּ אויף דער פּליטע אַ הייב געטאָן... חנהן גופא האָט דער געשרײַ

אַוועקגעטראָגן ווײַט־ווײַט פֿון דאַנען. עס איז בײַ איר קיין ספֿק נישט געווען, אַז דער אָ מענטש, נישט קיין אַנדערער, האָט זיך דעמלט אין סטעפּ געיאָגט נאָך איר, ווען זי איז געזעסן אויפֿן פֿערד, און ער, נישט קיין אַנדערער, האָט געשריגן: „קריך אַראָפּ!" ערשט פֿאַר נאַכט, פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער אַרבעט, האָט חנה געלאָזן און ווי גלײַכגילטיק אַ פֿרעג געטאָן:

— מאַקאַר, פֿון וואַנען ביסטו געקומען אַהער?

— פֿון וואַנען איך בין געקומען, בין איך שוין דאָרט נישטאָ.

גראָד איצט האָט זי זיך דערמאָנט, ווי אין קאָמונע „וויאַ נאָוואַ" איז געקומען ברוך גאָלדבערג און צאַליק, האָט זי זיי געפֿרעגט, ווען זיי וועלן פֿאָדערן אַ דירה, האָבן זיי בײדע מיט אַ מאָל געענטפֿערט: „מיר וועלן האָבן אַ דירה אין יענעם אָרט, פֿון וואַנען מיר זענען געקומען".

— ווילסט נישט, דאַרף מען נישט.

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער זײַט, ווו יעוודאָקיע איז געשטאַנען, אַז ער וויל נישט קיין איבעריקע אויערן. און זי האָט טאַקע געטראָפֿן. בעת יעוודאָקיע איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווײַלע פֿון קיך, האָט מאַקאַר אַ שטילן הוסט געטאָן. אָפּגעזיפֿצט, ווי ער וואָלט צוגעבראַכט נעענטער די ווערטער צום מויל, און האָט שטיל געזאָגט:

— פֿון וואַנען בין איך? קסעניע טימאָפֿייעוונע האָב איך געזאָגט, אַז איך בין פֿון קערטש. אין דער אמתן בין איך פֿון אַ דאָרף נישט ווײַט לעבן סאַקי. איך וועל לאַנג קיין קיך־מוזשיק נישט זײַן. ווילסט וויסן, פֿון וואַנען איך בין? איך בין פֿון דזשאַבאַהי. נישט ווײַט פֿון אונדז זענען דאָ זשידאָווסקי קאָמונעס. ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איינער אַ מערזאַוויעץ האָט געמסורט מײַן טאַטן. ער האָט אַנגעהאַוקעט, אַז מײַן טאַטע און מײַן זיידע זענען געווען קולאַקעס. מע האָט אויפֿגעדעקט דעם ליגן. דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן נישט דערלעבט, מײַן ווײַב אויך נישט. איך בין אָבער געקומען צוריק קײַן דזשאַבאַהי, און איין מאָל האָב איך געזען, ווי אַ זשידאָווסקע קאָמונאַרקע רײַט אויף מײַן פֿערד. איך האָב זי אָבער נישט געקאָנט דעריאָגן. אוך, ווען איך דעריאָג זי דאַן!

— וואָס וואָלט געווען?

— בעסער פֿרעג נישט. איך בין דאַן געווען זשעדנע נאָך אַ באַבע! נו, אָבער דאָס פֿערד האָב איך גענומען. איך האָב עס פֿאַרקויפֿט, און איך האָב געהאַט אויף הוצאות צו קומען אַהער. אויף דער באַזע האָט מיר

איינער געזאָגט, אַז מע נעמט דאָ בויען אַ גרויסן זאַוואָד, „שאַריקאָפּאָדשיפּ־ניק“. אַהינצו וועל איך גיין אַרבעטן.

— דו ביסט דאָך אַן ערד־אַרבעטער, ווי וועסטו זיך קאָנען באַגיין אָן ערד?

— נישקשה, איך וועל זיך באַגיין. מיט ערד האָבן מיר מער נישט צו טאָן. כ׳זאָל אַפילו וויסן, אַז יעדער זאַנג איז פול מיט גילדענע קערנער, בין איך מער קיין ערד־אַרבעטער נישט. נו גענוג, איך וועל גיין אַ קראַץ טאָן מיט דער גראַבליע דעם הויף.

אין אָוונט האָט עס חנה דערציילט נחמיהן.

— גאַנץ פיין! ווען דאָס דערציילט מיר אַן אַנדערער, וואָלט איך זיך אויסגעלאַכט, — האָט נחמיה באַמערקט.

דאָס וואָס יעוודאָקיע האָט געזאָגט צו חנהן: „איך וועל זיך נעמען צו אײַך“, האָט חנהן אַ ברען געטאָן ווי אַ פײַער. זי האָט שוין אַליין נישט איין מאָל געטראַכט, אַז זי דאַרף מעלדן וועגן דעם דער פּאַרוואַלטערין. איצט האָט זיך די קעכין מיט יעוודאָקיען געקריגט כּמעט אַלע טאָג. ס׳איז דאָ אַ ווערטל: „מע גייט אַזוי לאַנג מיטן קרוג נאָך וואַסער, ביז דאָס אויערל רײַסט זיך אָפּ“. אין איינעם אַ פּאַרנאַכט האָבן זיך אין קיך אַרײַנ־געשטעלט צוויי פרויען מיט אַ מאַנצבל, זיי האָבן אַרויסגערופן די קעכין, און ערשט אין דרײַ טעג אַרום איז די קעכין צוריקגעקומען אויף אַ ווײַלע. נאָך אַ מאָל האָט זי חנה געזען אויפן געריכט. דאָס סאַמע מערקווירדיקע אויפן געריכט איז געווען, וואָס קסעניע טימאָפייעוונעס מאַן איז געקומען אַן אומגעבעטענער. לויט זײַן גוטן ווילן האָט ער זיך אַרויסגערופן צו זאָגן עדות.

— איך וואָלט נישט געקומען, נאָר שווײַגן קאָן איך נישט. פרעגט בײַ איר, חברים ריכטער, וויפל מאָל איך האָב איר געזאָגט, אַז זי זאָל נישט שלעפּן אַזויפיל. מיר האָבן נישט געקאָנט פאַרניצן דאָס, וואָס זי פלעגט ברענגען. פון דעסט וועגן בעט איך בײַם געריכט, אַז מע זאָל זי נישט שטרענג משפטן, ווײַל זי איז אַ מאַמע פון צוויי קינדער. איך האָב אַלץ געזאָגט.

דער פּסק־דין איז געווען נישט קיין האַרבער, אָבער אויך נישט קיין ווייכער. קסעניע האָט געקראָגן דרײַ יאָר תּפיסה. די בעל־ביתטע פון פּראָדוקטן־שפּײַכלער און די קעכין איז געוואָרן חנה.

ווי באַוווסט, איז פֿאַר חנהן נישט געווען קיין נאָוועגע האַרעוואַניע. אָבער איצטער פֿלעגט זי זײַן פֿאַרנומען ביז שפּעט אין דער נאַכט. די שפּעטע נאַכט איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה. ס'איז אָבער געווען אוממעג־לעך איבערצוטראָגן יעוודאָקיעס פֿערעבענדעווען. אַלע עסן דאָס וואָס ס'איז געבליבן פֿון די קינדער, — זי וויל אַ שטיקל הערינג. אַלע עסן זופּ, — זי וויל אַ שטיקל רוי פֿלייש, וועט זי זיך אין דער היים אויסקאָכן, וואָס זי האָט ליב. ביז חנה האָט נישט אויסגעהאַלטן:

— דו ווייסט גוט, דוסיע, אַז איך בין נישט קיין קצב. ווילסטו נישט עסן, וואָס אַלע עסן, גיי צו דער פֿאַרוואַלטערין.

— יאָ, איצטער קאָן איך גיין ווו איך וויל, כאָטש קסעניע איז געווען אַ גוטע שטוקע, פֿון דעסטוועגן...

— איך וועל נישט גיין זיך פֿונאַנדערקלײַבן, וואָס דו מיינסט, נאָר איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ווער עס וועט גנבנען און דיר אויך געבן אַ חלק, דער וועט זײַן פֿאַר דיר גוט. און מער וויל איך מיט דיר וועגן דעם נישט רעדן. ווילסט עס, ווילסט נישט, — נישט מײַן דאגה!

אין אַ דרײַ־פֿיר טעג אַרום איז מאַקאַר, ווי זײַן שטייגער איז געווען, געזעסן אויפֿן איבערגעקערטן עמער און האָט געררייכערט. חנה איז געווען אין פּראָדוקטן־שפּײַכלער. פּלוצעם טוט מאַקאַר אַ געשריי:

— חנה דאַווידאָוונאַ, גיי גיכער, טו אַ קוק, וואָס עס טוט די מכשפֿה בײַ דײַן קאַשעק.

חנה איז צוגעלאָפֿן. מאַקאַר האָט אַליין אַרויסגענומען פֿון קאַשעק אַ היפּש שטיקל פּוטער און אַ שקאַרמיץ מיט צוקער. חנה האָט אויפֿגעהויבן די האַנט, און עס וואָלט געשען דאָס, וואָס ס'איז געשען מיט די פּאַסטעכער אין סטעפּ, דערפֿאַר וואָס זיי האָבן נישט אָנגעפּויעט די קעלבער, נאָר מאַקאַר האָט באַצײַטנס אָנגעכאַפּט חנהס האַנט, מיט דער אַנדערער האַנט פֿאַרהאַלטן יעוודאָקיען און געהייסן חנהן לויפֿן נאָך דער פֿאַרוואַלטערין. אַזוי האָט זיך געענדיקט דער בילבול, וואָס יעוודאָקיע האָט געוואָלט מאַכן אויף חנהן.

וואָס ווײַטער איז חנהן געוואָרן אַלץ שווערער צו אַרבעטן. ווײַל זי פֿלעגט ענדיקן די אַרבעט זייער שפּעט, איז נחמיה זי געקומען אָפּנעמען פֿון דער אַרבעט. אויב זי איז פֿאַרנומען, דרייט ער זיך אַרום אין הויף פֿונעם קינדערגאָרטן, און די צײַט ציט זיך פֿאַר אים, ווי אַ פֿאָדעם פֿון אַ פֿלאַנטער. דערפֿאַר אין טראַמווײַ פֿלעגט ער זיצן לעבן איר, און שעפּן

נחת. ער קוקט און קוקט אויף איר, און וווּנדערט זיך שטילינקערהייט:

— חנוכל, פֿון וואַנען האָב איך דיך גענומען? קוק אויף מיר, זאָג איך דיר, וואָס קוקסטו אויפֿן יונגן בחורל, וואָס דאַרפֿסטו אים?...

אין די זוטיקס פֿאַרמאַכט זיך די טיר נישט. פֿון גאַנצפֿרי הייבן אָן קומען דיכטער, קינסטלער, אויך אַזוינע, וואָס קלעפּן זיך גלאָט צו קונסט. עס קומט אַ שטייגער, אַ הויכער, אַ שווערוואַגיקער יונגערמאַן, וואָס שרײַבט נישט און מאָלט נישט, נאָר הערט נישט אויף צו לערנען אַלעמען, וויאַזוי מע דאַרף זיך פֿירן, וויאַזוי מע דאַרף זײַן ערלעך, אָפּגעהיט פֿון אַ נישט־ריין וואָרט. מיט אַ וואָך צוריק, זונטיק, איז ער געקומען האַלב אַכט אין דער פֿרי און גאַנצע צוויי מיט אַ האַלבער שעה געהאַלטן אַ דרשה וועגן ערלעכקייט. נחמיה האָט געהערט, געהערט און באַמערקט:

— נאָסן, איך פֿאַרשטיי, אַז דאָס איז זייער וויכטיק, אָבער עס וואָלט געווען געוווּנטשן, דו זאָלסט דאָ האָבן אַ צוויי־דרײַ צוהערער, וועלכע פֿאַלשעווען און קריכן צו יענעם אין קעשענע.

כאָטש חנה איז געווען אין קיך, האָט זי דאָס געהערט, און זי האָט זיך זייער צעלאַכט. נחמיה איז דורכגעלאָפֿן די קיך, האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: „נישקשה פֿון אַ רעדע" און איז אַרויסגעלאָפֿן נאָך ברויט. בעת ער איז געקומען מיטן ברויט און חנה האָט גענומען גרייטן צום טיש, האָט זי ערשט געקיַיכט פֿון געלעכטער, ווײַל נאָסן איז אין מאַנטל געלעגן אויף דער צעפֿאַרענער סאָפֿע און געשמאַק געכראָפּעט, ווי אַ האַלצהעקער, און גאָר נישט ווי אַ פֿילאָסאָף, וואָס האָט אָקערשט געהאַלטן אַזאַ טיפֿע רעדע.

זונטיק פֿלעגט אויך קומען ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש, נחמיהס לערער. ער גייט אַרײַן, כאַפּט אַראָפּ דעם הוט, בייגט זיך אײַן און טוט אַ קוש חנהס האַנט. אויב זי טוט עפּעס, וואַשט דאָס געפֿעס אָדער שיילט בולבע, טוט ער זי אַ קוש בײַם עלנבויגן. זעצט זיך קיין מאָל נישט אויף דער סאָפֿע, נאָר אַלע מאָל אויף אַ שטול. נעמט אַרויס פֿון דער אייבערשטער, ברייטער רעקל־קעשענע אַ ווײַסע מויז מיט ראָזע אויגן, ווי קרעלן, רופֿט צו די קינדער, און עס הייבט זיך אָן אַ שפּרינגערײַ מיט אַ קוויטשערײַ, פֿאַרטויבט צו ווערן. ער גלעט די קינדער איבער די קעפּלעך, לייגט אַרײַן די מויז אין קעשענע און נעמט שמועסן מיט נחמיהן וועגן אָן אויסשטעלונג, וואָס ער האָט געזען, וועגן וואַן־גאָגס בריוו צו זײַן ברודער טעאָ און וועגן נאָך אַ סך זאַכן. חנה הערט זיך צו אויפֿמערקזאַם, פֿון דעסט

וועגן פֿאַרנעמט זי זייער ווינציק פֿון דעם וואָס ער רעדט. בעת ער גייט אַוועק באַגלייט אים נחמיה. ווען ער קומט צוריק, טיילט ער זיך מיט זײַנע געדאַנקען:

— וואָס פֿאַר אַ ווונדערלעכער מענטש דאָס איז, ווי באַשיידן ער פֿירט זיך, און צו מיר באַציט ער זיך פּראָסט, ווי אַן אמתער ברודער.

— דו ביסט גערעכט. נאָר וואָס דאַרף ער קושן די האַנט? פֿאַר דרײַ וואָכן זונטיק איז ער געקומען, האָב איך גראָד געוואַשן גרעט, האָט ער מיך גאָר אַ קוש געטאָן אין שטערן. כ'האָב זיך אַזוי פֿאַרשעמט.

— האָסט זיך נישט וואָס צו שעמען, קיין בייז נישט, — האָט נחמיה זי באַרויִקט, און זיי האָבן ביידע גענומען צוראַמען אין צימער.

נישט איין זונטיק זענען די קינדער געבליבן אומגעבאָדן, קיין געוועש האָט חנה אויך נישט געקאָנט מאַכן, ווײַל עס איז געווען פֿול מיט מענטשן: ס'איז געקומען דער דיכטער, דעם בלאָנדנס ברודער פֿון מינסק, און דער דיכטער מיט דער מוראַדיקער טשופּרינע געקרײַזלטע האָר. דעם בלאָנדנס ברודער, זעליק אַקסעלראָד, האָט געלייענט אַ ליד: „און אַזוי הייבט זיך אָן דײַן געשיכטע, מיטן לעבן, וואָס שלעפּט דיך מיט, האָסט אויף אַזויפֿיל געריכט זיך, לאָזט זיך אויס — נאָר אַ קליינע ליד".

חנהן איז זייער געפֿעלן געוואָרן, אָבער זי האָט געפֿרעגט:

— דאָס איז דען ווינציק?

— אויב אַ גוטע, איז גאָר נישט קנאַפּ. אָבער בעסער איז עטלעכע גוטע, — האָט ער דערקלערט. דערזען, ווי זי שטייט מיטן בעזעם, האָט ער זי געטרייסט:

— לאָז זיך אָפּ פֿון דעם, חנהלע. זײַ נישט ברוגז אויף אונדז, רו אָפּ אַ ביסל. זאָל בלײַבן אַ ביסל מיסט אויף איבער אַכטאָג, — און גלײַכצײַטיק צום דיכטער מיט דער געקרײַזלטער טשופּרינע:

— כאַריק, איר זאָלט אונדז נישט קרוינען
מיר האָבן די ציגל דאָ צעלייגט
און זיך אַליין אַוועקגעלייגט פֿאַר ציגל.

— הער אויף, ברעך נישט אָפּ די פֿלעכטלעך פֿון אַלע בולקעלעך, טריפֿע קישקע!

אָבער יענער קײַט שוין גאַנץ געשמאַק, ער שטייט לעבן קריטיקער, וואָס האָט זיך אַרײַנגעשאַרט, ווי אַ שאָטן, רעדט שטיל, קוים וואָס מע הערט, זאָגט חנהן אַ ווייכן, העפֿלעכן, פֿרײַנטלעכן „גוט מאָרגן".

איצט האָלט דער דיכטער מיט דער געקרײַזלטער טשופּרינע דעם קריטיקערס נאָז מיט צווײ פֿינגער און יענער בעט שטיל און מילד:

— וואָס טוט איר, גענוג, קוועטשט נישט אַזוי, איך בעט אײַך, — דאָס האָט אויסגערופֿן דער קריטיקער גורשטיין, — דאָס איז מיר זײער אומאָנגענעם, נו!

יענער לאָזט אָפּ די נאָז, דער קריטיקער דעקט זי צו מיט זײַן האַנט, און עס גייט שוין אָן אַמפּעריי. מע אַמפּערט זיך וועגן לידער. איינער זאָגט, אַז האָפּשטיינס לידער זענען בעסער, דער צווייטער זאָגט, אַז האַלקינס. דערנאָך טרינקט מען טיי. מע לייענט ווידער לידער. אויב עס מאַכט זיך, אַז ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש פֿאַלט אַרײַן אין אַזאַ שעה, נעמט ער נישט אַרויס די ווײַסע מויז פֿון דער אייבערשטער רעקל-קעשענע, ער קנייטשט פֿאַרלאָרן מיט די אַקסלען, טוט אַ זאָג צו נחמיהן: „קאַקאַי שום, קאַקאַי שום, פּאַשלי נאַ וואָלכאַנקו", וואָס הייסט: „סאַראַ טומל, סאַראַ טומל, קום אויף וואָלכאַנקע".

גאַנץ אָפּט האָט חנה געראַמט און געוואַשן ביז האַלבער נאַכט, אָבער אויפֿשטיין האָט זי אַלצאיינס געמוזט פֿינעף אַזייגער. זי פֿלעגט אָפּט פֿילן, אַז זי פֿאַלט פֿון די פֿיס.

און, ווי געזאָגט, די צײַט איז זיך געגאַנגען, דער פֿרילינג האָט זיך צוגערוקט, אַרבעט איז אַלץ צוגעקומען און צוגעקומען. חנה האָט זיך געסטאַרעט, אַלץ זאָל זײַן צו דער צײַט. שוין אָפּגערעדט, אַז דאָס עסן פֿאַר די קינדער איז געווען געשמאַקער, ווי פֿריער, ווײַל אַלע פּראָדוקטן זענען געגאַנגען אין קעסל. צו דעם אַלץ איז טאַקע אַזוי געשען, ווי נחמיה האָט פֿאַרויסגעזאָגט. דער בלאָנדער מיט זײַן ווײַב זענען געקומען פֿון קיִעוו. איצט האָט שוין חנה געוווסט, אַז מע רופֿט אים יאַשע. אַמאָל פּראָסט — יאַק. דאָס ווײַב האָט מען גערופֿן בראָניסלאַווע יאָסיפּאָוונע. יעקב האָט זי גערופֿן בראָן. אין די אויגן האָט זי נחמיה גערופֿן אויפֿן נאָמען און פֿאָטערנאָמען, הינטער די אויגן האָט ער זי גערופֿן מאַדאַם. זי איז געווען העכער פֿון מיטעלן וווּקס, איך קליינער קאָפּ איז געווען באַוואַקסן מיט גלײַכע, שטײַפֿע ווי דרעטלעך, געשוירענע האָר. איצט איז זי שוין אָפּנים, אַ היפּשע צײַט נישט געווען אין שערערײַ — זענען זיי שטײַפֿע, געדיכטע, שוואַרצע, געשטאַנען אויף אירע אַקסלען. איר הויכער בוזעם איז געלאָפֿן פֿאַרויס, די פּלאַטשיקע קליבעס האָבן זיך קוים באַוועגט. אָבער מערקווירדיקער פֿון אַלץ זענען אין איר יומטובדיקן אָנבליק

געוועזן אירע וואָכעדיקע, טונקעלע קאָלירלאָזע אויגן. פֿאַרשטייט זיך, אַז חנה האָט גלײַך דעם זעלבן אָוונט נישט פֿאַרזאַמט צו זאָגן וועגן דעם נחמיהן.

— ריכטיק, מײַן טרייסט, ווי האָסטו דאָס מאָמענטאַלנע דערזען? אירע אויגן זענען טאַקע ווי צוויי אָפּגעריבענע קנעפּלעך.

— כ׳קאָן נישט אויסהאַלטן פֿון דיר. אין דער אמתן האָסטו דאָס פֿריִער געדאַרפֿט זען, דו ביסט דאָך דער קינסטלער.

— איצט זע איך, אַז מיר זענען באמת מאַן און ווײַב, איך דערקען אין דײַן טאָן, אַז דו האָסט צו מיר טענות.

— וואָס רעדסטו? וואָס פֿאַר אַ טענות? וואָס ווײַטער, האָב איך דיך אַלץ מער האָלט, — האָט חנה זיך מודה געוועזן.

איצט האָט חנה נישט געקאָנט פֿאַרוואַרפֿן נחמיהן, אַז ס׳איז גרינגער אין אָוונט צו באַגעגענען, ווי באַגינען צו באַגלייטן. אַלע טאָג האָט ער זי באַגלייט. דער טראַמוויי גייט שוין — און ער לויפֿט נאָך אַלץ און וואַרנט:

— חנוכל, זײַ געהיט! איבערן וועג נישט לויפֿן, נישט לויפֿן! הערסט, וואָס איך זאָג?

— איך הער, איך וועל זײַן פֿאַרזיכטיק. גיי צוריק, קאָנסט נאָך כאַפּן אַ שלאָף, כ׳וועל נישט לויפֿן, נישט לויפֿן! וואָס דאַרף איך זיך אָנהייבן מיט אַלע טראַמווײַען און מיט אַלע איזוואָזשטשיקעס, — שרײַט חנה, שטייענדיק מיט איין פֿוס אין טאַמבור און מיטן צווייטן אויפֿן טראַמוויי־טרעפּל.

— גיי שוין אַרײַן אין וואַגאָן, שרײַ נישט אַזוי, — פֿאָדערט ער, און אַליין גייט ער צוריק טאַקע כאַפּן אַ דרימל.

חנה ווידער זעצט זיך, ווײַל אין טראַמוויי איז אין אַזאַ פֿריִער שעה פֿריי. זי נעמט אַרויס דעם בוך, וואָס ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש האָט אַנומלטן געבראַכט. זי לייענט און פּראַלט אַלע ווײַלע אַרויס אַ געלעכטער, אַזוי, אַז די פֿאַרשלאָפֿענע פּאַסאַזשירן קוקן זי פֿאַרווּנדערט אָן. געקומען צו דער אַרבעט, שטעלט זי צו קאָכן אַ הירזשענע קאַשע, מאָלט פֿלייש אויף דער פֿלייש־מאַשינקע, צעלייגט פֿירקאַנטיקע שטיקלעך פּוטער אויף די פֿלאַכע טעלערלעך. דערהערט, ווי די טיר עפֿנט זיך, קערעוועט זי אויס דעם קאָפּ און דערזעט די פֿאַרוואַלטערקע יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע. יענע קוקט אָן חנהן און וויל וויסן:

— וואָס זענט איר אַזוי פֿריילעך? איך זע, אַז אָט־אָט צעלאַכט איר זיך.

— איר האָט געטראָפֿן, דער פּרינץ גייט מיר נישט אַרויס פֿון זינען.

— וואָסער פּרינץ?

— יענער פּרינץ, וואָס האָט געזוכט אַ שידוך מיט אַן אמתער פּרינ־צעסין און האָט נעבעך בשום אופֿן נישט געקאָנט געפֿינען אַזאַ. ביז אַ גוסרעגן האָט צוגעבלאָנקעט די אויסגעווייקטע, די אמתע פּרינצעסין צום קייזערלעכן פּאַלאַץ.

— איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס איר רעדט, — האָט יעלי־זאַוועטע אַבראַמאָוונע זיך מודה געווען.

— וואָס פֿאַרשטייט איר נישט? די פּרינצעסין שטייט לעבן טויער פֿון פּאַלאַץ אַן אויסגעווייקטע ביזן לעצטן פֿאָדעם. מע האָט זי טאַקע אַרײַנגעלאָזט אין פּאַלאַץ און די אַלטע באַהאַוונטע קייסערינע האָט גע־זאָגט: „מיר וועלן שוין באַלד זען, צי זי איז די אמתע פּרינצעסין, צי נישט".

און ווי זי זאָגט עס, שלײַדערט זי אַראָפּ דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט פֿון בעט, לייגט אַוועק אַן אַרבעס אויף די הוילע ברעטער, לייגט אַרויף צוועלף פּערענעס. און וואָס זשע מיינט איר, די פּרינצעסין האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט אַ גאַנצע נאַכט איבערן אַרבעסל. אויף די זײַטן זענען איר געבליבן ברוין־בלויע סימנים.

— אוי, דאָס איז אויסגעצייכנט! איך ווייס שוין, דאָס איז די פּרינצעסין אויפֿן אַרבעסל, — האָט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע אויסגערופֿן און זיך אויך צעלאַכט. זיך אויסגעלאַכט, האָט זי זיך פֿאַרוווּנדערט:

— חנה דאַווידאָוונע, איר לייענט אַנדערסענען דאָס ערשטע מאָל?

— כ'האָב אַפֿילו נישט געהערט קיין מאָל, אַז עס איז דאָ אַזאַ שרײַ־בער.

— איך בין אײַך מקנא, איר וועט נאָך האָבן אַ סך פֿאַרגעניגן. כאָטש איך האָב געלייענט די מעשׂהלעך, ווען איך בין אַלט געווען נײַן יאָר, געדענק איך זיי ביז הײַנט, — האָט די פֿאַרוואַלטערין געזאָגט און איז אַוועק צו דער טיר.

— יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע, איר קענט איצט אָפּעסן פֿרישטיק, כ'האָב אויסגערעכנט און איך זע, אַז ס'וועט זײַן פֿאַר די קינדער איבער־גענוג.

— ניין, ניין, ווי אַלע, אַזוי איך, — האָט די פֿאַרוואַלטערין געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

זי איז אַרויסגעגאַנגען און מאַקאַר איז אַרײַנגעקומען. ער האָט זיך געזעצט, ווי שטענדיק, אויפֿן איבערגעקערטן עמער, און חנה האָט אים דערלאַנגט אַ פֿולן טעלער מיט קאַשע.

— דו ווייסט, חנה דאַווידאָוונע, איך עס בײַ דיר דעם לעצטן אָנבײַסן. איך בין געווען נעכטן דאָרט, וווּ מע בויט „שאַריקאָפּאָדשיפּניק" און איך גיי אַהינצו אַרבעטן.

— ווּעסט יאָ אַרבעטן, ווּעסט נישט אַרבעטן. נאָ דיר צו דער קאַשע אַ גלאָז זויערמילך.

— זויערמילך האָב איך ליב, אין דער היים פֿלעגט די מאַמע אָפּקאָכן קאַרטאָפֿל אין מונדירן, זי פֿלעגט ברענגען אַ פֿולע מאַקירטע זויערמילך, עס וויפֿל דו ווילסט! — האָט זיך דערמאָנט מאַקאַר.

— עס גיכער! איין פֿוס דאָ, דער צווייטער אויף דער באַזע, וואָרעם ווער עס קומט פֿריִער, דער מאַלט פֿריִער, — האָט חנה אונטערגעאײַלט מאַקאַרן. זי האָט כּסדר אונטערגעאײַלט יענעם און זיך.

אויב אין קאָמונע פֿלעגט זי אָפּט קומען צו די קינדער נישט צו דער באַשטימטער שעה און מע האָט זי אַרײַנגעלאָזט, האָט זי איצטער די קינדער געזען נאָר זונטיק, ווײַל די דערציִערינס פֿון קינדערגאָרטן האָבן געזאָגט אויסדריקלעך:

— דו מיינסט, אַז דו אַרבעטסט דאָ, קאָנסטו אַרײַנגיין, ווען עס ווילט זיך דיר? — עס האָט איר אָפּט געקוועטשט דאָס האַרץ און טרערן האָבן זי געוואָרגן. אָגב, טרערן פֿלעגן איצט זייער אָפּט אויפֿזידן אין אירע אויגן. איז עמעצער געווען אין קיך, האָט זי זיך געהאַמעוועט, אויב קיינער איז נישט געווען חוץ איר, איז די מאָס איבערגעגאַנגען, זי האָט זיך גוט אויס־געוויינט, דערבײַ זיך אָפּגעהיט, די טרערן זאָלן נישט פֿאַלן אין טאָפּ אָדער אויפֿן ברויט, וואָס זי שנײַדט, דערנאָך האָט זי גוט אויסגעווישט דאָס פּנים און זיך געמוסרט: „העלדיניע, אַ מאַמע ביסטו? דאַרפֿסט נאָך אַליין אַ מאַמען" עס איז איר איצט גאַנץ שווער אָנגעקומען צו גיין פֿון דער אַרבעט אַהיים, אַפֿילו אויב נחמיה האָט זי באַגעגנט. זי האָט גוט געפֿילט, אַז זי איז אין צימערל אַ פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן, כאָטש נישט יעקב, נישט בראָניסלאַווע יוסעפֿאָוונע האָבן איר קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. אָבער חנה האָט געפֿילט אויף שריט און טריט, אַז זי פֿאַרנעמט דאָ צופֿיל אָרט.

עס זענען געווען נאָך סיבות, וואָס האָבן חנהן קלאָר געמאַכט, אַז זי איז דאָ נישט זייער גלײַכן. ווי נאָר זי פֿלעגט זיך זונטיק שטעלן וואַשן גרעט, איז שוין בראָניסלאַווע געשווומען מיט אַ היפּש פּעקל קויטיקס אין די אויסגעשטרעקטע־פֿונאַנדערגענומענע הענט. זי טוט אַ וואָרף דאָס פּעקל אויף דער פּאָדלאָגע לעבן חנהס פֿיס און זאָגט, שמייכלענדיק:

— פֿאַר איינס וועסטו דאָס מאַכן, ס'איז נאָר עטלעכע שטיקלעך.

אָפּטער פֿון אַלץ פֿלעגט זי דאָס טאָן, בעת נחמיה פֿלעגט ערגעץ אַוועק מיט די קינדער. און חנה האָט אים וועגן דעם קיין מאָל קיין וואָרט נישט געזאָגט. עס איז אָבער דאָ אַ ווערטל, אַז „יעדער שטריק האָט אַן עק". אין איינעם אַ זונטיק איז נחמיה מיט די קינדער גראָד געווען אין שטוב, ווײַל עס האָט גערעגנט. חנה איז געשטאַנען בײַ דער בלעכענער מולטער און האָט געמאַכט אַ געוועש. בראָניסלאַווע איז אַרויסגעגאַנגען פֿונעם קליינעם צימערל, טראָגנדיק אין די אויסגעצויגענע הענט אַ היפּש פּעקל. זי האָט עס אַ וואָרף געטאָן לעבן חנהס פֿיס און, ווי תּמיד, פֿאַרבײַגייענדיק צוגעוואָרפֿן:

— עטלעכע שטיקלעך פֿאַר איינס.

נחמיהן האָט ווי אַ הייב געטאָן פֿון אָרט. מיט איין שפּרײַז איז ער געשטאַנען צווישן חנהן און, ווי ער האָט גערופֿן בראָניסלאַווען, — צווישן דער מאַדאַם. ער האָט זי אָנגעקוקט, קוים פֿאַרשטאַנען, וואָס ער טוט. זײַנע פֿיס האָבן, ווי אָן זײַן ווילן, צונויפֿגעשאַרט דאָס, וואָס בראָניסלאַווע האָט צוגעוואָרפֿן און, עס אַזוי שאַרנדיק, ניט מיט זײַן קול אויסגערופֿן:

— ווען אַ טויטער וועט ניסן און איר וועט אים זאָגן „צו געזונט", דאַן וועט חנהלע!... — און צו חנהן: — חנוכל, איך פֿאַרשטיי, אַז דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל. פֿאַרוואָס האָסטו עס מיר נישט געזאָגט? דו האָסט נישט געוווּסט, אַז דו וועסט באַגעגענען אַ חזיר, האָסטו קיין פּאָמיניצע נישט צוגעגרייט?! אַך דו, אָרעם קינד מײַנס, — האָט נחמיה מיט אַ געפֿאַלן קול גערעדט צו חנהן און געגלעט אירע האָר.

חנה האָט ממש נישט געקאָנט אָנקוקן נישט נאָר בראָניסלאַווען, נאָר אַפֿילו איר קלייד, אירע לאַקירטע לאַדעטשקעס. עס האָט איר געשלאָגן צו דער גאַל, ווען זי האָט געהערט, ווי יענע זאָגט:

— יעקב, יאַשענקע, העלף מיר אויסטאָן די טופֿליעס. — יענער האָט געפֿאָלגט, און חנה האָט עס אָפּט איבערגעקרימט. נחמיה האָט געקײַכט פֿון געלעכטער און באַגיטיקט:

— חנוכל, ביסט אַ מאַלאַדיעץ. דו האָסט אויגן, וואָס זעען.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „מאַדאַם" איז אַ וויסנשאַפֿטלעכער טוער. זי האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין אַ מאַנאַטשריפֿט, און די שטוב־אַרבעט פֿלעגט אָפּטאָן אַ געקומענע עלטערע פֿרוי. אָנומלטן, ווען די מאַנצבלען זענען אין שטוב נישט געווען, האָט בראָניסלאַווע זיך געווענדט צו חנהן מיט אַזאַ פֿראַגע:

— זאָג מיר, זײַ אַזוי גוט, פֿאַרוואָס ווילסטו נישט מיט דײַנע קינדער לעבן אין בײַשטאָט, עס געפֿעלט דיר גראָד מײַן דירה?

חנה האָט קיין איין וואָרט נישט געענטפֿערט. פֿאַרוווּנדערט איז זי אויך נישט געווען. זי האָט מער אָדער ווייניקער שוין געקאָנט אָפּשאַצן די דאָזיקע וויסנשאַפֿטלעכע טוערן. אָבער גרינגער איז איר פֿון דעם נישט געוואָרן. זי האָט נעמלעך אויך פֿאַרשטאַנען, אַז נחמיה איז נישט קיין בעל־הבית אַפֿילו פֿונעם צימערל, וווּ זיי געפֿינען זיך.

אויף מאָרגן בײַ דער אַרבעט איז חנהן אַלץ געפֿאַלן פֿון די הענט. די פֿאַרוואַלטערקע האָט געקוקט, ווי חנה טיילט סמעטענע אין קליינע טעפּעלעך און ווען דאָס איז געוואָרן אויסגעטיילט, האָט זי, ווי גלײַכ־גילטיק, געפֿרעגט:

— חנה דאַווידאָוונע, איר זענט פֿאַרמאַטערט, אָדער בײַ אײַך האָט עפּעס געטראָפֿן?

— נאָך דער אַרבעט, אויב איר וועט האָבן צײַט, וועל איך זיך מיט אײַך דורכרעדן.

— גוט, איך וועל זײַן אין קאַבינעט.

נישט צוליב פּוסטער נײַגעריקייט האָט יעליסאַוועטע אַבראַמאָוונע עס געפֿרעגט. נישט דערפֿאַר, וואָס חנה איז גרייט געווען פֿאַר אַ באַלי־ביקן אויסגיסן דאָס האַרץ, האָט זי געזאָגט: „איך וויל זיך מיט אײַך דורכרעדן" די פֿאַרוואַלטערין האָט געזען און פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ מענטש חנה איז. חנה האָט זיך אויך נישט גענאַרט אין דער פֿאַרוואַלטערקע. גאַנץ אָפֿט אין אָוונט זענען זיי געזעסן, געמאַכט די חשבונות, דערבײַ געשמועסט צוביסלעך. פּאַוואַליע האָט זיך יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע דער־וווּסט, ווי אַזוי חנה איז מגולגל געוואָרן אַהער.

בעת זי האָט אויסגעהערט וואָס חנה האָט גערעדט, איז זי אַ ווײַלינקע

געזעסן פֿאַרטראַכט, דערנאָך האָט זי, ווי ציילנדיק יעדער וואָרט, אָנגע־הויבן:

— איך פֿאַרשטיי, אַז אײַער מאַן האָט זייער ערנסט געדאַרפֿט דורכ־טראַכטן, איידער ער האָט אײַך מיט די קינדער גענומען אַהער. אָבער איר האָט אים כאָטש געפֿרעגט: „האָסט אַ ווינקל?"

— ס׳איז מיר אַפֿילו נישט אײַנגעפֿאַלן, ער איז דאָך נישט קיין יינגעלע, ער איז אַלט קנאַפּע דרײַסיק יאָר.

— זעט איר שוין, וואָס זשע האָט איר פּרעטענזיעס צו אים? ער איז נאָך קיין טאַטע נישט געווען, און איר אַ מאַמע זענט יאָ געווען... אָבער איר דאַרפֿט נישט זײַן אַזוי דערשלאָגן. ס׳וועט זיך געפֿינען עפּעס אַן אויסוועג.

— איך האָב צו קיינעם קיין טענות נישט. און איך פֿאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז די שכנה מײַנע דאַרף מיך מיט מײַנע קינדער ווי אַ לאָך אין קאָפּ. אָבער איך קאָן אַהין מער נישט גיין, ווען איך האָב זיך ווו אַהינצוטאָן, וואָלט מײַן פֿוס דאָרטן קיין מאָל נישט געווען.

— דאָרטן איז דאָך אײַער מאַן, איר זאָגט דאָך, אַז איר האָט אים ליב.

— זייער! אָבער ווי קאָן ליבע דערלאָזן, אַז מע זאָל דערנידעריקן און באַליידיקן? איך האָב אײַך דאָס דערציילט דערפֿאַר, ווײַל איך האָב געהאָפֿט, אַז איר וועט מיך לאָזן נעכטיקן דאָ אין קאָרידאָר, ביז איך וועל קריגן ווו צו נעכטיקן מיט מײַנע קינדער.

— פֿאַרוואָס עפּעס דאָ אין קאָרידאָר? אַ געוויסע צײַט וואָלט איר געקאָנט נעכטיקן בײַ מיר, אָבער איר קענט איצט קיין זאַך נישט באַשליסן אָן אים, דער ערשטער האָט אויך אײַער מאַן געדאַרפֿט וויסן וועגן דעם. איר זענט באַגלײַך שולדיק. פֿאָלגט מיך, גייט אַהין, ווי אַלע טאָג. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, דערציילט אים נישט קיין מעשׂהס, וואָס יענע האָט אײַך געפֿרעגט און געזאָגט. רעדט זיך פּשוט און פּראָסט דורך מיט אים, ברענגט אים אויפֿן געדאַנק, אַז ס׳איז נייטיק צו קריגן אַ דירה, און, אַז אין בײַשטאָט איז עס מער מעגלעך. אײַער עלטער מײדעלע וועט האַרבסט אָוועק אין שול. ווו וועט איר זי אָוועקזעצן מיט אַ העפֿט, מיט אַ ביכל? קורץ, איך דאַרף אײַך נישט לערנען, וואָס צו זאָגן.

חנה האָט אײַנגעזען, אַז די פֿאַרוואָלטערקע איז גערעכט. אין אָוונט האָט זי נחמיה באַגעגענט, ער האָט גאָרנישט נישט באַמערקט. ערשט דער־נאָך, ווען זיי האָבן אָפּגעטרונקען טיי, האָט ער דערזען און פֿאַרשטאַנען,

אַז זי איז זייער צערודערט. אַזוי ווי יעקב מיט בראָניסלאַוון זענען געווען אין זייער צימערל, האָט ער שטיל געזאָגט:

— קום, לאָמיר זיך אַ ביסל דורכגיין.

אויף דער גאַס האָט ער געפרעגט:

— ס'איז עפּעס געשען אויף דער אַרבעט?

— וואָס פעלט דיר איין?

— איך זע דאָך. זאָג, וואָס האָט געטראָפן?

— כ'וואָלט זיך געוווּנדערט, ווען דו וואָלסט נישט געזען.

— וואָס איז, דו פילסט זיך שלעכט?

— איך האָב נישט קיין צייט זיך צו פילן, און איך וויל מער נישט וווינען אין איינעם מיט זיי.

— איך וויל דאָס אויך נישט. דערווייל זע איך נישט, מיר זאָלן זיך קאָנען אַרויסקלייבן. איך האָב דיר נישט געזאָגט וועגן דעם, אָבער איך האָב דערלאַנגט אַ מעלדונג אין קינסטלער־פאַראיין.

— ביז וואָס־ווען מוזן מיר געפינען עפּעס אַ צימערל. די פאַרוואַל־טערקע פון קינדערגאָרטן האָט מיר געזאָגט, אַז אויסער דער שטאָט קאָן מען אפשר יאָ קריגן.

— געוויס וועל איך צופאָרן. אָבער מע דאַרף האָבן געדולד, ס'איז גאָרנישט פון די גרינגע זאַכן. איך דאַרף דיר זאָגן, אַז דאָס צימערל, ווו מיר זענען איז טאַקע מיינס. זנאַטשיט, דו ווינסט נישט מיט זיי, נאָר מיט מיר. איך האָב געהאַט אַ גרויסן ליכטיקן צימער, איז איין מאָל געקומען צו מיר יעקב, ער האָט גערעדט און גערעדט און מיר איינגערעדט, כ'זאָל זיך איבערקלייבן צו אים. דערנאָך האָט ער מיר געמאַכט אַ פּראָפּיסקע.

— נחמיהלע, איך פאַרשטיי אין דערויף גאָרנישט. נאָר אויב איך זאָג דיר, אַז איך קאָן דאָ מער נישט לעבן, זאָלסטו וויסן, אַז איך וועל נישט זיין אונטער איין דאַך מיט יעקבס ווייב. וואָס פאַר אַ צימערל דו וועסט נישט קריגן, זאָל זיין פינעף שפּאַן, וועל איך זיין צופרידן, כ'וועל עס אויסקאַלעכן, אויפראַמען, מיר וועלן פריי אָפּאָטעמען.

— באַרויִק זיך. גוט, געוויס וועל איך זוכן. און קום אין שטוב, זיי נישט אַזוי טרויעריק. איך קאָן דאָס נישט זען. דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אַלץ וועל איך טאָן, כדי דיר זאָל זיין בעסער ווי דיר איז.

אין שטוב האָט חנה מער קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. זיי האָבן

אויסגעלאָשן די שײַן און זיך געלייגט שלאָפֿן. אין דער פֿרי האָט נחמיה געהאָט אַ טענה:

— חנוכל, פֿאַרוואָס טראָגסטו נישט דײַן חתונה־קלייד? שוין צײַט דו זאָלסט אָוועקוואַרפֿן דײַנע קאָמונע־טואַלעטן. מע האָט דיר דאָך צום אַכטן מאַרט געגעבן אַ פּרעמיע — טופֿליעס. פֿאַרוואָס זשע גייסטו אַרום אין די שטיוול?

— אויב דו האָסט דערפֿון קלעמעניש, וועל איך אָנטאָן די טופֿליעס. אַ נפֿקא מנייה.

— טו אָן איצט.

— איצט האָב איך קיין צײַט נישט.

— פֿאַרוואָס? דו זיצט דאָך במילא.

— איך זיץ, ווײַל איך וויל זיך דערמאָנען מײַן חלום. שווײַג, איך האָב זיך שוין דערמאָנט. איך גיי זיך אַזוי בײַ נאַכט אין סטעפּ, עס איז אַ חושכדיקע נאַכט. שטאָקפֿינצטער. איך גיי און איך גיי אין דער פֿינצטער, מיט אַ מאָל נעמט אויפֿגיין די זון. זי גייט אויף פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, פּונקט ווי עפּעס אַ ריז וואָלט זי מיט כּוח אַרויסגעשטופּט פֿון דער פֿינצ־טערניש. די ליכטיקייט שפּרייט זיך, און אין איינעם מיט דער ליכטיקייט דערהערט זיך פֿון דער ווײַטן אַ טופּען פֿון פֿערד. אַ הירזשערײַ. איך הער עס אַלץ בולטער, און אָט יאָגט שוין איבערן סטעפּ אַ טאַבון פֿערד. זיי יאָגן מיט פֿאַרריסענע קעפּ און אויפֿגעריסענע מײַלער, אַזוי, אַז איך זע די ציין, און זייערע טלאָען פּויקן אויף דער טרוקענער ערד, ווי אויף אַ פּויק. איך לויף אויך מיט די פֿערד אין איינעם. אָט־אָט כאַפּ איך זיך שוין אָן בײַ דער גריווע פֿון אַ טונקל־שוואַרצן פֿערד, נאָר ער טוט אַ דריי מיטן האַלדז, די גריווע גליטשט זיך אַרויס פֿון מײַן האַנט, איך פֿאַל אַנידער. איבער מיר טראָגט זיך אַ טופּען און אַ הירזשערײַ, מיט אַלע כּוחות קוועטש איך זיך צו צו דער ערד. איבער מיר טראָגט זיך אַ גוואַל־דיקע, הירזשענדיקע כוואַליע, און די פּלייצע טוט מיר אַזוי וויי, איך כאַפּ זיך אַזש אויף פֿון ווייטיק. דער באַלויכטענער סטעפּ פּויקט, צי דאָס האַרץ מײַנס? יאָ, אַוודאי דאָס האַרץ, עס שפּרינגט אַזש אַרויס.

— טרייסט מײַנער, חנוכל, באמת, דו ביסט דאָך אַ פּאָעט.

— וועסט לאַכן פֿון מיר, אָפּט ווילט זיך מיר אָנשרײַבן וואָס איך וויס, וואָס איך האָב געזען, און וואָס איך זע איצט. ס׳אָ ווערטעלע צו זאָגן, דאָס אַלץ צו געדענקען. אַמאָל וויל איך אַזוי דערציילן וועגן דעם,

אַז איך פֿיל אויף זיך אַ שווערע, שווערע משׂא, און די משׂא קאָן איך נישט אַראָפּוואַרפֿן. דאָס איז אַ סך שווערער ווי האַרעווען.

— חנוכּל, זאָלסט עס קיין מאָל נישט טאָן. דו דאַרפֿסט דאָס נישט!

— וואָס רעדסטו, נחמיה? פֿון וואַנען ווייסטו, אַז איך דאַרף דאָס נישט!

— דו מעגסט מיר טרויען, אַז דו דאַרפֿסט דאָס נישט. זאָלן דאָס טאָן די, וואָס זענען מיאוס, וואָס זענען... מיט איין וואָרט — דו דאַרפֿסט דאָס נישט! איך האָב דיך אַזוי ליב, אַז איך וועל נישט טיילן אונדזער ליבע מיט ליטעראַטור... איך וועל זיך שוין פֿאַסטאַרעווען צו קריגן אַ קוואַרטיר, דאַן וועל איך אַרבעטן מער ווי איצט. דו וועסט אָוועקגיין פֿון קינדערגאַרטן, דו וועסט זײַן מײַן בעל־ביתטע און מײַן געליבטע. גלייב מיר, עס וועט זײַן אויסגעצייכנט!

— איך ווייס, אַז דו האָסט מיך ליב. איך ווייס, אַז אומעטום וועט אונדז זײַן אויסגעצייכנט. איך האָב דיך ליב מער ווי זיך אַליין. פֿון דעסט וועגן זיצסטו בײַם טיש און דו אַרבעטסט. דו דערציילסט מיט בלײַיקעס מיט פענדזלען וועגן דעם, וואָס דו זעסט, פֿאַרוואָס זשע זאָגסטו, אַז איך דאַרף דאָס נישט טאָן?

— טרייסט מײַנער, מיר דערצייל וועגן אַלץ, וואָס דו זעסט. און קום צום טראַמווײַ, וועסט פֿאַרשפעטיקן, — האָט נחמיה זי געבראַכט צו דער וואָר, און ווי שטענדיק, בעת זי איז שוין געשטאַנען אויפֿן טראַמווײַ־טרעפל, האָט ער געוואָרנט:

— זײַ געהיט, איבערן וועג נישט לויפֿן!

צי אַ מלאך שנעלט יאָ אין נעזל, בעת אַ קינד דאַרף דערזען די ליכטיקע וועלט, צי נישט, אָבער אַז איטלעכער האָט זיך זײַן מזל, דאָס האָט חנה פֿאַרשטאַנען. זי גופֿא האָט נישט געטראַכט, צי האָט זי בײַם געבוירן ווערן געכאַפּט פֿון אַ מלאך נישט קיין מזלדיקן שנעל... אָבער זי האָט אָפֿט געפֿילט, אַז ס׳וואָלט נישט געווען קיין עוולה, ס׳זאָל איר זײַן אַ ביסל גרינגער, ווי איר איז, דערווײַל איז קיין שום אויסזיכט און קיין האָפֿענונג נישט געווען, אַז איר אויסקומעניש זאָל געלינדערט ווערן.

אין די קראָמען זענען די פּאָליצעס פֿול געווען מיט פּעקעלעך קאַווע פֿון חזירשע ניס. ברויט קויפֿן אַלע נאָר אויף ברויט־קאַרטלעך. שניט־סחורה, שוכוואַרג קאָן מען באַקומען, נאָר ווען מע באַקומט אויף דער

אַרבעט אַן אָרדער. אין קינדערגאָרטן האָט חנה אויך גוט געזען, ווי די מאַמעס, וואָס ברענגען און נעמען אָפּ די קינדער, זענען פֿאַרדאַגהעט. אָפּט זאָגט צו חנהן עליזאַוועטאַ אַבראַמאָווּנאַ: „דאָ וועט אַרײַנגיין אַ פֿרוי, גיט איר אַ צווײ גלאָז רײַז און אַ שטיקל מאַרגאַרין". און לויט דעם, ווי די פֿרוי נעמט עס, פֿאַרקוועטשט חנהן דאָס האַרץ. די לעצטע צײַט איז איר צוגעקומען נאָך אַ דאגה: זי האָט נאָך וועגן דעם נחמיהן נישט געזאָגט, אָבער זי ווייסט, אַז זי טראָגט. „מער פֿעלט איר נישט. ווי צו ברענגען אַן עופֿל צו דער „מאַדאַם".

עס טרעפֿט אויך, אַז זי מישט מיטן גרויסן הילצערנעם לעפֿל די הירזשענע קאַשע און אין איר זיבען מישן זיך טענות צו זיך אַליין: „אַ מאַמע פֿון קינדער טאָר קיינעם נישט ליב האָבן. אין קאָמונע זענען מײַנע פֿייגעלעך געווען ווי אין אייגענע הענט, איצט זענען זיי ווי איבערגעזעצטע פֿלאַנצונגען. זיי זענען עלטער געוואָרן אויף צען יאָר, און איך גופֿא?" דעם געדאַנק וועגן זיך האָט זי געטריבן פֿון זיך, ווײַל אויב די קינדער זענען „איבערגעזעצטע פֿלאַנצונגען", איז זי דאָך ווי אַן אַרויסגעריסענער בוים.

די שטאָט, די גאַסן, דער טראַמווײַ, די איזוואָזשטשיקעס, די הײַזער, די מענגעס מענטשן האָבן איר אויסגעזען ווילד־פֿרעמד. „דער הימל איז פֿאַר־שטעלט פֿון די אויגן, בײַ נאַכט זעט מען נישט קיין שטערן, ווײַל מע איז מיד און מע אײַלט זיך לייגן שלאָפֿן. באַגינען זעט מען נישט דעם זון־אויפֿגאַנג, ווײַל מע לויפֿט אַן אָטעם צו דער אַרבעט. פֿאַר נאַכט זעט מען נישט דעם זון־פֿאַרגאַנג, ווײַל מע וויל שוין גיכער דערזען דעם טראַמווײַ, וואָס וועט אַוועקפֿירן אַהיים. אַזויפֿיל מענטשן, אַזאַ גוזמא שטיבער, אַזאַ געלאַף, אַזאַ אײַלעניש, אַן אומגליק, וואָס אַזויפֿיל מענטשן האָבן זיך צונויפֿגענומען אויף איין אָרט.", — אַזוי האָט חנה נישט דאָס ערשטע מאָל באַזיניקט דאָס, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט.

ווי האָט עס אַנדערש געקאָנט זײַן? איר זיידנס שטוב אין קליינעם שטעטעלע איז געווען נישט ווײַט פֿון פֿעלד. דאָס פֿעלד איז געווען נאָענט צום וואַלד. אַלע האָבן געקענט איינער דעם אַנדערן. איינער האָט דעם צווייטן אונטערגעטראָגן דעם גוטמאָרגן, דערציילט, וואָס נעכטן האָט מען געקאָכט און וואָס מע האָט בדעה צו קאָכן הײַנט. אַז אַ קינד האָט ווײ געטאָן דאָס בײַכל, האָט געוווּסט די גאַנצע גאַס, איז געווען אַן איבער־גאַנג מאָזלען, ווינט־פּאָקן — האָבן אַלע מאַמעס געגייט לײַוונטענע פּי־

טשינקע טאָרבעלעך, אָנגעשאָטן אַהין נאָפֿטאַלין, צוגעגייט בענדעלעך און זיי אָנגעטאָן די קינדער אויף די העלדזעלעך. זומער־צײַט איז חנה מיט דער באָבען און מיטן זיידן אָפֿט געגאַנגען אין וואַלד, מע האָט געדאַרפֿט צונויפֿבינדן אַ סך בעריאָזעווע בעזעמלעך, עס זאָל זײַן מיט וואָס זיך צו בעזעמען אין מרחץ. די באָבע האָט געוווּסט, אַז ראָמונקעס איז צום מאָגן, מענטע צו קאָפּווייטיק, טויזנטגעבלעטער צו די געלענקען. קינדווײַז האָט עס חנה געהאָלפֿן איבערקלײַבן, בינדן. און אַ שיעור טרוקענע גראָז־בעזעמלעך פֿון ליפּע־בליונג, האָזן־שטשאַוו זענען געהאָנגען אויף טשווע־קעס אין דער באָבעס שלאָפֿקאַמער. דער זיידע האָט געטענהט צו דער באָבען:

— דײַן גראָזוואַרג קומט מיר צו חלום. דו זאָגסט, עס העלפֿט צו אַלערליי שלאַפֿקייטן? איך זאָג דיר, אַז דאָס העלפֿט נאָר צום ניסן, אַפּ־טשי, אַפּ־טשי! — האָט דער זיידע זיך געמאַכט אַקוראַט ווי ער ניסט.

אין קאָמונע איז קיין וואַלד נישט געווען. איז אָבער געווען אַ סטעפּ, אַ הויכער, ברייט־פֿונאַנדערגעשפּרייטער הימל, אַ פֿרײַער, שמעקנדיקער ווינט. איז דאָך טאַקע קיין ווונדער נישט, וואָס חנה האָט זיך געפֿילט אינעם צימערל, ווי אין אַ שטײַג, און אין קיך אויף דער אַרבעט — ווי אין קלעם. אָבער בעת אַ מענטש איז געבענטשט מיט פֿעיקייט צו טראַכטן, צו פֿאַרשטיין, וואָס אים רינגלט אַרום, האָט ער פֿרייד פֿון דעם, וואָס ער קאָן עס באַזיניקן. חנה האָט קיין שייכות נישט געהאַט צו דער מערהייט מענטשן, וואָס טראָגן זיך מיטן יאָך פֿון דער אַלטעגלעכקייט, פֿון טיף־פּערזענלעכע איבערלעבונגען. בעת אין קיך פֿלעגט קומען אַ פֿרוי, וועלכע די פֿאַרוואַלטערקע האָט געשיקט צו חנהן, האָט חנה אָפֿט אָנשטאָט צוויי גלעזער רײַז אַרײַנגעשאָטן אַ ביסעלע מערער. איינע אַ פֿרוי פֿלעגט קומען אָפֿטער פֿון אַנדערע. חנה פֿלעגט זי מכבד זײַן מיט אַ ביסל קאַשע, אַמאָל מיט אַ גלאָז טיי. איין מאָל, נאָך אַ מאָל, ביז די פֿרוי האָט דערציילט אַז זי איז אַן איינזאַמע מאַמע, אַז דער מאַן האָט זי פֿאַרלאָזט, איז ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן און האָט פֿאַרגעסן, אַז ער האָט דאָ געלאָזט צוויי קינדער. חנה האָט עס געהערט, מיטגעפֿילט, זיך דערוווּסט בײַ דער פֿאַרוואַלטעקע, אַז נישט מיט איינער טרעפֿט עס, אַז אין קינדערגאָרטן זענען דאָ עטלעכע קינדער, וועלכע האָבן קיין טאַטעס נישט. חנה האָט עס געהערט, דערבײַ זיך דערמאָנט דאָס קינדערהיים פֿון דער קאָמונע, די דערציערינס פֿון קינדערהיים, וועלכע האָבן קיין ביסן נישט אַראָפּגעשלונגען פֿון די קינדערס

עסן. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז אַ מאַמע זאָל פֿילן, איר קינד איז געקריוודעט, נישט צו זאָגט אָנגעהאָדעוועט. און אָט קומט איר ווידער אויפֿן זינען, ווי הענקע, וואָס אַרבעט אין קינדערהיים, קומט אין שטאָל נאָך מילעך, ווי זי, חנה דערלאַנגט איר דאָס קווערטל מילעך און זאָגט: „טרינק אויס!”, ווי הענקע גיסט אויס די מילך פֿון קווערטל אין פֿאַן, טוט אַ זאָג: „זײַ נישט בעסער צו מיר, ווי צו זיך”. צי דען איז עס צו פֿאַרגלײַכן, ווי די דערציערינס פֿון קינדערגאָרטן זאָגן צו חנהן: „זשאַלעווע נישט, גיב נאָך אַ צוויי לעפֿל, מיר לייגן געגוג כּוחות פֿאַר די קינדער”.

אויף די פֿאַרזאַמלונגען פֿון קינדערגאָרטן האָט חנה נישט איין מאָל גערעדט דערויף, אָבער עס העלפֿט, ווי אַ טויטן באַנקעס. אָט טראַכט זי וועגן דעם, אָט טראַכט זי וועגן עפּעס אַנדערש: „אַוודאי איז מיר באַשערט אַ גליק. געוויס איז נחמיה אַ זעלטנהייט, אַוודאי דאַרף איך דאָס שאַצן. אָבער ער האָט גאָרנישט נישט פֿאַרלאָרן. אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, איז מיט אים. דערצו האָט ער נאָך מיך אויך”.

אַנומלטן האָט זי אים געפֿרעגט:

— נחמיהלע, זאָג מיר, וואָס האָסטו געטראַכט, ווען דו ביסט געקומען נעמען מיך מיט די קינדער?

— איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל דיך נעמען אַהער, וועלן זיי נישט גיין אין קיין קינדערגאָרטן, זיי וועלן זײַן מיט אונדז, איך האָב דאָך נישט געוווּסט אַז יעקב וועט אַזוי גיך קומען פֿון קיעוו, און דערצו נאָך מיט אַזאַ מאַדאַם. איך ווייס, אַז דאָס געפֿעלט דיר נישט...

— דו געפֿעלסט מיר, בין איך גליקלעך. פֿאַרוואָס ווילסטו קלאָר מאַכן דאָס, וואָס איז קלאָר? איך האָב געטראַכט דיר זאָגן, צי נישט, נאָר סײַ ווי וועסטו דאָס וויסן דער ערשטער. ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן, אויב עס וועט זײַן נאָך אַ קינד?

חנה האָט עס אַרויסגערעדט און זיך אַליין דערשראָקן. אָבער נחמיה איז צוגעפֿאַלן צו איר, געקושט איר פּנים און אירע הענט און אַלץ געוואָלט וויסן:

— חנוכּל, דו ביסט זיכער, אָבער געוויס?

— הער אויף, נחמיה, וואָס וועלן מיר טאָן, ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן? שטענדיק איז פֿול מענטשן, מע שרײַט און מע רייכערט. ס'איז אוממעגלעך צו ברענגען אַ קליינס אַהער.

ניסט גרינג, אוי ניסט גרינג איז חנהן איצט געווען אויפֿן האַרצן. ניסט גרינג איז איר אויך אָנגעקומען די אַרבעט. מאַקאַר איז טאַקע אַוועק אויף „שאַריקאָפּאָדשיפּניק". אמת, מע האָט געגומען נאָך אַ מענטשן אין קיך, די פֿאַרוואַלטערקע האָט געזאָגט חנהן, זי זאָל נישט פֿאָרן נאָך פּראָדוקטן, ווײַל זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז חנה איז אויף דער צײַט, אָבער די פּראָדוקטן קומען נישט אַליין אין קיך. די לעצטע צײַט גייט אַרײַן יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ, זי העלפֿט איבערקלײַבן גרויפּן, אַרבעס. ס'איז פֿון איר נישט פֿאַרבאָרגן, וואָס בײַ חנהן אויפֿן האַרצן טוט זיך. דערפֿאַר פֿרעגט זי שטיל, אײַנגעהאַלטן:

— חנה דאַווידאָוונע, אויב איך קאָן אײַך מיט עפּעס העלפֿן, וועל איך דאָס טאָן מיט פֿאַרגעניגן.

— כ'האָב אַליין געטראַכט זיך ווענדן צו אײַך נאָך הילף. אָבער, ערשטנס, האָב איך דערפֿילט, אַז איך וויל דאָס נישט, צווייטנס, איז שוין צו שפּעט.

— עס איז קיין מאָל נישט שפּעט צו העלפֿן.

— ס'איז דאָ פֿאַלן, ווען עס איז שפּעט, ס'איז שוין בײַ מיר דער פֿערטער חודש.

— אײַער מאַן ווייסט?

— יאָ.

— איך האָב אײַך געזאָגט עטלעכע מאָל, איר זאָלט אויף דער באַזע נאָך פּראָדוקטן נישט פֿאָרן, און זײַט נישט אַזוי דערשלאָגן און פֿאַרלאָרן. אַ בלינדער האָן געפֿינט אויך אַ קערנדל, אײַער מאַן וועט געפֿינען אַן אויסוועג. איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל, איר זאָלט קיין פּראָדוקטן נישט שלעפּן!

— איך וווּנדער זיך אויף אײַך, איר ווייסט דאָך, אַז עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל.

— איך פֿאַרשטיי אײַך נישט, איר רעדט, ווי אַ פּיצל, אין אַזעלכע זאַכן איז אַלע מאָל דאָס ערשטע מאָל.

כאָטש די ווערטער האָבן חנהן געטראָפֿן אין סאַמע האַרצן, איז זי געווען אַזוי זיכער אין זיך, אַז זי איז יעדעס מאָל געפֿאָרן מיטן וועגעלע און מיט דער צווייטער אַרבעטערקע אויף דער באַזע. אָפֿט האָט זי זיך געוווּנטשן, אַז זי זאָל פּטור ווערן פֿונעם טראָגן, נאָר קוים האָט זי זיך דערמאָנט ווי גליקלעך נחמיה איז, ווי ער וואַרט אויף דעם, האָט זי זיך

באַרוּיִקט. זי האָט דאָך גוט געוווּסט, ווי גינציק, ווי געטריַי, ווי באַהעפֿט איז נחמיה צו איר. פֿון דעסט וועגן איז חנהן וואָס וויַיטער געווען אַלץ שווערער און ביטערער.

...די טעג זענען געוואָרן לענגער, ליכטיקער און וואַרעמער. חנה האָט געאַרבעט ווי פֿריער, ווי פֿריער איז זי מיט די קינדער אויף זונטיק געפֿאָרן אַהיים און יעדעס מאָל פֿלעגט זי זיך אויפֿסניַי וווּנדערן, ווי פֿאַר זעקס טעג וואַקסט אָן אַזויפֿיל פֿעטס און ברוד אויף אַלץ, וואָס געפֿינט זיך אין צימער: די צעראַטע, די פֿענצטער־ברעטער, אַפֿילו די אָנלענען פֿון די שטולן זענען געווען ווי אויסגעשמירט מיט פֿעטס. אַלץ האָט זי געוואַשן מיט זודיק וואַסער. און נחמיה האָט זי געטרייסט:

— חנוכּל, נעם זיך נישט צום האַרצן. אַלץ איז באַשמירט מיט זייער פּוטער.

— פֿון וואַנען האָבן זיי אַזויפֿיל פֿעטקייט?

— זיי קויפֿן דאָס אין דער קאָמערטשעסקער קראָם.

דער זונטיקדיקער טאָג פֿלעגט אַוועקגיין איינס־און־צוויי. אָט האָט זי געלייגט די קינדער שלאָפֿן, אָט האָט זי זיי שוין געדאַרפֿט וועקן. דאָס איז געווען אַ ביטערע זאַך. די קינדער האָבן געוויינט, זיך נישט געלאָזט אָנטאָן. צו דער אַרבעט איז זי געקומען אַ פֿאַרמאַטערטע, און עס האָט זיך ערשט פֿאַר איר אָנגעהויבן אַ נײַער אַרבעטסטאָג.

אָפֿט הייבט זיך אָן דער טאָג מיט פֿאָרן נאָך פּראָדוקטן אויף דער באַזע. אמת, זי פֿאָרט מיטן וועגעלע דריַי מאָל אָנשטאָט איין מאָל, פֿון דעסט־וועגן קומט עס איר נישט אָן גרינג.

יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ איז געווען אַ באַהאַוונטער מענטש, און זי איז געווען גערעכט, בעת זי האָט געזאָגט: „אין אַזוינע זאַכן איז אַלע מאָל דאָס ערשטע מאָל". חנה האָט זיך געפֿילט ערגער ווי יענע דריַי מאָל. דאַן האָט זי געטרונקען און געגעסן, ווי אַלע מענטשן. איצט האָט זי נאָר געטרונקען... פֿון אַלץ האָט איר געאיבלט. זי האָט נישט געקאָנט אַריבער־טראָגן דעם ריח פֿון די געריכטן וואָס זי האָט געקאָכט. נישט איין מאָל איז זי אַרויסגעלאָפֿן פֿון קיך כאַפּן פֿרישע לופֿט. פּלוצעם פֿלעגט אויף איר אָנפֿאַלן אַזאַ האַרצקלאַפּעניש, אַז זי האָט געשפּירט — אָט שפּרינגט איר אַרויס דאָס האַרץ. טאַקע איבער די ריחות פֿון קיך איז חנה מיט גרויס חשק געפֿאָרן אויף דער באַזע. עטלעכע מאָל האָט נחמיה אונטערגעהאָלפֿן, איצט איז ער גראָד געווען פֿאַרנומען, ער האָט געהאַט אַ באַשטעלונג, אַזוי

אַז חנהן האָט ער באַגעגנט, אָבער מער ווי אויף דעם האָט ער קיין צײַט נישט געהאַט. אין די זונטיקן פֿלעגט נחמיה זי אָפּרייסן פֿון דער שטוב־אַרבעט, און זי פֿלעגט עטלעכע שעה זײַן מיט די קינדער אויף דער פֿרישער לופֿט. ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דער קינסטלער־פֿאַראיין האָט געגעבן נחמיהן אַ פּוטיאָווקע אויף צוויי וואָכן, און ער איז אַוועקגעפֿאָרן אין בײַשטאָטישן שעפֿערישן אָפּרו־הויז.

איינעם אַ פֿרימאָרגן איז חנה פּאַמעלעך געגאַנגען בײַם סאַמע טראָטואַר, די שטריק פֿון וועגעלע האָט זי אַרומגעדרייט אַרום דער האַנט, כּדי דאָס וועגעלע מיט די פּראָדוקטן זאָל גיין גלײַכמעסיק און זיך נישט גליטשן אויף אַלע פֿיר רעדעלעך, בעת די גאַס גייט אַ ביסעלע באַרג־אַראָפּ. אַ גאַנצן פֿרימאָרגן האָט זיך חנה געפֿילט נישט גוט, אַלע גלידער זענען געווען ווי מיט בלײַ אָנגעגאָסן. אין קאָפּ האָט איר אַ ביסעלע געשווינדלט, נאָר פֿאָרנדיק צו דער באַזע האָט זי זיך צעשטרייט און ס'איז איר ווי גרינגער געוואָרן. איצט, פֿאָרנדיק צוריק, האָט זי פּלוצעם דערפֿילט אַ ווייטיק אין קרייץ. מיט די לעצטע כּוחות האָט חנה דערשלעפּט די פּראָדוקטן צום הויף פֿון קינדערגאָרטן. אין הויף האָט איר שוין קיין כּוח נישט געקלעקט אַרײַנצושלעפּן דאָס וועגעלע, אַ קלעם האָט איר דורכגענומען, און אין דער זעלבער צײַט האָט עפּעס הייס אַ פּלייץ געטאָן פֿון איר, און זי איז אומגעפֿאַלן.

חנה איז צו זיך געקומען אין שפּיטאָל, און זי האָט נישט געפֿרעגט „ווו בין איך?" זי האָט זיך גלײַך דערמאָנט, וואָס מיט איר האָט געטראָפֿן. די פּאַלאַטע־שוועסטער האָט דערזען, אַז חנה פּרוּווט זיך אַ קער טאָן אויף אַ זײַט, האָט יענע שטרענג געוואָרנט:

— קראַנקע, איך ווייס, אַז ס'איז אײַך נישט באַקוועם, אָבער ליגט רויִק, ווײַל ערשט נעכטן איז געווען אײַער אָפּעראַציע.

— וואָס פֿאַר אַן אָפּעראַציע?

— איר האָט דאָך געהערט, אײדער מע האָט אײַך געגעבן דעם שלאָף־טרונק, ווי דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף אַרויסנעמען בײַ אײַך דאָס קינד. מיט איין וואָרט, אַלץ איז אין אָרדענונג, ליגט רויִק, אַז נישט קאָן זײַן אַ בלוט־שטורץ.

פֿון דער שוועסטערס ווערטער איז אַרײַנגעדרונגען אין חנהס גלידער אַ קאַלטע פּוסטקייט. זי האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו דער וואַנט און

פיינלעכע הייסע טרערן האָבן אַ גאָס געטאָן פֿון אירע אויגן. די שוועס־טער איז ווידער צוגעגאַנגען צו איר:

— קראַנקע, נעמט זיך די מינוט אין די הענט, צעלאָזט זיך נישט, וואָרעם איר קענט אין גאַנצן פֿאַרשפּאָרן געזונט צו ווערן.

חנה האָט אויפֿגעהערט צו וויינען, און אויף וויפֿל זי איז געווען בכּוח, האָט זי פֿון דעסט וועגן אָפּגעענטפֿערט דער שוועסטער:

— ס'וואָלט געווען גלייכער, איר זאָלט האָבן צו טאָן מיט געזונטע, זיי וואָלטן אייך געענטפֿערט מיט קעגנזייטיקער ליבע.

לאַנג האָט חנה נישט געקאָנט טראַכטן וועגן דער שוועסטער. זי האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס מיט איר האָט געטראָפֿן, אָבער מער פֿון אַלץ האָט זי געטראַכט וועגן די קינדער: „ס'האָט געדאַרפֿט טרעפֿן מיט מיר אַזאַ אומגליק, כּדי איך זאָל פֿאַרשטיין, ווי פֿאַריתומט מײַנע קינדער וועלן בלײַבן אָן מיר".

...און די קינדער?

די קינדער האָבן נישט אויפֿגעהערט צו פֿרעגן בײַ די דערציערינס און בײַ יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ: „ווו איז אונדזער מאַמע? פֿאַרוואָס איז זי נעכטן און נאָך אַ מאָל נעכטן נישט געקומען צו אונדז, אונדזער מאַמע?

— כ'האָב אײַך דאָך געזאָגט, אַז די מאַמע איז קראַנק. זי וועט נאָר געזונט ווערן, וועט זי קומען צו אײַך.

— מיר ווילן זען ווי זי איז קראַנק — האָבן אַלע דרײַ מיט אַ מאָל געזאָגט.

— איר ווייסט דאָך, אַז מע טאָר אין שפּיטאָל נישט גיין.

— מיר וועלן זאָגן דעם דאָקטער, אַז מיר זענען אויך קראַנק, — האָט די קלענסטע געפֿונען אַן עצה.

אויפֿן זעקסטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע האָט יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוו־נאַ געפּועלט בײַם הויפּט־דאָקטער, ער זאָל איר דערלויבן צו ברענגען די קינדער אין שפּיטאָל. ווי נאָר די טיר האָט זיך געעפֿנט, קוים האָבן די קינדער פֿאַרשטאַנען אויף וואָס פֿאַר אַ בעטל זייער מאַמע ליגט, האָבן זיי זיך אַרויסגעריסן פֿון דער פֿאַרוואַלטערקע און זענען צוגעלאָפֿן צו חנהן. זיי זענען זיך פֿאַרגאַנגען אין אַזאַ ביטער געוויין, אַז די קראַנקע און אַפֿילו די שוועסטער, וועלכע איז שטענדיק געווען האַרב און ניכטער, האָבן געוויינט נישט ווייניקער פֿון חנהן. דער דאָקטער האָט דערהערט

דעם יאָמער, איז ער צוגעגאַנגען צו די קינדער און האָט קלוימערשט פֿאַרוווּנדערט געזאָגט:

— דאָס ערשטע מאָל זע איך אַזעלכע קינדער, וואָס האָבן נישט ליב זייער מאַמען.

די קינדער האָבן נאָך העכער גענומען וויינען. דאַן האָט דער דאָקטער מיט גוטן און מיט בייזן זיי איינגערעדט, אַז ער האָט עפּעס פֿאַר זיי אין קאַבינעט. ער האָט זיי טאַקע געגעבן מאַנפּאַסיע, און אַז זיי האָבן שוין געהאַט עפּעס אין מויל, האָט ער ערשט געקאָנט זיי איינשמועסן, אַז אויב זיי וועלן וויינען, וועט ער מער אַהער קיינעם נישט אַריינלאָזן.

בעת די פֿאַרוואַלטערקע איז אַוועקגעגאַנגען מיט די קינדער, האָט דער דאָקטער ערשט גוט אויסגעמוסרט חנהן. זי האָט זיך אויפֿגעגעסן, וואָס זי איז איינגעגאַנגען אויף דעם, אַז נחמיה זאָל אַוועקפֿאָרן אין אָפּרו־הויז.

אויף מאָרגן איז געקומען פֿרידע און האָט דערציילט:

— איך בין געגאַנגען צו יעקבן זיך דערוויסן נחמיהס אַדרעס. איך האָב אים געשיקט אַ טעלעגראַמע. פֿאַראייַנס האָב איך אים געזאָגט אין וואָס פֿאַר אַ שפּיטאָל איר ליגט. זיי זענען געווען בייַ אייַך?

— דערווייַל נישט. זיי דאַרפֿן מיך אַזוי ווי אַ פֿראָש אַ שירעם. צווייטנס, בין איך גאָר נישט אַזוי איינזאַם. אייער מאַמע קומט אַלע טאָג, איר קומט. יעוודאָקיע האָט מיר נעכטן געבראַכט אַ פֿלעשל מילעך, עטלעכע טרוקענע בייגל, אַזוי, אַז איך קאָן זיך באַגיין אָן יעקבן מיט זייַן בראָניסלאַווע.

פֿון טאָג צו טאָג האָט חנה זיך געפֿילט בעסער. זי איז שוין צו ביסלעך אַרומגעגאַנגען, זי האָט געפּרוּווט רעדן מיטן דאָקטער וועגן אויסשרייַבן, נאָר ער האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק. חנה האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס ער פֿירט זיך אַזוי, אָבער אַ סיבה איז געווען. יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָווגאַ האָט זיך דורכגערעדט מיטן דאָקטער, זי האָט אים דערציילט חנהס לאַגע און האָט געפּועלט בייַ אים, ער זאָל זיך נישט אייַלן מיטן אויסשרייַבן. פֿאַרשטייט זיך, אַז זי האָט עס נישט דערציילט חנהן, אָקוראַט ווי זי האָט איר קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגן דעם, אַז אויף זונטיק נעמט זי די קינדער צו זיך. זי באָדט זיי און טוט אַלץ, וואָס מע דאַרף.

אַנומלט נאָך מיטאָג איז חנה געזעסן אויף איר געלעגער און געלייענט „כאַלסטאַמער״. כאָטש די דערציילונג האָט זי זייער פֿאַרכאַפּט, האָט זי נישט געקאָנט נישט באַמערקן אַז דאָ קומט עפּעס פֿאָר. ס׳איז דורכגעלאָפֿן די שוועסטער, דערנאָך איין ניאַניע און די אַנדערע, מיט אַ מאָל איז דער דאָקטער אויך דורכגעלאָפֿן די פּאַלאַטע. דערנאָך איז שטיל געוואָרן און די ניאַניע האָט געבראַכט אָוונטברויט.

— וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ טומל נאָך מיטאָג ? — האָט חנה געפֿרעגט בײַ דער ניאַניע.

— אַ טומל ? ס׳איז שוין געווען איין מאָל אַ מעשׂה. עס איז געקומען איינער אַ יונגערמאַן צו זײַן ווײַב, נעמט די ניאַניע פֿון דער דריטער פּאַלאַטע און זאָגט אים אַן אַ גוטע בשׂורה, אַז זײַן ווײַב איז געשטאָרבן. אַז ער טוט עס אַ פֿאַל אין חלשות, מע האָט אים קוים אָפּגעמינטערט, ער ליגט נאָך איצט אויך אין אויפֿנעם־קאַבינעט. איך בין אַרײַנגעגאַנגען אַ קוק טאָן אויף אים, ס׳איז אַזאַ רחמנות, אַז איך קאָן אײַך גאָרנישט זאָגן.

— פֿון וואָס איז געשטאָרבן זײַן ווײַב ?

— איך ווייס נישט. איך אַרבעט דאָך נישט אין יענער פּאַלאַטע, אָבער דאָס ווײַב איז גאָרנישט געשטאָרבן. דער דאָקטער האָט געגעבן דער ניאַניע, וועלכע האָט עס אַרויסגעליאַפּעט, יענעם חלק !

חנה האָט זיך ווידער פֿאַרטיפֿט אין לייענען. אין אַ ווײַלינקע אַרום האָט זי פֿאַרמאַכט דאָס בוך, אָבער אַלץ איז געשטאַנען פֿאַר אירע אויגן. זי האָט געדענקט יעדער וואָרט פֿון דער דערציילונג, ממש געזען אַלץ פֿאַר די אויגן. זי האָט פּלוצעם אַ טראַכט געטאָן : „מיך וואָלט מען אויך אָוועקגעשלעפּט, ווען איך וואָלט געווען אַ פֿערד, בעת איך בין אומגע־פֿאַלן״ און באַלד האָט זיך שוין ווידער געדרייט אין איר מוח דאָס כּסדר־דיקע : „וואָלט איך געפֿאָלגט יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ און נישט גע־שלעפּט די פּראָדוקטן, וואָלט דער אומגליק נישט געטראָפֿן״. אָט אַזוי קרײַזן די געדאַנקען, קרײַזן אָן אַ סוף, און חנה בלײַבט ליגן אַ פֿאַר־חושטע. ווי אַזוי די טיר פֿון פּאַלאַטע האָט זיך געעפֿנט, האָט זי נישט געהערט, אָבער זי האָט גלײַך דערהערט, ווי די קראַנקנשוועסטער האָט הויך אויסגערופֿן :

— חברטע פֿײַנבערג, צו אײַך איז מען געקומען.

נאָך דער שוועסטערס אויסרוף איז לחלוטין געווען איבעריק, ווײַל נחמיה איז שוין געשטאַנען לעבן חנהס בעט.

— ווי פּילסטו זיך, ווי פּילסטו זיך ? — האָט ער געפּרעפּלט.

— איך פּיל זיך נישט שלעכט. וואָס ביסטו אַזוי בלייך ?

די קראַנקנשוועסטער איז צוגעגאַנגען און האָט געוואָרנט:

— דאָ זאָלט איר זיך גוט האַלטן. פּריער אַרבעט דאָס ווײַב אין שטוב און אויף דער אַרבעט ווי אַן אָקס! און דער געטרײַער לײַבלעכער מאַן מאַכט זיך נישט־זעענדיק. דערנאָך ווערט ער ווייך, ווי פּוטער, גיסט טרערן, מאַכט אַ חלשות מער ווי אויף אַ שעה, דער דאַרף הייבט זיך אין שפּיטאָל.

— יעקאַטערינאַ פּאַוולאָוונאַ, איר זעט דאָך, אַז ער האַלט זיך זייער גוט, — און צו אים: — אָט שטייט אַ שטול, זעץ זיך. וואָס איז געשען ?

— אַ קלייניקייט, מע האָט מיר געזאָגט, אַז די ביסט געשטאָרבן.

— דו זעסט דאָך, אַז איך לעב. זעץ זיך. פֿון וואַנען האָסטו זיך דערוווּסט, וואָס מיט מיר האָט געטראָפֿן ? דו האָסט געקראָגן פֿרידעס טעלעגראַמע ?

— די טעלעגראַמע בלאָנדזשעט ערגעץ, מסתּמא. פֿרידע אַליין איז געקומען. איצטער פֿאַרשטיי איך גאָרנישט, ווי איך האָב געקאָנט אַוועק־פֿאָרן. מיט די אייגענע הענט...

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר חנה האָט אים איבערגע־שלאָגן:

— איך בעט דיך, האָב רחמנות, וואָס איז די פּעולה, מיט אייגענע הענט, צי מיט פֿרעמדע הענט. ס'איז נישטאָ וואָס צו חלשן און ס'איז נישטאָ וואָס צו וויינען. וויש אויס די טרערן. מעגסט זײַן זיכער, אַז איך האָב שוין געוויינט פֿאַר דיר אויך. רוק צו די שטול. וואָס זיצטו פֿון דער ווײַטן ? איך זע עפּעס, אַז זיי לויפֿן, זיי טומלען. ערשט דערנאָך האָט מיר אַ ניאַניע דערציילט, אַז איינער אַ יונגערמאַן איז געפֿאַלן חלשות, ווײַל מע האָט אים געזאָגט, אַז דאָס ווײַב איז געשטאָרבן.

— ביסט גערעכט, ס'איז טאַקע קיין פּעולה נישט. מאָרגן פֿאָר איך זוכן אַ דירה. דאָס איז איצט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. דו וועסט מער נישט דאַרפֿן אַרבעטן, ס'הייסט דו וועסט האָבן אַ סך אַרבעט, אָבער נישט אין קיין אַנשטאַלט.

דוכט זיך, אַזוי ווינציק צײַט איז נחמיה געווען אין פּאַלאַטע, און די דעזשורנע שוועסטער הייסט אים שוין גיין פֿון דאַנען.

נאָך נחמיהס אַוועקגיין איז אויף אַ ווײַלינקע געקומען יעליזאַוועטאַ

אַבראַמאָוונע. זי האָט זיך זייער פֿאַרוווּנדערט, וואָס חנה האָט בײַ איר געבעטן עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר.

— איר דאַרפֿט אָנשרײַבן אַ בריוו, וועל איך אײַך ברענגען אַ קאָנ־ווערט אויך.

— אַ דאַנק. קיין קאָנווערט דאַרף מען נישט. איך וויל פּראָסט עפּעס פֿאַרשרײַבן — האָט חנה אויסגעמײַדט אַ קלאָרן ענטפֿער.

כאָטש חנה איז געווען זייער צוגעבונדן צו איר פֿאַרוואַלטערקע, האָט זי איצט געוואָלט, אַז יענע זאָל גיכער אַוועקגיין, ווײַל זי האָט די גאַנצע צײַט געהאַט אַ געפֿיל, אַז איר איז נייטיק עפּעס גרינטלעך באַטראַכטן, און טאַקע, ווי נאָר יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָווּנאַ איז אַוועקגעגאַנגען, האָט חנה דערזען אַ בילד פֿון איר ווײַטער קינדהייט. „ס'איז אַ ווינטערדיקער שבת צו נאַכטס. אויפֿן טיש שטייט אַ גרויסע שיסל מיט אָפּגעקאָכטע בולבעס אין מונדירן. אין אַ צווייטער שיסל שטייט זויער קרויט. אויף אַ גרויסן פּאַרצעלײַענעם טעלער ליגן געבאַקענע הערינג, אַרום טיש זיצן עטלעכע שכנים, עטל כײַקל דעם גלעזערס האָט שוין איר חלק אויפֿגע־געסן, זי שטייט לעבן אויוון און וואַרעמט זיך. קיינער זעט נישט, אָבער חנה זעט זייער גוט, ווי עטל האָט אויפֿגעהויבן דאָס אייבערשטע קלייד און שטייט אַזוי, כּדי עס זאָל איר זײַן וואַרעמער. אַפּנים, אַז די באָבע האָט אויך געזען דאָס, וואָס דאָס אייניקל זעט, און האָט זיך צעבייזערט: „טריפֿער ביין, וואָס האָסטו צו קוקן, וווּ מע דאַרף נישט!" דאָס אַלץ איז אַזוי אויסדריקלעך בולט געשטאַנען פֿאַר חנהס אויגן, אַז זי האָט זיך אַזש צעשמייכלט. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט חנה שוין געטראַכט: „פֿאַר־וואָס זאָגט נחמיה 'דו דאַרפֿסט דאָס נישט', בעת איך האָב אים געזאָגט, אַז כ'וויל עפּעס פֿאַרשרײַבן. ער האָט עס נישט געדאַרפֿט זאָגן, דאָס איז נישט גוט, כ'קאָן נישט פֿאַרשטיין זײַן מיין דערבײַ, אָבער פֿאָלגן וועל איך אים נישט..." — האָט חנה באַשלאָסן.

ווי נחמיה האָט חנהן צוגעזאָגט, אַזוי האָט ער געטאָן. ער איז אַוועקגע־פֿאָרן קיין אודעלנע, און עס האָט אים אָפּגעגליקט: ער האָט לאַנג נישט געדאַרפֿט זוכן. נישט ווײַט פֿונעם וואָקזאַל אין אַ זייטיקער גאַס האָט ער געדונגען צוויי צימערן מיט אַ באַזונדערן אַרײַנגאַנג. די צימערן זענען געווען ליכטיקע, נישט קיין קליינע, און מער פֿון די צימערן איז נחמיה געווען צופֿרידן פֿון דער בעל־הביתטע. פֿונעם ערשטן קוק איז זי אים

געפּעלן געוואָרן. ערשטנס, האָט זי גערעדט יידיש בעסער פון אים, צווייטנס, האָט זי גלייך ביי אים געפרעגט:

— ווען פאָרט איר אַריבער?

— גלייך ווי מע וועט אויסשרייבן מיין ווייב פון שפּיטאָל.

— פאַרוואָס האָט איר מיר גלייך נישט געזאָגט אַז אייער ווייב איז קראַנק?

— כ'האָב געטראַכט, אַז דאָס איז נישט וויכטיק צו זאָגן.

— וואָס איר האָט געטראַכט, ווייס איך נישט, אָבער קיין אַדערויף וועל איך ביי אייך נישט נעמען. זייט אַזוי גוט, לייגט אַריין דאָס געלט צוריק אין קעשענע. איך מאַך מיט אייך אָפּ אַזוי: ביז פינפטן מיי איז געבליבן אַ וואָך, הייסט עס, אַז אין אַ וואָך אַרום קומט איר צו פאָרן מיר זאָגן, צי איר דאַרפט די דירה, צי נישט? אויב איר זאָגט מיר גאָרנישט, וועל איך פאַרדינגען די צימערן, ווייל דאַטשניקעס פעלן נישט, די טיר מאַכט זיך נישט צו, נאָר אַזוי ווי איר דאַרפט די דירה אויף ווינטער אויך, וועל איך אויף אייך וואַרטן.

— פאַרוואָס נעמט איר נישט דאָס געלט?

— זייט ספּאָקוינע, ביי וועמען ס'איז טייער געלט, ביי מיר — אַ וואָרט.

פון אודעלנע איז נחמיה געפאָרן צו חנהן, און כאָטש ס'איז געווען אַ טאָג פון נישט באַזוכן די קראַנקע, האָט אים די שוועסטער אַריינגעלאָזט און פאַרגעוואָרפן:

— גייט שוין, גייט אַריין, וואָס זאָל איך מיט אייך טאָן? איר קאָנט נאָך ווידער מאַכן אַ חלשות.

נחמיה האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק, האָט אַ שפּאַן געטאָן צו חנהס בעט און אָנגעזאָגט:

— חנוכל, ביסט אַ בעל־ביתטע פון צוויי צימערן.

— ווייט פון מאָסקווע?

— ניין, ניין, נישט ווייט פון מאָסקווע און נישט ווייט פון וואָקזאַל און ביידע צימערן האָבן טירן, וועל איך קענען זיצן און אַרבעטן ווי אַ גראַף.

— נו, אַז דו וועסט זיין אַ גראַף, וועל איך זיין אַ גראַפיניע. דער דאָקטער האָט מיר היינט געזאָגט, אַז אָנהייב קומענדיקע וואָך שרייבט מען מיך אויס.

— אויב אַזוי פֿאַר איך מאָרגן אין אודעלנע, זאָל די בעל־ביתטע צוגרייטן די צימערן, — האָט נחמיה געזאָגט צו חנהן און ער איז אַוועק־געגאַנגען.

געקומען צו ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטשן האָט ער אים דערציילט וואָס און ווען, און יענער האָט אויף אים געקוקט און פֿון צײַט צו צײַט געזאָגט: „טאַק, טאַק, טאַק". ער האָט אַרויסבאַגלייט נחמיהן און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— איך בין געווען בײַ יעקבן. נישט ער און נישט זײַן ווײַב האָבן קיין וואָרט נישט געזאָגט, אַז חנה איז קראַנק. דאָס איז נישט פֿאַרשטענד־לעך. — און מיט אַ מאָל האָט ער אַ פֿלעג געטאָן: „געלט דאַרפֿט איר?"

— ניין, אַ דאַנק.

— דערלאַנגט אַ מעלדונג און „מאָסד" (מאָסקווער קינסטלער־פֿאַר־איין), אַז איר זענט געבליבן ממש אויפֿן גאַס. דאָס איז דאָך טאַקע אַזוי.

— יאָ, כ׳וועל דאָס טאָן.

— יעקב, אָדער זײַן ווײַב, האָבן באַזוכט חנה דאַווידאָוונען אין שפּיטאָל?

— קיין מאָל נישט. אָבער חנה איז נישט געווען איינזאַם.

ערשט איצט, ווען נחמיה האָט געזאָגט די ווערטער: „חנה איז נישט געווען איינזאַם", האָט ער אין דער פֿולער מאָס פֿאַרשטאַנען, וואָס יעלי־זאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ און פֿרידע האָבן פֿאַר אים געטאָן. בעת ער האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום געטראָפֿן יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ אין חנהס פּאַלאַטע און ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט געדונגען אַ דירה, האָט זי מיט אַ געפֿאַלן קול געזאָגט:

— די ערשטע צײַט זאָלט איר העלפֿן וויפֿל איר קאָנט. חנה דאַווי־דאָוונאַ דאַרף אָפּרוען.

און ווען זי איז מיט אים אַרויס פֿון פּאַלאַטע, האָט זי זיך ווידער אומ־געקערט צו דעם:

— ס׳איז וויכטיק איר זאָלט נישט זײַן אַזוי זיכער ווי פֿריער, אַז חנה האָט אָן־אַ־שיעור כּוחות און זי קען אַלץ בײַקומען. מע דאַרף זייער אַכטונג געבן אויף איר, ווײַל זי געהערט צו די מענטשן, וואָס וויפֿל זיי זאָלן נישט נעמען אויף זיך, דאַכט זיך זיי, אַז עס איז אַלץ ווינציק.

— אַ דאַנק, איך וועל דאָס אין זינען האָבן.

— אין זינען האָבן איז ווינציק. וואָס איר קאָנט אַליין נישט, זאָגט

מיר און מײַן פֿרידען, מיר וועלן אײַך העלפֿן. איר וועט מיר אַנטשולדיקן, נאָר מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר פֿאַרשטייט נישט אין גאַנצן חנהן. זי האָט מיר אַנומלט איבערדערציילט אַנדערסענס אַ מעשׂהלע מיט אַזויפֿיל געשמאַק און פֿאַרשטאַנד, אַז דאָס האָט מיך מער ווי פֿאַרווונדערט. דאָס און דאָך אמתע פֿעיִקייטן, זי נעמט אויף מיט אַזאַ פֿרישן אָריגינעלן געפֿיל, איך וועל נישט זײַן פֿאַרווונדערט, אויב מיט דער צײַט וועלן זיך בײַ איר אַרויסווײַזן גאָר זעלטענע פֿעיִקייטן. אײַך האָט זייער אָפּגעגליקט, דאָס טרעפֿט נישט אַזוי אָפֿט, — האָט יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ געזאָגט צו נחמיהן. געזאָגט עס נישט נאָר דערפֿאַר וואָס זי האָט געוואָלט ווײַזן, אַז זי פֿאַרשטייט מער פֿון אים, זי איז אויסן געווען דערמיט ער זאָל וויסן, ווי הויך זי שטעלט חנהן.

איצט איז נחמיה געווען פֿאַרנומען מיט אײַנאָרדענען די דירה. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך דאגות האָט ער נישט געהאַט. די בעל־ביתטע האָט געגעבן צוויי בעטן, שטולן, צוויי טישן, אַזוי אַז ער האָט געדאַרפֿט קריגן נאָר דאַטשע־בעטלעך פֿאַר די קינדער און שוין. בעת חנה איז אַרײַנגעגאַנגען און האָט דערזען דעם צימער, אַפֿילו צוויי־דרײַ נאַרציסן מיט אַ גרין צווײַגעלע אין אַ סלאָיִקל, האָט זי אַזש אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט פֿאַר פֿרייד. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט נחמיה געבראַכט די קינדער, און, ענדלעך, זענען זיי געוואָרן אמתע בעלי־בתים. איין זאַך האָט נחמיהן אַ ביסעלע פֿאַרשטערט זײַן פֿרייד. ער האָט געפֿילט, אַז חנה איז מיט אים נישט ביזן סוף אָפֿנהאַרציק, און ער איז געווען גערעכט. אויף דעם פּאַפּיר וואָס יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ האָט געבראַכט חנהן אין שפּיטאָל האָט זי אָנגעשריבן וועגן דעם, ווי איר באָבע פֿלעגט שבת צו נאַכטס מכבד זײַן די שכנה ווינטער מיט בולבעס אין מונדירן און מיט זויער קרויט, זומער מיט קאַלטן שטשאַוו. זי האָט עס אָנגעשריבן פּונקט אַזוי, ווי דאָס בילד איז אַנטשטאַנען פֿאַר אירע אויגן. און איין מאָל, בעת נחמיה איז נישט געווען אין שטוב און ס׳איז גראָד געקומען פֿרידע, האָט חנה פֿאַרגעלייענט דאָס, וואָס זי האָט אָנגעשריבן. פֿרידע האָט געלאַכט און געלויבט. אָבער נחמיה האָט אַ היפּשע צײַט נישט געוווּסט וועגן דעם.

יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונען האָט חנה איצט גערופֿן פּראָסט לאה, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לאה רעדט גאַנץ פֿײַן ייִדיש. אַ סך בעסער ווי נחמיה האָט גערעדט מיט אַ קורצער צײַט צוריק. חנה האָט אָנגעשריבן נאָך אַ קלייניקע דערציילונג וועגן דעם, ווי זי האָט זיך געלערנט בײַ

שמואל דעם רבין אין חדר און וועגן מלכקע סענדערס, וואָס איז געזעסן לעבן איר און נישט אָנגעהויבן צו געדענקען קיין איין וואָרט פֿון חומש, און ווי אַזוי זי, חנה, פֿלעגט אים אונטערזאָגן, דערפֿאַר פֿלעגט איר מלכקע אַלע פֿרײַטיק געבן אַ גראָשן. אַזוי האָט זיך בײַ איר אָנגעקליבן צוויי קאָפּעקעס און זי, חנה, האָט געקויפֿט בײַ וויכנע דער צוקערניטשקע כאַלוואַ. געקומען מיטן זיסקייט אַהיים, האָט זי זיך באַהאַלטן הינטער דעם האַלץ, געגעסן און געגעסן און דערפֿילט, אַז עס גייט שוין צוריק. דעמלט האָט זי פֿאַרוואַרפֿן דעם רעשט כאַלוואַ צווישן האַלץ און איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב. אַרײַנגעגאַנגען און דערזען וויכנען, דערפֿילט אַ קעלט אין אַלע גלידער, און נישט אומזיסט, ווײַל דער זיידע האָט געפֿרעגט: „פֿאַר אונדז האָסטו געלאָזט אַ שטיקעלע נאַשעריי?" די באָבע האָט גאָרנישט געפֿרעגט, זי האָט געגעבן אַ פּאָר גוטע פּעטש. דעריבער האָט חנה פֿײַנט כאַלוואַ ביז היינטיקן טאָג. דאָס אַלץ האָט זי באַשריבן מיט אַלע פּרטים, און ווען זי האָט עס איבערגעלייענט לאהן, האָט יענע געקײַכט פֿון געלעכטער. דערנאָך האָט לאה געפֿרעגט:

— נחמיהן האָט איר דאָס געלייענט?

— ער זאָגט, אַז איך דאַרף דאָס נישט.

— וואָס דאַרפֿט איר נישט?

— ער זאָגט, אַז איך דאַרף נישט שרײַבן.

— איר פֿאָלגט אים דאָך נישט.

— איך פֿאָלג נישט און וועל נישט פֿאָלגן!

און אַזוי זענען אַוועק יאָרן, ביז חנה האָט אויפֿגעהערט צערײַסן דאָס, וואָס זי פֿלעגט אָנשרײַבן.

עס האָט זיי שטאַרק אָפּגעגליקט מיט דער בעל־ביתטע. ראָזאַליע סאַלאָמאָנאָוונע האָט זי בײַ זיי געהייסן. בײַ די קינדער — באָבע רייזע. זי איז טאַקע געווען ווי אַ מאַמע צו חנהן און נחמיהן און אַ באָבע צו די קינדער. די קינדער האָבן ממש אויפֿגעלעבט. ס'איז אויף זיי אַרויף אַ נײַע הויט, זייער געלעכטער און זייער שפּילן זיך האָט היימלעך געמאַכט אַלץ אַרום און אַרום. חנה האָט זיך געוווּנדערט:

— נחמיה, איך פֿאַרשטיי נישט, ס'איז זיי דאָך נישט צו דערקענען. פֿון געבוירן־טאָג אָן זענען זיי געווען אין קינדערהיימס, און איך האָב נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז זיי קאָנען זײַן אַזוי פֿריילעך.

חנה האָט זיך גוט פֿאַרריכט, די לופֿט האָט אויך צוגעהאָלפֿן. אַ ביסל האָבן זיי זיך געערגערט, ווײַל זיי זענען געווען זיכער, אַז רייזע וועט אויף די זומערדיקע חדשים העכערן דאָס דירה־געלט. אָבער רייזע האָט קיין וואָרט וועגן דעם נישט געזאָגט, און נחמיה מיט חנהן האָבן געהאַט די פֿולע מעגלעכקייט צו פֿאַרגלײַכן רייזען מיט יעקבס ווײַב מיט, בראָניסלאַווען. וואָרעם רייזע האָט געטאָן פּונקט פֿאַרקערט. זי פֿלעגט צונויפֿכאַפּן דאָס, וואָס עס האָט זיך איר אויסגעוויזן צו זײַן נישט זייער ריין, בעת חנה איז אין שטוב נישט געווען. דערנאָך פֿלעגט זי זיך אַרײַנשטעלן מיט אַ היפּש פּעקל אויסגעפּרעסטע ציכלעך, האַנטעכער, קינדער־זאַכן, און ס'האָט נישט געהאָלפֿן וואָס חנה האָט יעדעס מאָל ממש זיך געבייזערט.

— נו, טאָכטער, וואָס בייזערסטו זיך? נישט צוליב דעם האָב איך זיך געשטעלט צו דער מולטער. כ'האָב גענומען וואַשן אייגענע זאַכן, האָב איך זיך דערמאָנט אין דײַנע. הײַנט וואָס קומט מיר דערפֿאַר?

האָט זי פֿרײַטיק אין דער פֿרי געבאַקן געבעקס, עטלעכע קוילעטשן, האָט זי שוין אויסגעמאַרקירט אַז עפּעס זאָל בלײַבן אויף זונטיק, פֿאַר חנהס געסט, וואָרעם זונטיק פֿלעגן קומען פֿרידע מיט דער מאַמען, ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש מיט דער ווײַסער מויז אין דער אייבערשטער קעשענע פֿון רעקל, און רייזעס געבעקס איז טאַקע גוט צוניץ געקומען.

דערווײַל האָט זיך די צײַט גערוקט צו זומער־צו און אָט איז שוין טאַקע תּמוז. אַנומלטן האָט נחמיה געזאָגט צו חנהן, אַז דער קינסטלער־פֿאַראיין גיט אים אַ שעפֿערישע קאָמאַנדירונג.

— וואָס הייסט, דו וועסט אַוועקפֿאָרן? — איז חנה געוואָרן אויסער זיך.

— טײַערינקע, אַלע זומער פֿאָר איך אַוועק. ווען נישט דאָס, ווי וואָלט איך זיך מיט דיר באַקענט?

חנה האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק. זי איז אַוועק אין קיך אָנצינדן דעם פּרימוס, פֿאַר איינס אויסלעשן דעם פֿאַרדראָס. „אַלע זומער פֿאָר איך אַוועק. אָבער דער זומער איז גאָר אַן אַנדערער, ווי די פֿריערדיקע“, — האָט חנה געטראַכט. כאָטש נחמיה האָט נישט דערמאָנט וועגן איר קרענק, האָט ער זייער גוט פֿאַרשטאַנען, אַז מע האָט דאָס געקאָנט אויסמײַדן. ער האָט זיך ממש אויפֿגעגעסן, און נישט איין מאָל איז אים געקומען אין זינען: „ווען איך פֿאַרלאָז זיך נישט אויף יעקבן, ווען איך פֿאָלג אים נישט, און ווען איך דינג גלײַך אַ דירה, וואָלט דערצו נישט געקומען“.

דאָך איז אים אָפּילו נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס יאָר דאַרף ער אין ערגעץ נישט פאָרן. חוץ דערויף איז זיך דאָס לעבן געגאַנגען רעגלמעסיק. די קינדער זענען געווען געזונט און זאַט, חנה האָט געפירט דאָס באַלעבאַ־טישקייט באַדאַכט און שפּאַרעוודיק. נחמיה איז געווען פול מיט אַרבעטס־אימפּעט. די באַבע רייזע האָט געהאָלפן מיט וואָס זי האָט געקאָנט. אָבער אַ מענטש ווייסט קיין מאָל נישט, וואָס עס שטייט אים פאָר. אין איינעם אַ טאָג, בעת חנה איז געזעסן אויפן גאַנעק און געלייענט, זענען צוגע־גאַנגען אַ פרוי מיט אַ מאַנצבל. זיי האָבן גאָרנישט נישט געפרעגט, זענען גיך פאַרבייגעגאַנגען חנהן, זי אַפילו אַ שטויס געטאָן מיטן טשעמאָדאַן, און אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט חנה דערהערט קולות פון דער באַבע רייזעס צימער אַרויס, און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס זענען געקומען יורשים.

חנה האָט עס ריכטיק פאַרשטאַנען, זי האָט נאָר נישט געוווּסט, אַז זי וועט אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרפן זוכן אַ דירה. זי האָט געלאָזט די קינדער ביי דער באַבע רייזען און מיט נחמיהן צוזאַמען אויסגעפאָרן זייער אַ סך ערטער פון מאָסקווער בייִשטאָט. זיי האָבן קוים מיט צרות געפונען אַ קליינעם צימער אין ליובלינאַ. פאַרשטייט זיך, אַז נחמיה האָט אָפּגעלייגט זיין רייזע. ביז זיי האָבן זיך אַ ביסעלע איינגעאָרדנט, עפּעס געקויפט, איז שוין געווען אויגוסט. טאָקע דעמלט איז יעקב געקומען צו זיי און האָט חנהן דערלאַנגט אַ בריוו. חנה איז געווען זייער פאַרוווּנדערט, נאָר קוים האָט זי אויפגעריסן דעם קאָנווערט און איבערגעלייענט די ערשטע ווערטער, איז איר שוין קלאָר געוואָרן וואָס און ווען. און אָט איז דאָס, וואָס אין בריוו איז געשטאַנען: „חנה, חנהטשקע, אַ גוטמאָרגן אויף דיר, שיינער מענטש! אַוועקגעפאָרן און אַרויסגעוואָרפן פון האַרצן און פון מוח. ס׳וואָלט דיר זייער געפּאַסט דו זאָלסט כריוקען... דו דאַרפסט זיך נישט וווּנדערן, פון וואַנען איך האָב דיין אַדרעס. יוכבד האָט אויפגע־ראַמט דעם צימער, האָט זי געפונען אין דיין געלעגער אַ פּוסטן קאָנ־ווערט מיטן מאָסקווער אַדרעס. דעם אמת געזאָגט האָב איך זייער געוואָרט דו זאָלסט אַריינשיקן אַ פּאָר ווערטער, און כ׳האָב אָפּט געטראַכט: חתונה געהאַט און פאַרגעסן דעם זיי־געזונט. צי געדענקסטו כאָטש מיט וואָס פאַר אַ חשק דו פלעגסט אויפעסן די אוגערקע אין גאָרטן! פיין, שענער קאָן גאָר נישט זיין! עס דאַרף דיר זיין קלאָר ווי באַב־יויך, אַז איך וואָלט דיר אויך נישט געשריבן, אָבער נויט ברעכט אייזן. צו וועמען זאָל איך

רעדן? וועמען האָב איך? זאָג שוין אַליין, וועמען?... דאַרפֿסט וויסן זײַן, אַז ס'איז שוין אויס קאָמונע. גלײַך ווי מיר זענען געוואָרן קאָלווירטניקעס, זענען היפּש קאָמונאַרן אַוועקגעפֿאָרן. די, וועלכע זענען געבליבן, האָבן האַסטיק פֿון האַסטיקער זיך גענומען פּאָרן, וואָרעם ווער עס האָט קיין זיווג נישט געהאַט, דעם האָט די פּראַוולעניע פֿון קאָלווירט קיין קו נישט געגעבן. כ'האָב דערהערט אַזאַ זאַך, זאָג איך, אַז איך וויל אויך אַ בהמה, אויב נישט קיין געקעלבטע, איז כאָטש אַ קעלביקע, אויב נישט קיין קעלביקע, זאָל זײַן אַ טעלעצע. מאַכט צו מיר דער פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט: „חיה, ווילסט אַ בהמה, נעם אַ מאַן!" קורץ גערעדט, איך האָב גוט געלאַכט, נאָר אַז איך האָב דערזען, וואָס פֿאַר אַ שידוכים מע טוט, האָב איך געלאַכט נאָך מער. אפֿרים האָט חתונה געהאַט מיט זעלדקען, אײַזיק האָט חתונה געהאַט מיט יוכבדן, מיט דײַן שכנה, שימקע קאָניוך האָט חתונה געהאַט מיט מינען, געדענקסט, אָט די, וואָס האָט געאַרבעט אין קינדערהיים. פֿאַרשטייסטו אַליין, אַז וויבאַלד איך האָב נישט געוואָלט קיין מאַן, בין איך געבליבן אָן אַ בהמה. דעריבער בעט איך בײַ דיר, דערוויס זיך, צי איז טאַקע אמת, צי מע בויט אין מאָסקווע אַ זאַוואָד, וועלכער רופֿט זיך „שאַריקאָפּאָדשיפּניק". פֿאַר אַכטאָגן האָב איך אַוועקגעפֿירט גריבס קיין סאַקי, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אָנפּאָיען די אָקסן אין טעמעש בײַם ברונעם. איך זע אין איין שטוב איז פֿאַרקלאַפּט די טירן מיט די פֿענצטער, אין נאָך אַ שטוב, אין אַ דריטער שטוב אויך אַזוי, פֿרעג איך בײַ אַ פּויערטע וואָס איז צוגעגאַנגען צום ברונעם: וואָס טוט זיך דאָ? דערציילט זי מיר, אַז איינער האָט געקראָגן אַ בריוו פֿון זײַן פּלעמעניק פֿון מאָסקווע, מע קאָן דאָרטן גוט פֿאַרדינען, שרײַבט דער פּלעמעניק. אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ, און אַז ער אַרבעט טאַקע בײַם בויען דעם גרויסן זאַוואָד. און אַז דעם, וואָס האָט געשריבן דעם בריוו רופֿט מען, דוכט זיך, מאַקאַר. אַז ער האָט גוט געקײַט די ערד ביז ער האָט געקראָגן אַרבעט אין עפּעס אַ קיך, נאָר איצטער וווינט ער אין אַ באַראַק, מיט מענטשן גלײַך. האָט מאַקאַרס פֿעטער איבערגעלאָזט האַק־און־פּאַק, פֿאַרקלאַפּט די טירן מיט די פֿענצטער און היידאַ — קיין מאָסקווע. אַנדערע האָבן דערזען אַזאַ זאַך, האָט מען אויך אַזוי געטאָן. וואָלסט איצטער טעמעש נישט דערקענט. אַ פּוסטעניש. בעט איך דיך, חנה, שרײַב מיר גלײַך אָן וועגן דעם, איך וואָלט דיך אַפֿילו געבעטן, דו זאָלסט זיך דערוויסן דעם אַדרעס, ווו עס בויט זיך דער דאָזיקער „שאַריקאָפּאָדשיפּניק", וועל איך פֿאַרפֿאָרן גלײַך אַהין, ווײַל

איך זע דאָך, אַז דו האָסט פֿאַר פֿינעף חדשים נישט געפֿונען קיין שעה אָנצושרײַבן עטלעכע ווערטער. האָב איך דיך נישט וואָס צו באַלעסטיקן. זײַ געזונט, פֿון דעסטוועגן געדענק איך דיך און איך האָב דיך ליב. חיה פֿונעם גרינוואַרג".

חנה האָט פֿאַרגעלייענט דעם בריוו, ווײַל פֿרידע און לאה זענען דאָ גראָד געווען. מע האָט געלאַכט, דערנאָך האָט פֿרידע אומעטיק געפֿרעגט:

— וואָס וועט זײַן מיט די דערפֿער? ווער וועט זייען און שנײַדן, אויב די פּויערים לויפֿן זיך פֿונאַנדער?

— ווער עס לויפֿט און ווער עס בלײַבט אויף אַן אָרט, — האָט נחמיה געטרייסט.

אין גיכן איז נחמיה טאַקע אַוועקגעפֿאָרן אין אַ שעפֿערישער קאָמאַנדירונג. בײַם געזעגענען זיך האָט ער געזען, אַז עס וואָלט גלײַכער געווען ווען ער פֿאָרט נישט, וואָרעם חנה האָט אים קוים אַ קוש געטאָן, מיט געחלשטע ליפּן. געקומען אין שטוב האָט חנה דערפֿילט, אַז עס איז גאָר נישט אַזוי שרעקלעך, וואָס נחמיה איז אַוועקגעפֿאָרן, און אין די קומענדיקע טעג האָט זי שוין געוווּסט, וואָס צו טאָן. די נעכט זענען נאָך געווען נישט אַזוי לאַנג, און ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט שוין חנה געשריבן, געריסן, ווידער געשריבן און ווידער געריסן. אָבער פּלוצעם האָט זי אָנגעשריבן וועגן אַ שוואַרצער הון, „ווי די דאָזיקע הון, די מרשעת, פֿלעגט אַרײַנלויפֿן אין שטוב, ווי די באָבע פֿלעגט זי נעמען יאָגן, און יענע פֿלעגט אַרויף אויפֿן טיש, גראָד דאַן, ווען די באָבע האָט געזיפּט מעל, וואָלקנס האָבן זיך געהויבן ביז דער סטעליע. דערנאָך איז די הון פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, די באָבע האָט געזוכט און אין ערגעץ זי נישט געפֿונען. אַנומלטן האָט די באָבע געדאַרפֿט עפּעס אויפֿן בוידעם. אין אַן אַלטן קופֿערטל האָבן אירע הענט זיך אָנגעשטויסן אויף דער הון. זי האָט צעקרעלט דער באָבעס הענט און איז ווי אַ משוגענע אַרויסגעפֿלויגן פֿון קופֿערטל. אויפֿן דעק פֿון קופֿערטל האָט די באָבע אָנגעטאַפּט וואָרעמע פֿלעשעלעך, שפּולקעס פֿון פֿאָדעם און נאָך שמאָכטעס. האָט זי פֿאַרשטאַנען פֿון וואָס די הון האָט געוואָלט אויסבריִען הינדעלעך. האָט זי דאָס אַלץ אַרויסגעשלײַדערט פֿון קופֿערטל, געבראַכט אָנדערהאַלבן צענדליק אייער, אַוועקגעלייגט אויפֿן אָרט פֿון די פֿעלשלעך און די אַנדערע שמאָכטעס, און ס'איז געווען אַזוי ווי די באָבע האָט געוואָלט. די מרשעת האָט אויסגעבריט פּופּצן הינדעלעך..." אָט דאָס האָט חנה נישט צעריסן.

שרײַבן איז געווען נישט די גרעסטע צרה חנהס, זי אַליין האָט אָפֿט געטראַכט: „מײַן צרה איז, וואָס לייענען האָב איך נאָך ליבער, ווי שרײַבן". עס האָט אָפֿט געטראָפֿן; זי זיצט און שרײַבט, מיט אַ מאָל, זי געדענקט נישט ווי אַזוי, האַלט זי שוין אַ בוך אין די הענט. און אַוועקלייגן אים קאָן זי שוין נישט. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז זי פֿלעגט פֿון זיך באַהאַלטן די ביכער. אָבער, דאָך אַזוי, האָט זי געלייענט זייער אַ סך. און אַקוראַט ווי ס'האָבן זי געדירט שלום־עליכם און פּרץ, אָפּאַטאָשו און ווײַסנבערג, האָפּשטיין און האַלקין, אַקוראַט אַזוי פֿלעגן זי ביז טרערן רירן טשעכאָוו און טאָלסטאָי, סערוואַנטעס און דיקענס. „האישה מרת חנה" איז געווען איינע פֿון אירע באַליבטע פּערסאָנאַזשן. בעת אַנדריי באָלקאָנסקי איז געשטאָרבן, האָט חנה געקלאָגט, ווי מע באַקלאָגט אַ לײַבלעכן מענטשן. בעת זי האָט געלייענט בײַ דיקענסן, ווי דייוויד קופּערפֿילד דערציילט, אַז „אין ערגעץ וואַקסט נישט אַזאַ גרין גראָז, ווי דאָס גראָז אויפֿן בית־עולם, ווו מײַן טאַטע ליגט אין אייביקער רו", פֿלעגט איר פֿאַרקוועטשן דאָס האַרץ, און נחמיה האָט עס געזען לויט איר און געחוזקט:

— חנוכּל, וואָס פֿאַר אַן אומגליק האָט געטראָפֿן אין דער קלאַסישער ליטעראַטור?

— אין דער קלאַסישער ליטעראַטור טרעפֿן אומגליקן דערפֿאַר, ווײַל דאָס טרעפֿט מיט אונדז און מיט אַלעמען! — פֿלעגט חנה זייער ערנסט ענטפֿערן. און צוגעבן: — מיט וואָס איז דער „פֿאָטער גאָריאָ" גליקלעכער פֿון „טוביה דעם מילכיקן?"

נחמיה האָט נעמלעך פֿאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף מער נישט זאָגן, בעת חנה זיצט און שרײַבט: „לייג זיך, סײַ ווי וועט זיך גאָרנישט באַקומען". אָפֿט, ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט ער געזען, ווי חנה זיצט בײַם טיש, און ער האָט זיך געמאַכט שלאָפֿנדיק. וואָס ווײַטער, האָט זיך זײַן זאָרג וועגן איך געמערט. איצטער האָט ער אָפֿטער ווי פֿריער געזאָגט: „עס עפּעס". אויף בײַנאַכט פֿלעגט ער אויפֿן טיש אַוועקשטעלן אַ גלאָז מילעך, אַ שטיקל ברויט אָדער אַ ציגעלע צוקער. נאָך דער קאָמאַנדירונג איז ער אָפֿט געפֿאָרן אין שטאָט מיט די אַרבעטן, וואָס ער האָט געבראַכט, אָפּגערעדט דערפֿון, אַז חנה האָט יעדער בויגן, יעדער געמעל באַטראַכט נישט איין מאָל. אָבער אין שטאָט נעכטיקן איז ער קיין מאָל נישט געבליבן, אָפֿט געקומען מיטן לעצטן צוג, אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער צוויי מאָל. צוגעפּלעטשט דאָס פּנים צו דער שויב, שטייט ער אַזוי פֿון יענער זײַט,

חנה פֿון דער זײַט, אין צימער. זיי שמייכלען א ווײַלעטשקע איינער צום אנדערן, און חנה גייט האסטיק עפֿענען די טיר. פֿון ליובלינא האבן זיי אריבערגעוואנדערט קיין צאריצינא, פֿון צאריצינא קיין פערלאווקע, און אומעטום איז חנה געווען אן אויסגערעכנטע, שפארעוודיקע באלעבאסטע און, ווי דאס פֿארדינסט האט נאכגעלאזט, אזוי האט זי געפֿירט די באלע־באטישקייט. נאר אזא בעל־הביתטע ווי רייזע, האבן זיי מער נישט געהאט. און ווו זיי זענען נישט געווען, איז רייזע צו זיי געקומען, אלע מאל עפּעס געבראכט, אפֿט גענומען די קינדער מיט זיך. זי האט זיך זייער געעלטערט, נאר זיך קיין מאל נישט באקלאגט.

— כאטש איך בין א שכנה ביי מײַן זון, בין איך נאך מיט גאטס הילף א באלעבאסטע אין מײַן אייגענעם צימער.

פֿון די קארגע ווערטער רייזעס האבן חנה מיט נחמיהן גוט פֿאר־שטאנען, וואס פֿאר א זון רייזע האט.

ערשט אין 1937 האט דער קינסטלער־פֿאראיין געגעבן נחמיהן א דירה. צום סוף פֿונעם זעלביקן יאר האט חנה געבוירן א זון.

# IV

די קנאַפּע פֿיר יאָר ביז דער מלחמה האָט חנה אָנגערופֿן „מײַנע זיבן גוטע יאָר״. זי האָט זיי אָנגערופֿן אַזוי טאַקע דערפֿאַר, וואָס זיי וואָלטן געמעגט זײַן בעסער. נישט זעלטן פֿלעגט זי אין יענע צײַטן זאָגן צו נחמיהן:

— וואָס טויג מיר דער גילדענער בעכער?

זי האָט עס געזאָגט נישט, חלילה, דערפֿאַר, ווײַל איר האָט עפּעס געפֿעלט. ווען איר מיט נחמיהן וואָלט גענוג געווען דאָס אייגענע ווילזײַן, וואָלטן זיי זיך געקאָנט שעצן גליקלעך.

אָבער...

ווען זיי זענען אַרײַנגעפֿאָרן אין דער נײַער דירה, האָבן זיי קיין חנוכּת־הבית נישט געמאַכט. נישט געווען קיין געמיט דערצו. עס האָבן געפֿעלט אַ סך פֿרײַנד. מער האָט שוין חנה נישט געזען דעם דיכטער מיט דער געקרײַזלטער פּאַטלע פֿון מינסק, עס האָבן געפֿעלט אויך אַנדערע. חנה מיט נחמיהן זענען געווען דערשלאָגן, עס האָבן געטראָפֿן טעג פֿון כּסדרדיקן שווײַגן. פֿרידע מיט איר מאַמען פֿלעגן קומען זייער אָפֿט. מע איז געזעסן בײַם טיש און מע האָט אויך מער געשוויגן, ווי גערעדט.

די זון איז אויפֿגעגאַנגען, די זון איז פֿאַרגאַנגען, די אַלטעגלעכקייט האָט חנהן נישט אָפּגעלאָזט. אָבער די אַרבעט איז איר געפֿאַלן פֿון די הענט. אַזאַ גליק: צוויי גרויסע צימערן, פֿון וועלכע נחמיה מיט חנהן זענען געווען די בעל־בתּים, און ווי באַקוועם עס איז געווען, וואָס די צימערן האָבן זיך געפֿונען אין באַזונדערע קאָרידאָרן. דער גרויסער צימער גלײַך אַנטקעגן דער אַרײַנגאַנג־טיר, דער קלענערער — אין סאַמע ווינקל פֿון קאָרידאָר, ווו ס׳האָבן זיך געפֿונען צוויי צימערן, אין וועלכע ס׳האָבן געוווינט נאָך צוויי משפּחות.

אין גרויסן צימער האָבן זיך געפֿונען חנה, נחמיה מיטן דרייַחדשימ־דיקן ייִנגעלע. אין קלענערן צימער האָבן זיך געפֿונען, אָדער בעסער

געזאָגט, האָבן „זיך אָפּגעדרייט די קעפּ" די דריי מיידעלעך. פּערעלע מיט ביילקען זענען געגאַנגען אין דער יידישער שול, וואָס האָט זיך געפֿונען אין מאַרינע ראָשטשע. זיי האָבן זיך גוט געלערנט. אָבער דאָס האָט נישט געשטערט נאָך דעם, ווי זיי פֿלעגן מאַכן די לימודים, זיך „אָ שפּיל טאָן" די שכנה פֿון צימער אַהינטער דער וואַנט, ווו דער דרײַלינג האָט זיך געשפּילט, פֿלעגט עטלעכע מאָל אַ טאָג אַנקלאַפּן אין דער טיר פֿון גרויסן צימער, און, אַז חנה פֿלעגט איר אַרויסגיין אַנטקעגן, איז יענע געשטאַנען מיט פֿאַרבראָכענע הענט און געטענהט:

— טוט אַ קוק, וואָס אײַער טראַיִטשקע טוט. זיי וועלן דאָך ברעכן האַלדז־און־נאַקן. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ אומגליק? ביז אײַך איז דאָ געווען שטיל. אָ, האָספּאָדי!

— וואָס זאָל איך טאָן מיט זיי? דאָס זענען דאָך קינדער, — פֿלעגט חנה זיך פֿאַרענטפֿערן.

— איר האָט דאָך געוווּסט, אַז איר זענט נישט קיין בעזדעטניצע, פֿאַרוואָס האָט איר נישט כלאָפּאָטשעט, מע זאָל אײַך געבן אַ באַזונדערע דירה? די כודאָזשניקעס, וואָס האָבן דאָ געלעבט ביז אײַך, האָט מען דאָך געגעבן אויף מאָסלאָווקע. מע האָט זיי פֿאַרבעסערט זייערע לעבנס־באַדינ־גונגען. פֿאַרוואָס זשע האָט מען אײַך נישט געגעבן? ווען אײַער מאַן וואָלט געווען אַזאַ גוטער כודאָזשניק, ווי יענע...

בײַ די ווערטער פֿלעגט שוין חנה פֿאַרמאַכן די טיר. אין גיכן האָבן זיי די מיידעלעך אַריבערגעפֿירט אין גרויסן צימער, און חנה מיט נחמיהן מיטן ייִנגעלע זענען אַריבער אין קלענערן. איצט האָט די שכנה זעלטע־נער געקלאַפּט אין טיר און זעלטענער פֿאַרגליכן יענע קינסטלער מיט נחמיהן. עס איז געווען אויך נישט שלעכט, וואָס איצטער זענען די מיידעלעך זעלטן צוגעגאַנגען צו נחמיהס טיש. דער גרויסער צימער, וואָס האָט געהאַט בײַ די פֿערציק מעטער איז געווען זייער געראַם, ווײַל עס זענען געשטאַנען דרײַ נידעריקע בעטלעך, דרײַ נידעריקע שטולן און אַ גרויסער נידעריקער טיש. ס'האָט אָפֿט געטראָפֿן, אַז דאָס גאַנצע בעטגע־וואַנט איז אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן אויפֿן פּאַרקעט און ביילקע מיט פּערע־לען האָבן געוויזן דער ייִנגערער שוועסטער, רייזעלען, ווי אַזוי אין צירק גייען אויף די קעפּ קונצנמאַכערס. אַזוי, אַז זיי האָבן קיין צײַט נישט געהאַט אַרײַנצולויפֿן אין קלענערן צימער און אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך בײַ נחמיהן אויפֿן טיש.

פֿאַרשטייט זיך, אַז חנהן איז איצט געווען אַ סך גרינגער, ווי אין קאַמונע. אָבער זי האָט קיין פֿרײַע מינוט נישט געהאַט. די מיידעלעך האָבן זיך געלערנט אין דער ערשטער שיכט. חנה פֿלעגט אויפֿשטיין מיט אַנדערט־האַלבן שעה פֿריִער ווי זיי. זי פֿלעגט קאָכן די גרויסע קאַשע פֿון הירזש אָדער פֿון גערשטענע גרייפּלעך, אָדער מאַכן געבראַטענע קאַרטאָפֿל, און ערשט דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס סאַמע שווערע, ווײַל אויפֿוועקן די קינדער איז געווען די אונטערשטע קלאַץ. שוין אויפֿגעשטאַנען, שוין אָנגעטאָן זיך, דאַרף מען זיי אַרויסבאַגלייטן צום טראַמוויי. זיי אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן, לויפֿט חנה אָן, אַן אָטעם איבער די טרעפּ צום דריטן שטאָק. מאַכט פֿרישטיק פֿאַר נחמיהן, טוט אים אַ גיכן קוש אין שלייף, אָדער אין באַק, באַגלייט אים אַרויס. ער אײַלט, ווײַל ער איז געוואָרן אַ לערער אין אינסטיטוט פֿון מאַלעריי. חנה שטייט אין דער אָפֿענער טיר, קוקט, ווי ער לאָזט זיך אַראָפּ פֿון די טרעפּ, און וואָרנט אים, ווי ער פֿלעגט אַמאָל וואָרענען:

— נחמיהלע, זאָלסט גיין פּאַוואָליע, הייב זיך נישט אָן מיטן טראַמוויי.

— גוט, גוט. איך בין דאָך נישט געקומען פֿון דאָרף, קאָמאַנדיר! גיי לייג זיך בעסער צו, ביז דאָס קינד שלאָפֿט.

אָבער דאָס קינד שלאָפֿט שוין נישט. ס'האָט קיין צײַט נישט צו שלאָפֿן. עס וויל פֿרישטיקן.

אויסרעכענען אַלץ, וואָס חנה האָט פֿאַר אַ טאָג באַוויזן אָפּצוטאָן, וויפֿל קילאָמעטער זי האָט דורכגעשפּאַנט, איז נישט באַשיידן, ווײַל דאָס וואָלט געווען אומגלייבלעך, שוין אָפּגערעדט וועגן דעם, אַז אין די נעכט איז זי געזעסן און געשריבן. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז זי האָט געהערט פֿון נחמיהן:

— חנוכל, עס טאָגט באַלד!

חנה איז אָבער ווײַטער געזעסן און געשריבן. דעמלט האָט ער געזאָגט:

— טײַערע מײַנע, קום אַהער. רו זיך אויס...

נחמיה איז פּלוצעם אַרויס שפּאַצירן.

אַ צעטומלטע, האָט חנה מיט די אויגן אים אַרויסבאַגלייט, געבליבן זיצן בײַם טיש מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אָבער זי איז אים נישט נאָכגעגאַנגען. ווען ער איז געקומען, איז שוין געווען גוט ליכטיק. ער האָט נישט געגעסן דעם אָנבײַסן, וואָס חנה האָט אים דערלאַנגט. און דאָס ערשטע

מאָל פֿאַר דער צײַט וואָס זיי זענען געווען צוזאַמען, האָבן זיי עטלעכע טעג קיין איין וואָרט איינער צום צווייטן נישט אַרויסגערעדט.

נחמיהס נביאות איז נישט מקוים געוואָרן. אין די טעג ווען חנה האָט מיט אים נישט גערעדט, איז געקומען פֿרידע. נחמיה איז גראָד אין שטוב נישט געווען. ווי שטענדיק, איז פֿרידע געווען זייער צוגעלאָזט, האַרציק, און חנה האָט איר געלייענט אַ קליינע דערציילונג וועגן דעם, ווי מע גייט אין וואַלד קלײַבן שוועמלעך. בעת חנה האָט געענדיקט לייענען האָט פֿרידע געפֿרעגט:

— איר האָט אַ קאָפּיע?

— ניין, צו וואָס דאַרף איך דאָס?

— אויב ס'איז אײַך נישט שווער, שרײַבט עס איבער. כ'וועל דאָס איבערלייענען דער מאַמען. נחמיה האָט עס געלייענט?

פֿון דער פֿראַגע האָט אַ שלאָג געטאָן דאָס בלוט חנהן אין פּנים.

— וואָס זענט איר אַזוי רויט געוואָרן? — האָט פֿרידע זיך פֿאַרוווּנדערט.

אָבער חנה האָט געשוויגן. ס'קאָן זײַן, אַז אַן אַנדער מענטש וואָלט גאָרנישט נישט באַנומען, אָבער פֿרידע האָט יאָ עפּעס דערפֿילט. זי האָט אַנגעקוקט חנהן און שטיל געזאָגט:

— דאָס טרעפֿט. איך קען איינעם אַ קינסטלער, וועלכער האָט פֿאַר־פֿאַלגט זײַן פֿרוי דערפֿאַר, וואָס זי האָט געוואָלט אַרבעטן, ווײַל זי איז אויך געווען אַ קינסטלערין. און דאָס האָט זיך טרויעריק געענדיקט פֿאַר ביידן. זיי האָבן זיך געמוזט שיידן.

— אויף אַזוי פֿיל? — האָט חנה אומרויִק געפֿרעגט, אָבער מער קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. ערשט ווען פֿרידע האָט זיך געקליבן אַוועק־גיין, האָט חנה געפֿרעגט גאָר וועגן אַן אַנדער זאַך:

— פֿאַרוואָס אַרבעט מער נישט יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונאַ אין קינ־דערגאָרטן?

— איך ווייס אַזוי, ווי איר. פֿריער איז דאָך די מאַמע געווען אַ פֿאַר־וואַלטערין פֿון דער לערן־אָפּטייל אין אַ מוסטער־שול, נאָך דעם האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז זי האָט פֿון דאָרטן געמוזט אַוועק... און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן איר אַרבעט אין קינדערגאָרטן. איצטער איז זי ווידער אַרבעטסלאָז, — האָט פֿרידע געענטפֿערט מיט טרערן אין די אויגן און

צוגעגעבן: — שרייבט איבער די דערציילונג, פֿאַרגעסט נישט. כ'וועל איבערמאַרגן אַרייַנגיין און וועל זי נעמען.

נאָך פֿרידעס אַוועקגיין האָט חנה ערשט פֿאַרשטאַנען, אַז פֿאַר פֿרידען איז נישט פֿאַרבאָרגן געוואָרן, וואָס עס האָט געטראָפֿן צווישן איר מיט נחמיהן. כאָטש צווישן זיי איז איצטער געווען אַלץ גוט.

אין קנאַפּע דרייַ חדשים אַרום האָט חנה געקראָגן פֿון קיִעוו דעם זשורנאַל „זייַ גרייט" מיט דער דערציילונג „נאָך שוועמלעך". ס'איז שוין נישט איין מאָל געזאָגט געוואָרן, וואָס פֿאַר אַ פֿרייד עס פֿילט אַ מחבר, וואָס האָט דערזען זייַן נאָמען, אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף ווייַס. חנהן האָט עס אויך נישט אויסגעמיטן. זי איז אַרומגעגאַנגען פֿאַרשיכּורט. בעת זי האָט געקראָגן דעם האָנאָראַר פֿון קיִעוו און זי האָט עס געטראָגן אַוועק־לייגן אין שופֿלאָד פֿון שרייַב־טיש, ווו עס איז געלעגן דאָס געלט אויף דער הוצאה, איז נחמיה גראָד געווען דערבייַ. ער האָט עס דערזען, און עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ קייַכנדיק געלעכטער. זייַן געלעכטער האָט חנהן אַ ביסעלע אויסגעניכטערט. זי האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, ווי זי גופֿא האָט אויסגעזען, גייענדיק מיטן געלט אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט, און זי האָט זיך אויך מוראַדיק צעלאַכט. לאַכנדיק, צוגעפֿאַלן צו נחמיהן, אויס־געקושט זייַן גאַנץ פּנים, אַרויסגעכאַפּט דאָס קינד פֿון בעטעלע, זיך געלאָזט מיט אים איבערן צימער אין אַ ווילדן טאַנץ, דערבייַ באַזונגען מיטן זיידנס זמירות־ניגון „מייַן לעבן, מייַן אוצר, מייַן זונעלע, מייַן טייַערקייט, מייַן אויג אין קאָפּ". מיט איין האַנט אַ כאַפּ געטאָן נחמיהס אַ האַנט און אים געצוווּנגען זיך דרייען מיט איר אין איינעם. זיך אָנגעזונגען, אויסגעקושט נחמיהס פּנים נאָך אַ מאָל, זיך געכאַפּט, אַז אין שטוב „קאָן אַ בער די פּיס אויסברעכן", האָט זי אַוועקגעלייגט דאָס קינד אין בעטעלע און אָנגעהויבן, ווי זי האָט עס אָנגערופֿן, „מאַכן מיט די פּיס און מיט די הענט". אַרויס־געלאָפֿן באַגעגענען די קינדער פֿון שול, זיי אָנגעהאַדעוועט, אין מיטן דערינען האָט דאָס ייִנגסטע זיך צעוויינט:

— מאַמע, ניי אויף אַ קליידעלע פֿאַר מייַן ליאַלקע.

איינס־צוויי איז צוגעשניטן און אויפֿגענייט געוואָרן דאָס קליידעלע פֿאַר דער ליאַלקע. די קינדער זענען אַוועק זיך שפּילן, דאָס ייִנגעלע איז געשלאָפֿן, נחמיה איז אַוועק אין אינסטיטוט. חנה האָט זיך פּלוצעם דער־מאָנט, אַז זי דאַרף ענטפֿערן חיהלע גרינשטיין אויף אַ בריוו.

„גוט מאָרגן און אַ גוטער יאָר אויף דיר, טײַערע חיהלע! אסור דיר צו מיינען, אַז איך האָב דיך פֿאַרגעסן, אָדער אַז איך וויל דיר נישט ענטפֿערן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? עס גייען אַוועק טעג, אַז איך ווייס נישט ווו די צײַט קומט אַהין. די בעסטע שענסטע זאַך וואָלט געווען זאָלסט קומען צו גאַסט. דעמלט וואָלסטו מיט דײַנע אייגענע אויגן געזען, אַז איך בין גאָרנישט אַזאַ גרויסהאָלטערקע, ווי דו מיינסט. אסור דו זאָלסט טראַכטן, אַז איך בין אַ דבר־אחר. קאָנסט מיינען, לאַנג לעבן זאָל דער תּירוץ. זאָלסטו טאַקע וויסן זײַן, אַז דו ביסט גראָד נישט גערעכט. איך דריי זיך ווי אַן אַרבעס אין רעשעטע, פֿון אינדערפֿרי ביז נאַכט. און אַלע טאָג איז בײַ מיר קורצפֿרײַטיק. האָב קיין פֿאַריבל נישט, וואָס איך האָב פֿאַרשפּעטיקט מיט מײַן ענטפֿער, זיי געזונט און קום צו פֿאָרן צו מיר. גריס די חברה. דײַן חנה, וואָס וואַרט אויף דיר מיט אומגעדולד".

אַרײַנגעלייגט דעם בריוו אין קאָנווערט, אָנגעשריבן דעם אַדרעס, אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש אונטער אַ צײַטונג און פֿאַרגעסן וועגן דעם. און פֿאַרגעסן נאָר צוליב דעם, ווײַל מאָרגן איז געווען שבת. שבת און זונטיק זענען געווען די שווערסטע טעג פֿאַר חנהן. שבת האָט זי אַלץ געדאַרפֿט צוגרייטן אויף זונטיק, ווײַל זונטיק איז די גאַנצע משפּחה געווען אין שטוב און געסט האָבן אויך נישט אויסגעפֿעלט. אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג האָבן ביידע פּרימוסן גיט אויפֿגעהערט צו זשומען, אויף אַ קליין פֿײַערל האָט זיך געקאָכט אַ גרויסע גריקענע קאַשע, אויפֿן צווייטן פּריימוס — אַ זופּ פֿון בעבלעך מיט קאַרטאָפֿל. דער פֿינעפֿליטערדיקער טאָפּ מיט קאָמפּאָט איז שוין געשטאַנען אַהינטערן קיך־פֿענצטער. אָבער דער עיקר האָט געשטעקט אין די ציבעלע־קאָטלעטן. דאָס מאכל האָט טאַקע חנה אַליין צוגעטראַכט. און עס האָט זייער אויסגענומען נישט נאָר בײַ דער משפּחה. דאָס ערשטע מאָל, ווען חנה האָט מכבד געווען פֿרידען מיט יעליזאַוועטאַ אַבראַמאָוונען, האָבן זיי נישט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, פֿון וואָס דאָס איז. חנה האָט זיי פּינקטלעך געגעבן דעם רעצעפּט, און דאָס איז אַרײַן אין זייער שטייגער אויך. ווײַל חוץ דעם, וואָס ציבעלע־קאָטלעטן זענען זייער נערהאַפֿטיק, זענען זיי אויך זייער באַטעמט. „מע דאַרף אָפּקאָכן די ציבעלעס גאַנצערהייט, דורכמאָלן דורך דער מאַשינקע, אַרײַנלייגן צעשטויסן געטריקנט ברויט, אַ ביסעלע פֿעפֿער, זאַלץ און נישט זשאַלעווען קיין אייער", — האָט חנה געזאָגט:

— אויב איר וועט טאָן אַלץ ווי איך, וועלן זיך די קאָטלעטן איבער־

קערן, בעת זיי וועלן זיך פרעגלען אויף דער סקאָוואָראָדקע, אָבי נאָר לייגן אין זידיקן בוימל.

מאַכן דאָס מאכל פֿאַר דער גאַנצער משפּחה פֿלעגט בײַ חנהן צונע־מען נישו ווייניק צײַט. זי אַליין פֿלעגט זיך וועגן דעם אויסדריקן:

— אַלץ איז פֿאַרטיק, נאָר איך בין אויך פֿאַרטיק!

אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, קוים האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפֿן, האָט זיך חנה געזעצט צום טיש.

אין איינעם אַ שבת איז חנה געווען פֿאַרנומען נאָך מער ווי שטענדיק. עס איז געווען איר ריי צו ראַמען די „אַלגעמיינע ערטער". דער שכן מיכאיל מיטראָפֿאַנאָוויטש איז געשטאַנען בײַ זײַן קיך־טישל און האָט זיך געפּאָרעט בײַ אַ גאַנדז. ער האָט זי נישט נאָר געריייניקט, נאָר אויך זיך דורכגעשמועסט מיט איר. דער שמועס איז, צום באַדויערן, געווען איינזײַטיק, ווײַל די גאַנדז האָט געשוויגן, ווי אַלע געשחטענע גענדז. אָבער דעם שכנס שיינריידערײַ האָט זיך נישט אויסגענומען: „אָט אַזוי, האָסט געגראַגערט, געטאָפּטשעט די ערד מיט דײַנע לאַפּקעס, זיך געפּאַ־שעט, איצט ביסטו אַרײַנגעפֿאַלן צו מיכאיל מיטראָפֿאַנאָוויטשן אין טאָפּ". חנה האָט געוואַשן דעם דיל און געפּילט, אַז אָט פֿאַלט זי אַוועק פֿון געלעכטער. זי האָט טאַקע גוט געטאָן, וואָס זי האָט אַוועקגעוואָרפֿן די שמאַטע אין עמער מיטן וואַסער און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון קיך. אין צימער האָט זי אַרויסגעפּראַלט אַ געלעכטער. דערהערט דאָס יאַטל ווייגט, האָט זי אַ קוק געטאָן, פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז גערעכט. זי האָט אים איבערגע־וויקלט, געגעבן עטלעכע לעפֿעלעך וואַסער און איז ווידער אַוועק אין קיך וואַשן דעם דיל. ווי נאָר דער שכן האָט זי דערזען, איז ער אַזש אונטער־געשפּרונגען פֿון כּעס:

— ווי האָסטו געוואַגט? האָסט מיר פֿאַרשפּריצט מיט דער שמאַטע די הויזן, און ווער ביסטו אַזאַ, זאָג מיר? מיינסט, איך ווייס נישט, אַז דו ביסט געקומען פֿון דאָרף, די קולאַקעס פֿליִען פֿון דאָרטן, ווי פּאַצוקעס פֿון אַ שיף, וואָס טרינקט זיך. איך וועל קלאָר מאַכן, ווער דו ביסט. איך בין נישט אַבי־ווער! אַלע ווייסן, אַז איך בין אַן אַקטיוויסט!

דערהערט אַזוינע רייד, האָט זיך ערשט איצט חנה צעלאַכט. כאָטש דער שכן האָט נאָך געשריגן, אַז ער וועט קלאָר מאַכן, און ווידער איבער־געחזרט, אַז ער איז אַן אַקטיוויסט, אָבער חנה האָט שוין נישט געהערט,

ווײַל דאָס גלעקל האָט זיך פּלוצעם צעקלונגען אַן אויפֿהער, ווי קיין מאָל. זי איז צוגעלאָפֿן, געעפֿנט די טיר און דערזען...

— חיהלע גרינשטיין.

נאָך די ערשטע אויסגעשרייען, קושן, אַרומנעמען זיך, האָט חנה אַרײַנגעפֿירט חיהלען אין צימער. זי באַזעצט און באַשאָטן מיט פֿראַגעס. חיהלע האָט נישט געוווּסט, אויף וואָס פֿריִער צו ענטפֿערן. אויף חנהס פֿראַגע: „ווען ביסטו געקומען?" האָט חיהלע זיך פֿאַררויטלט און געשטאַמלט:

— עס איז שוין באַ־אַ־לד אַ יאָר, ווי איך בין אין מאָסקווע.

חנה האָט ממש אויסגעשריען:

— אַ יאָ־יאָ־אָר?!

— וואָס שרײַסטו אַזוי? דו האָסט מיר אויפֿן בריוו נישט געענטפֿערט, האָב איך געטראַכט, אַז דו האָסט זיך אָפּגעשאָקלט פֿון דער גאַנצער קאָמונע מיט אַלץ מיט אַנאַנדער.

— ווי האָסטו אַזוי געקאָנט טראַכטן?!

— לאָז זיך דינען. געדענקסט, איך האָב דיר געשריבן, אַז פֿון דער קאָמונע איז געוואָרן אַ קאָלווירט, מע טוט שידוכים, צי מע וויל, צי מע וויל נישט. ווײַל אַ בהמה גיט מען נאָר די, וואָס ווערן אַ פֿאַרפֿאָלק.

— איך געדענק, אָבער וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט עס צו מיר, וואָס דו ביסט אַ גאַנץ יאָר נישט געקומען?

— שימקען פֿון פֿערדשטאַל האָסטו נאָך נישט פֿאַרגעסן? בקיצור, מיר האָבן זיך ליב געהאַט אין קאָמונע אויך. בשעת פֿון דער קאָמונע איז געוואָרן דער קאָלווירט „פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט", מאַכט צו מיר שימקע, אַז ער וויל בעסער אַרבעטער־פֿרײַנטשאַפֿט... און נעמט טאַקע און פֿאָרט אַוועק קיין מאָסקווע.

— שימקע איז אויך דאָ?

— שלאָג מיר נישט איבער. הער מיט קאָפּ. שימקע איז דאָ, טויבקע און טשאַרלי זענען אויך דאָ. געדענקסט, איך האָב דיר געשריבן, אַז איינער אַ מאַקאַר פֿון דזשאַאַהי האָט צוגעשיקט אַ בריוו זײַנעם אַ פֿעטער, האָט ער געשריבן, אַז אין מאָסקווע בויט מען אַ גרויסן זאַוואָד און אַז ער, מאַקאַר אַרבעט שוין אין דעם דאָזיקן זאַוואָד, וווינט אין צוזאַמענוווינונג און פֿאַרדינט גאַנץ גוט: דער דאָזיקער פֿעטער האָט עס צעפּויקט, און

מע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אין קאָמונע אויך. איז אַוועקגעפאָרן שימקע און שכנא און נאָך קאָמונאַרן. ס'האָבן זיך געפונען אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן צוריק אַוועקגעגעבן די קי אין קאָלווירט און אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע. דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געוואָלט פאָרן, נאָר שימקע האָט מיך באַשאָטן מיט בריוו. ער האָט געשריבן: „וועסט קיין חרטה נישט האָבן. אַרבעטסט אָפּ דיַין סמענע, און ביסט אַ פריַיער פויגל, ווילסט אין קינאָ — גיי. ווילסט אין קלוב — אדרבא. בקיצור, איך האָב געזען, אַז אָן שימקען איז מיַין לעבן קיין לעבן נישט!

— פיַין, שענער קאָן נישט זיַין — האָט חנה באַמערקט.

— יאָ פיַין, נישט וויַין, אין יענעמס אויג זעט מען אַ שפּענדעלע, אין דעם אייגענעם באַמערקט מען נישט קיין קלאָץ, — האָט חיהלע זיך גע־ווערטלט, וויַיל ס'איז איר נאָך אַלץ געווען אַנגעזייערט אויפן האַרצן, וואָס חנה האָט נישט געענטפערט אויף איר בריוו.

חנה וואָלט זיך געקאָנט פאַרענטפערן, נאָר דאָס קינד האָט זיך צע־וויינט. זי האָט עס גענומען אויף די הענט און זיך אַוועקגעזעצט. חיהלע האָט זיך אָפּגערוקט, נאָר חנה האָט אַ פאָכע געטאָן צו איר מיט דער האַנט, זי זאָל זיך אַוועקזעצן ווי פריִער.

— זעסט, וואָס פאַר אַ מזיק איך האָב. גיב נאָר אַ קוק, ווי ער האָט זיך אַריַינגעטאָן אין דער אַכילה?

דאָס קינד האָט טאַקע געזויגן מיט גרויס חשק.

חיהלע האָט זיך צוגעקוקט, ווי ער טוט עס, און באַמערקט:

— דאָס קליינוואַרג האָלט נישט פון קיין פּערספּעקטיוון, עס קומט די מינוט, דאַרף מען אַריַינזופּן. ווי רופט מען אים?

— מען רופט אים סענדערל, נאָך נחמיהס טאַטן. — ביסט אַ מבין אויף אַזעלכע? איך זאָג דיר, אַז דאָס איז אַ חיוּת, אַ זיסקייט אין די ביינער, און גראָד ווען זיי זענען פּיצלעך, האָב איך זיי ליב. דו ווייסט, חיהלע, איך טראַכט אָפט, אַז גוטסקייט איז דער אמתער קוואַל פון אַלצ־דינג. זאָג אַליין, ווי וואָלטן אויסגעוואַקסן די ברעקלעך, ווען די מאַמעס וואָלטן נישט געשפּרונגען צען מאָל אַ נאַכט פון בעט, זיי געלאָזט אין דער נעץ און אין דער אומריינקייט; נישט געהויכט אויף זיי מיט האַלטקייט. נישט אַראָפּגעבלאָזן פון זיי יעדער שטויבעלע. דו, חיהלע קענסט עס נאָך נישט פאַרשטיין.

— פאַרוואָס עפּעס פאַרשטיי איך נישט? ערשטנס בין איך שוין אַלט

פֿיר און צוואַנציק יאָר מיט אַ מיטוואָך. צווייטנס, וועל איך אין פֿיר חדשים אַרום אַליין האַלטן אַ קליינס אויף די הענט.

— טאַקע, מאַלאַדיעץ!

— מאַלאַדיעץ! דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געוואָלט, נאָר שימקע, אַז ער דערזעט אַ קינד, ווערט ער אויס מענטש. נאָך דער אַרבעט לאָזן די מאַמעס די קינדער אויף זײַן באַראַט מיט גרויס חשק. די גאַנצע צוזאַמענווױנונג ווייסט, אַז ער איז אַ געטרײַע ניאַנקע.

— איך בין דיך מקנא. נחמיה קאָן קיין מינוט נישט זײַן מיט סענדערקען. די מײַדלעך האָט ער זייער ליב, און אויף אַזעלכע ווי סענדערקע, זאָגט ער, איז ער נישט קיין מבין.

— נו, וואָס ווילסטו, חנה, נישט ער האָט געטראָגן, נישט ער האָט געזויגן, — האָט חיהלע ניכטער באַמערקט.

— דו זיץ דאָ, נעם אַ ביכל, און איך מוז גיין אויסוואַשן די פּאָדלעגעס אין קאָרידאָר.

— איך וועל אויך גיין מיט דיר, וועלן מיר דאָס מאַכן איינס־און־צוויי, — האָט חיהלע פֿאָרגעלייגט.

דער אַקטיוויסט איז נאָך אַלץ געווען אין קיך. ער האָט שוין מער נישט פֿאַרבראַכט מיט דער גאַנדז, ווײַל זי איז, נעבעך, געלעגן אין בראָטער. און ער, מיכאיל מיטראָפּאַנאָוויטש, איז געשטאַנען בײַם בײַשטידל פֿון קיך־טיר און סתם אַזוי געוואָרפֿן ווערטער אין דער לופֿט:

— עס קומט אַ גאַסט, גיט מען אים אַ שמאַטע, ער זאָל וואַשן דעם פּאָל. ווען צו מיר וועט קומען אַ גאַסט, וועל איך אויך אַזוי טאָן.

אַזוי־ווי קיינער האָט אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט, חנה האָט געדרייט די שמאַטע און חיהלע האָט געוואַשן דעם דיל, זענען זיי טאַקע אין גיכן פֿאַרטיק געוואָרן.

נחמיה איז געקומען, דערזען חיהלען, האָט ער אַזש אונטערגעטאַנצט פֿון פֿרייד, זי אָנגעקושט און גיך אַרויסגעגאַנגען. ער איז צוריקגעקומען מיט אַ פֿלאַש ווײַן, און ס׳איז געוואָרן אַ מיטאָג מיט „לחיים" און מיט אַן אַ שיעור „געדענקסט?". ערשט שפּעט אין אָוונט איז חיהלע אָוועקגעגאַנגען און צוגעזאָגט, אַז זי וועט דעם קומענדיקן שבת ווידער קומען מיט שימקען.

די שבתים זענען איצטער חנהן גרינגער געוואָרן. שימקע פֿלעגט אַרויספֿירן סענדערקען שפּאַצירן אויף אַ דרײַ שעה. חיהלע האָט צוגע־

האָלפֿן אין דער בעל־הביתישקייט, די שכנה, דעם „אַקטיוויסטס" ווײַב, האָט עטלעכע מאָל געפֿרעגט חנהן:

— דאָס איז אײַערע אַ שוועסטער?

— מער ווי אַ שוועסטער, — האָט חנה געשטילט דער שכנהס נײַגעריקייט.

דעם קומענדיקן זונטיק איז דער „אַקטיוויסט" מיט זײַן ווײַב געווען געפּלעפֿט. עס איז געקומען טשאַרלי מיט טויבקען, אָט די, וואָס פֿלעגט נישט קאָנען דערקענען די קי אין פֿעלד. עס איז געקומען מאַקאַר מיט זײַן יונג ווײַב. און, פֿאַרשטייט זיך, חיהלע מיט שימקען. דאָס מאָל איז שימקע מיט אַלע דרײַ מיידלעך אַוועק אין פּאַרק אויף גאַרקיס נאָמען. טשאַרלי האָט אַרויסגעפֿירט שפּאַצירן סענדערקען, מאַקאַר האָט זיך געשטעלט שפּילן קאַרטאָפֿליעס, און זײַן ווײַב האָט געשמועסט מיט חנהן. בעת נחמיה איז געקומען פֿון מוזיי, האָט ער טרעפֿלעך באַמערקט:

— אָט דאָס איז שיין. אָט האָבן מיר אַ פֿיליאַל פֿון אַ קאָמונע.

— ביסט נישט צופֿרידן מיטן פֿיליאַל? — האָט חיהלע געוואָלט וויסן.

— פֿאַרוואָס עפּעס? ווען איר קומט אָפּטער, וואָלט געווען נאָך בעסער.

נחמיה האָט אויף אַ האָר נישט איבערגעטריבן, בעת ער האָט געזאָגט, אַז בײַ אים האָט זיך געעפֿנט אַ פֿיליאַל פֿון אַ קאָמונע. גאַנץ אָפּט איז חיהלע מיט שימקען, טשאַרלי מיט טויבקען געקומען שבת אין דער פֿרי, און אַוועקגעפֿאָרן זענען זיי מאָנטיק אין דער פֿרי. ביידע פֿאַרפֿאָלק זענען געשלאָפֿן אין גרויסן צימער אויף דער פּאָדלאָגע, ווו חנה פֿלעגט אויס־שפּרייטן צוויי ברייטע מאַטראַצן. ביז שפּעט אין אָוונט זענען די מיידלעך געשפּרונגען פֿון די בעטלעך צו שימקען מיט חיהלען. קיינער האָט אַזוי נישט געקענט זיך שפּילן מיט די קינדער, ווי שימקע. אין איינעם אַ שבת, ווען קיינער, חוץ חנהן און חיהלען, איז נישט געווען אין שטוב, האָט חנה איר געוויזן דעם זשורנאַל מיט דער אָפּגעדרוקטער דערציילונג. חיהלע האָט איבערגעלייענט, אָנגעקוקט חנהן מיט זייער אַ געוויינלעכן בליק און אַרויסגעזאָגט איר מיינונג.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, עס איז אַזוי נאַטירלעך, ווי איך וואָלט מיט דיר גערעדט. פֿאַרוואָס האָסטו דאָס מיר נישט געוויזן פֿריִער?

— כ'האָב דיר זייער געוואָלט ווײַזן, נאָר כ'האָב זיך געשעמט.

— דאָס האָב איך זיך פֿון דיר שוין נישט געריכט. פֿאַרשטייט זיך,

איך קען דיר נישט געבן קיין עצות, נאָר דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז איך בין קיין מאָל אָן קיין ביכל נישט געווען, איך ווייס נישט צי דו פֿאַרשטייסט עס, אָבער מיר דוכט, אַז דאָס איז זייער גוט. און דו זאָלסט עס נישט אָוועקוואַרפֿן. שרײַב, ווי נאָר דו האָסט אַ פֿרײַע מינוט.

חיהלע האָט אַזוי געמיינט און אַזוי געזאָגט, דערבײַ האָט זי גוט פֿאַרשטאַנען חנהס אויסקומעניש. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי איז אַליין געווען אין די הויכע חדשים, פֿלעגט זי שוין איצטער קומען פֿרײַטיק אויף דער נאַכט, כּדי צו העלפֿן חנהן מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט. דעריבער האָט חנה איצט געהאַט אַ פּאָר שעה אין די פֿרימאָרגנס צו זיצן און שרײַבן.

נחמיה האָט קלוימערשט געמוסרט חיהלען:

— זע נאָר, ווי דו האָסט זיך דאָ צעבריהט? וואָס טראַכסטו זיך? ווילסט דאָך מאַכן פֿון מײַן ווײַב אַ פּוילערקע.

— וואָס זאָל איך טראַכטן, דו ווייסט אַליין, אַז דײַן ווײַב איז אַ גאַנץ לעבן געווען אַ פּוילערקע. דערפֿאַר וועט זי שוין קיינער נישט קאַליע מאַכן.

— אוי, ווײַבער, ווײַבער! — האָט נחמיה אָפּגעזיפֿצט און צוגעגעבן:

— ווען גאָט האָט באַשאַפֿן אָדמען, האָט ער געמוזט אָפּרוען, אָבער ווי נאָר ער האָט באַשאַפֿן חוהן, האָט שוין קיינער קיין רו נישט געהאַט.

— זאָג איך דאָך טאַקע, אַז דײַן ווײַב איז אַזוי צעפּעסטעט, כ׳ווייס נישט ווי אַזוי דו האַלסט אויס פֿון איר.

זיך אויסטענהן מיט דיר, דאַרף מען אויפֿעסן אַ זאַק פֿאַסאָליעס, — האָט נחמיה זיך געוויצלט און צוגעפּינטלט צו חיהלען מיט אַן אויג.

פֿאַרן אַוועקגיין אין אינסטיטוט פֿלעגט נחמיה אַרײַנגיין אין קיך, אָנקוקן חנהן און שטיל זאָגן:

— חנוכּל, הײַנט וועל איך נישט קומען פֿרי. כ׳וועל איבערבײַסן אין בופֿעט פֿון אינסטיטוט. גיב אַכטונג סענדערקע זאָל זיך נישט אַרויסקוליען פֿון בעטעלע. געדענק, ער זעצט זיך שוין.

אַזוי איז זיך געגאַנגען דאָס לעבן בײַ זיי, און, ווי געזאָגט, וואָלטן זיי געקאָנט זײַן איבערגליקלעך. די קינדער האָבן זיך גוט געלערנט, סענדערקע איז שוין אַרומגעגאַנגען. נחמיה האָט נישט אײַנגעריסן די וועלט

מיט באַשטעלונגען, ווײַל חנה האָט זייער שפּאַרעוודיק געפֿירט די בעלע־באַטישקייט. עס איז געווען ריכטיק וואָס זי האָט שטענדיק געזאָגט: מײַן אַרבעט איז מײַן רײַכקייט. זי האָט געמאַכט ווינעגרעטן, קאַרטאָפֿל־לאַט־קעס, אַ גרויסן פּודינג פֿון ווײַסן ברויט, די באַוווּסטע ציבעלע־קאָטלעטן. אויפֿשניט, ווורשט, סאַרדינקעס, שפּראָטן, פּיראָזשענעס, אַלערליי קעז, וואָס חנה פֿלעגט זען אויף די טישן בײַ קינסטלער, האָט זי קיין מאָל נישט געקויפֿט. אַלע פּרײַטיק האָט זי געמאַכט אַ גרויס געוועש, און חיהלע האָט געהאָלפֿן. ערשט איצט האָט חנה מער ווי אין קאָמונע פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ פֿרײַנד זי האָט. נישט איין מאָל האָט חנה געזאָגט:

— חיהלע, פֿאַרוואָס מאַכסטו זיך נישט הערנדיק, בעת איך זאָג דיר, דו זאָלסט נישט שלעפּן צו מיר קיין הערינג, קיין פֿיש און נאָך פּרעסערײַ?

— ווי קאָן מען זײַן האַרטהעריק צו דײַנע געשרייען? וואָס ווילסטו פֿון מיר, איך זאָל דאָס לאָזן אין צוזאַמענוווינונג אונטערן בעט? ס׳איז געווען שלעכט געהאַקטע לעבער וואָס כ׳האָב געבראַכט? ווי שעמסטו זיך נישט? שימקע האָט שוין טאַקע געזאָגט: „אפֿשר וויל חנטשע נישט, מיר זאָלן פֿאָרן צו איר?״ און איך טראַכט אויך אַמאָל, אפֿשר זענען מיר דיר איבעריק, ווײַל דו האָסט געביטן די בהמות אויף פּען מיט פּאַפּיר.

חנה איז רויט געוואָרן. זי האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט זאָגן. זי איז אַרײַן אין וואָנע־צימער און זיך גענומען צום געוועש. אין אַ ווײַלינקע אַרום איז אַרײַנגעגאַנגען חיהלע אויך, און אָט שטייען זיי און טוען באַנאַנד. פּלוצעם טוט אַ זאָג חנה:

— געדענקסט, חיהלע, דו האָסט געדאגהט, אַז די קומענדיקע מענטש־הייט וועט דיך טאַדלען, וואָס דו ביסט מכבד די קאָמונאַרן מיט אוגערקעס. מוז איך דיר זאָגן, אַז איך באַדויער די קומענדיקע מענטשהייט, ווײַל זי וועט געוויס פֿאַרגעסן, ווי מיר זענען זיך באַגאַנגען איינער מיטן אַנדערן.

— וואָס דאַרפֿן מיר באַדויערן די קומענדיקע מענטשהייט? לאָמיר בעסער אַליין אויסמײַדן אַנצוטאָן האַרצווייטיק איינער דעם אַנדערן. נעם די לײַלעכער, חנה, זיי זענען שוין אָפּגעריבן. שימקע מיט די קינדער זענען שוין אין הויף, וועט ער דיר העלפֿן אַנציען די שטריק.

אַזוי האָט חיהלע ריכטיק אָפּגעשאַצט חנהס ווערטער און האָט זיי אָפּגעקילט, קלומערשט, מיט דעם, וואָס מע דאַרף גיכער הענגען דאָס גרעט.

די לעצטע זונטיקס איז מאַקאַר נישט געקומען. חנה האָט געפֿרעגט בײַ חיהלען, צי זי באַגעגנט אים נישט אויפֿן זאַוואָד.

— דו מיינסט, דער זאוואָד איז אַזוי ווי דײַן הויף? „שאַריקאָפּאָד־שיפּניק" איז אַ גאַנצע שטאָט.

— דו ווייסט, אַז איך קען מאַקאַרן? כ'האָב מיט אים אין איינעם געאַרבעט אין אַ קינדערגאָרטן, גלײַך ווי איך בין געקומען פֿון קאָמונע. אַדאַנק אים בין איך ניצול געוואָרן פֿון אַ בילבול.

און חנה האָט דערציילט חיהלען, וויאַזוי מאַקאַר האָט אַ געשריי געטאָן דאָן אין קיך: „חנה דאַווידאָוונאַ, זע, וואָס די אַלטע מכשפֿה טוט בײַ דײַן קאָשעק!"

— איך וואָלט דאָס קיין מאָל נישט געגלייבט אויף אים. זעסטו, מע טאָר קיין מאָל נישט שאַצן גרינג. — האָט חיהלע געזאָגט.

עס איז דאָ אַ ווערטל: „אַלץ אין איינעם איז נישטאָ בײַ קיינעם". חנה האָט דאָס ווערטל גוט פֿאַרשטאַנען. און איצט האָט זי אַזוי מאַרקירט דעם שטייגער, אַז אַלע טאָג איז זי געזעסן און געשריבן, און נישט אַזוי ווי פֿריִער בײַ באַגינען, פֿון אַזייגער צען ביז צוויי בײַ נאַכט. ס'איז אָבער געווען אַ זאַך, מיט וועלכער חנה האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. עס טרעפֿט אָפֿט, אַז זי זעצט זיך צום טיש, און טאָמער האָט זי פֿאַרגעסן צונעמען דעם בוך וואָס זי האָט געלייענט, איז זי שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע. זי באַוויַיזט זיך נישט אַרומצוקוקן, ווי זי האָט געפּטרט די צײַט אויף לייענען. גאַנץ אָפֿט פֿלעגט זי חיהלען אַוועקזעצן לעבן זיך און פֿאַרלייענען. ס'האָט נישט געהאָלפֿן וואָס חיהלע פֿלעגט זאָגן: „מע דאַרף דאָך עפּעס טאָן".

— נישקשה, נישקשה, דיקענס ווייסט בעסער פֿון דיר, וואָס מע דאַרף טאָן. הער זיך אײַן, וואָס ער זאָגט: „דעם אָרעמאַן, זאָגט ער, איז אַ סך שווערער צו זײַן גוטהאַרציק, ווי דעם גביר. דער גביר קאָן זײַן זייער אַ גוטער טאַטע, אַן אויפֿמערקזאַמער מאַן, זײַן פֿרוי איז אויך זייער שיין, גוטהאַרציק, פֿילט אויס יעדן קאַפּריז פֿון די קינדער. אָבער נעמט אַראָפּ פֿון זײַן שיינער פֿרוי דאָס זיידן קלייד, די צירונג, צעקודלט איר שיינע פֿריזור, נעמט בײַ דער אָרעמער מאַמע די קנייטשן און לייגט זיי אַוועק אויפֿן פּנים פֿון דער גבירנטע; גיט דעם גביר, דעם בײַשפּיללאָזן מאַן און פֿאָטער, דעם אָרעמאַנס גראָשנס, דעמלט וועט איר שוין זען ווי געהעריק זײַנע זעלטענע מעלות".

— וואָס וועסטו זאָגן, ער פֿאַרשטייט דיקענס, איאָ?

— וואָס זאָל איך זאָגן, אַזאַ יאָר אויף מיר. אָבער לייג אָוועק דאָס ביכל, מע דאַרף שווענקען דאָס גרעט, — באַמערקט חיהלע.

עס איז געקומען דער טאָג און חיהלע איז געלעגן געוואָרן. חנה האָט געפּועלט, אַז שימקע זאָל ברענגען חיהלען מיטן קינד צו איר, און ביז דרײַ חדשים זענען זיי געווען בײַ חנהן. אין די זונטיקס האָט שימקע, ווי פֿריִער, שפּאַצירט אויפֿן בולוואַר מיט סענדערקען אין וועגעלע און מיט זײַן אייגענעם מיידעלע אויף די הענט. די מאַמעס און באָבעס, וואָס האָבן אויך שפּאַצירט מיט זייערע קינדער אויפֿן בולוואַר, האָבן געעצהט שימקען:

— חבר, אויב איר האָט אַ צווילינג, באַשטעלט אייך אַ דאָפּלטע קאָ־ליאָסקע. איינס האַלטן אויף די הענט, דאָס צווייטע פֿירן איז זייער שווער.

שימקע פֿלעגט זיי אָנקוקן מיט אַ שמייכל און שווײַגן...

די צײַט קריכט פּאַוואָליעטשקע, די טעג לייגן זיך צונויף אין יאָרן. סענדערקע גייט שוין אַרום, חיהלעס מיידעלע, בליומקעלע, איז שוין אויך אַרויס פֿון די ווינדעלעך. עטלעכע קליינע דערציילונגען חנהס האָט אָפּגע־דרוקט דער זשורנאַל „שטערן”, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין מינסק. זי האָט פֿון דאָרטן געקראָגן אַ גוטהאַרציקן בריוו. נחמיה האָט איבער־געלייענט די דערציילונגען און אויסגעדריקט זײַן מיינונג:

— ס'איז נישט שלעכט, אָבער דו שרײַבסט דאָך נאָר וועגן זיך און וועגן זיך!

חנה האָט דאָס נישט געקאָנט באַנעמען, און זי האָט געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געפֿילט און געטראַכט:

— וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך קען קיינעם נישט אַזוי גוט, ווי זיך אַליין? דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, בין איך זייער צופֿרידן, וואָס דו זאָגסט שוין נישט וועגן מײַן שרײַבן אַזוי ווי פֿריִער.

— וואָס פֿאַלט דיר אײַן, ווען האָב איך אַזוינס געזאָגט?

— דו האָסט פֿאַרגעסן? אָבער איצט פֿאַרשטיי איך אויסגעצייכנט, אַז אַפֿילו שעפֿערישע מענטשן פֿאָדערן פֿון זייערע נאָענטע, זיי זאָלן פֿאָלגן...

אָט אַזוי האָט אויסגעשאָסן חנהס האַרמאַט, וואָס זי האָט פֿון לאַנג אָנגעלאָדן.

עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך, אין וועלכער אַ מענטש זאָל נישט אַרײַן ביזן האַלדז, שוין אָפּגערעדט אַז שטוב־אַרבעט איז אַן אָפּגרונט. עס

שלינגט אײַן טאָג נאָך טאָג. חנה װײסט נישט װאָס פֿריער צו טאָן, איר צײט איז אָנגעפּיקעװעט מיט לױפֿעניש, מיט אַרומזען נחמיהן. אָט שטײט ער אָנטקעגן איר מיט אַן אױסגעשטרעקטער האַנט, און זי גײט צו אַ קנעפּל צום מאַנקעט פֿון זײַן אױבערהעמד.

צוגענײט דאָס קנעפּל, אַװעקגעלאָפֿן אין קיך. און אָט הערט זי שױן זײַן מילד שטיל קול:

— חנוכל, װוּ איז דער גוטאַלין מיט דער שוך־באַרשט?

— פֿרעג בײַ ביילקען, זי איז דאָך די בעל־הביתטע איבער די זאַכן.

— עצהט חנה און רײבט אַ גרױסן בורעק אױפֿן ריבאײַזן.

אין אַ װײַלינקע אַרום שטײט שױן נחמיה לעבן איר אין קיך. זי גיט אים גלײַך אין מױל צװײ־דרײ לעפֿעלעך אָנגעריבענעם בורעק, װישט אים אָפּ די ליפּן מיט דער מאַרליעטשקע, דורך װעלכער זי קװעטשט דעם בורעק־זאָפֿט, ער טוט איר אַ קוש, זײַנע אױגן גיבן אַ גלאַנץ מיט שװאַרצן גלאַנץ, ער װינטשט איר אַ „זײַ־געזונט" און גײט אַװעק.

סענדערקע װײנט. חנה נעמט אים אַרױס פֿון בעטעלע און, האַלטנדיק אים אױף די הענט, מאַכט זי אַ בורעק־ראָסל. זי לײגט צו צום טעם זױערזאַלץ, צוקער, פּשוטע זאַלץ, פֿאַרזוכט, זעט, ס'איז נישט שלעכט און לעשט אױס דעם פּרימוס. ערשט איצט זעט זי, אַז אױף סענדערקעס בעקלעך זענען געבליבן רױטע פֿלעקן, און זי פֿאַרשטײט, אַז זי האָט אים, אַפּנים, אַ קוש געטאָן. זי װאַשט אױס סענדערקעס צורקע בײַם קראַן, גיסט אָן װאַרעמע מילעך אין אַ קריגעלע און פֿאַרשטײט, אַז דערפֿאַר טאָקע האָט סענדערקע געװײנט, ער האָט געװאָלט טרינקען. אױסגעטרונקען די מילעך, איז ער גלײַך אײַנגעשלאָפֿן.

ערשט איצט נעמט זיך חנה צו דער אַרבעט װי ס'באַדאַרף צו זײַן, װאָרעם הײַנט איז שבת. חיהלע מיט שימקען קומען איצט זעלטענער, װײַל זיך שלעפּן פֿון „שאַריקאָפּאָדשיפּניק" צו חנהן איז נישט פֿון די גרינגע זאַכן.

דער טאָג לױפֿט. זי דערװאַרט זיך קױם, די קינדער זאָלן שױן אײַנשלאָפֿן. אָבער װי נאָר זי זעצט זיך צום טיש, טוט זיך די מידקײט פֿון איר אָפּ. אָט איז זי אין אײנעם אַן אָװנט געזעסן, זי װײסט אַלײן נישט װי לאַנג, נאָר נישט מער װי אַ שעה פֿיר. זי האָט זיך געפֿילט געהױבן פֿון איר דערצײלונג װעגן אײנער אַ מאַמען, װאָס האָט געהאַט אַ סך קינדער, אַ מאַן אַ שלימזל, אָבער דער גרעסטער אומגליק איז, װאָס אירס אַ ייִנגעלע

ווייסט גישט פֿון קיין זעט, און איינע אַ באַהאַוונטע ייִדענע עצהט און העלפֿט אַרײַנשטופּן דאָס קינד אין שופֿלאָד פֿון קאָמאָד, און דאָס קינד ווערט אויס זולל־וסובאניק...

איבערגעלייענט, אויסגעווישט די טרערן פֿון די אויגן, האָט חנה פֿאַר־שטאַנען, אַז זי האָט אָנגעשריבן עפּעס־וואָס ווענן גרויסן אמת. אָבער געלייענט האָט זי עס קיינעם נישט. דערווײַל האָט געגומען צו זייַ אַרײַנ־גיין דער באַרימטער קינדער־דיכטער קוויטקאָ, ווײַל דער קינדער־פֿאַרלאַג האָט בײַ נחמיהן באַשטעלט אילוסטראַציעס צו אַ וויגליד, וואָס קוויטקאָ האָט אָנגעשריבן.

חנה איז געווען אַנציקט. און בעת איינער אַ באַוווסטער דיכטער האָט געלויבט קוויטקאָס קינדער־לידער, האָט חנה מיט האַרץ געזאָגט:

— פֿאַרוואָס נאָר קינדער־לידער, ווען עס וועט קומען דער טאָג און מע וועט זיך אַוועקזעצן און אויפֿמערקזאַם דורכלייענען וואָס קוויטקאָ האָט אָנגעשריבן, וועט מען דאָרט געפֿינען פּרעכטיקע לידער פֿאַר דער־וואַקסענע.

די דערציילונג וועגן ייִנגעלע, וואָס זײַן מאַמע מיט דער באַהאַוונטער ייִדענע האָבן אַרײַנגעשטופּט אין שופֿלאָד פֿון קאָמאָד, איז געבליבן ליגן אויפֿן טיש. חנה האָט עס פֿאַרגעסן אַרײַנצולייגן אין דער צײַטונג, ווו ס'זענען געלעגן נאָך דערציילונגען און ריין פּאַפּיר. חנה איז אַרויסגע־גאַנגען אין קיך. זי האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצונעמען דעם טשײַניק פֿון פּרימוס, ווי זי האָט דערזען, אַז קוויטקאָ גייט צו איר מיט עפּעס פּאַפּירן אין די הענט. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צו איר, האָט זי אָנגעקוקט, ווי חנהן האָט זיך אויסגעוויזן, זייער שטרענג, אַפֿילו ברוגזלעך און שטיל געפֿרעגט:

— דאָס האָט איר אָנגעשריבן? — און ער האָט אַ פֿאָכע געטאָן מיט די פּאַפּירן בײַ איר פּנים.

— מסתּמא איך, — ענטפֿערט זי מיט אַ געפֿאַלן קול.

— מסתּמא?

— ווײַזט, וואָס איז דאָס? — האָט חנה געוואָלט נעמען די פּאַפּירן.

— וואָס ווײַזן? איר ווייסט נישט? „דער מיטעסער". דאָס איז אײַער אַרבעט, וואָס שווײַגט איר? אוי, ווי איז מיר! כ'האָב נאָך אַזוינס נישט געזען! — און ער איז ממש אַרויסגעלאָפֿן פֿון קיך.

חנה איז אים נאָכגעלאָפֿן. זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין צימער. זי האָט

דערזען, ווי ער שטייט אַנטקעגן נחמיהן מיט די זעלבע פּאַפּירן, און זי האָט געהערט, ווי ער שרייַט ממש:

— זי האָט אײַך נישט געלייענט? אָרעמער מענטש! איר הײַבט נישט אָן צו וויסן, ווער איז לעבן אײַך.

חנה איז אַרויס פֿון צימער, ווי אַ ווינט. דאָס האַרץ האָט איר פֿאַרקוועטשט פֿון גרויס רחמנות צו נחמיהן. בעת זי איז אין אַ ווײַלע אַרום ווידער אַרײַנגעגאַנגען מיטן טשײַניק און האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזער טיי, האָט לייב אָפּגערוקט די גלאָז פֿון זיך און האָט צו איר געזאָגט:

— איך נעם עס מיט, וועל עס אַוועקגעבן קושניראָוון. דאָס וועט זײַן אָפּגעדרוקט.

חנה האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר זי האָט נישט געפֿילט, אַז זי טוט עס. אַ סקרוך האָט דורכגענומען אַלע אירע גלידער. לייב האָט עס, אַפּנים, דערפֿילט און זי געטרייסט:

— וואָס זענט איר אַזוי צעטראָגן, חנה? איך האָב געלייענט און הונדערטער מאָל געהערט, ווי מאַמעס חלשן, דאָס קינד זאָל אויפֿעסן נאָך עפּעס. אָבער איך האָב נאָך נישט געהערט און נישט געלייענט, אַז אַ מאַמע זאָל זוכן אַ תּרופֿה, דער אַפּעטיט בײַ איר קינד זאָל זיך מינערן. זײַט נישט אַראָפּגעפֿאַלן בײַ זיך, איר קענט מיר גלייבן. דאָס, וואָס איך זאָג, איז אמת.

חנה האָט טאַקע געגעבן קוויטקאָן די דערציילונג, און אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען חנה האָט צוגעקליבן דעם קאָרידאָר, האָט עמעצער אָנגעקלונגען. חנה האָט געעפֿנט די טיר און דערזען אַן אומבאַקאַנטן מענטשן. ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט פֿון קאָפּ און געפֿרעגט:

— איר זענט חנה?

— יאָ, נאָר לאָמיר אַרײַנגיין אין צימער.

אויפֿן שטול האָט זיך דער מענטש נישט געזעצט, כאָטש נחמיה האָט נישט איין מאָל פֿאַרגעלייגט. שטייענדיק מיטן הוט אין האַנט, האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט:

— איך בין מאיר ווינער. צו מיר איז נישט צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן אײַער דערציילונג. דאָרטן איז נישטאָ קיין טראָפּן ליטעראַטוראַרטיקייט.

— אָבער גלייבט מיר, אַז דאָס האָב איך טאַקע אַליין אָנגעשריבן, — חנה האָט זיך פֿאַרהאַקט, רויט געוואָרן.

מאיר ווינער האָט אָנגעהויבן אַרייַנגיין גאַנץ אָפּט. אַלץ, וואָס ער האָט דערציילט איז געווען טשיקאַווע צו הערן. אַנומלטן האָט ער גענומען דעם שפּיגל פֿון קאָמאָד, אים געהאַלטן אין ביידע הענט, מיטן שפּיגל־גלאָז צום סופּיט, און געוויזן וויאַזוי ער איז אומגעגאַנגען אין רוים אין דער סיקסטינער קאַפּעלע און האָט באַטראַכט מיקעלאַנדזשעלאָס געמעלן. חנה האָט געגאַפּט פֿון מאירס פֿאַרשידענע געשיכטעס וועגן זייַנע רייזעס, ער האָט פֿאַרכאַפּנדיק גערעדט וועגן דער וועלט־ליטעראַטור, וועגן דער ייִדישער אַלטער און נייַער ליטעראַטור. זיי האָבן זיך זייער באַפֿרייַנדעט, זיי האָבן אַפֿילו געטראַכט צו דינגען אין איינעם אַ דאַטשע אין קראַטאָווע, אָבער דער גורל האָט אַנדערש באַשטימט...

זינט ליטע איז געוואָרן סאָוועטיש האָט חנה אָנגעהויבן באַקומען בריוו פֿון דער מאַמען. די מאַמע האָט געטענהט איין טענה: כּל זמן זי לעבט, וויל זי זיך זען.

דעם 18טן יוני 1941 האָט נחמיה באַגלייט חנהן מיט רייזעלען, מיטן ייִנגסטן מיידעלע, צום ווייַסרוסישן וואָקזאַל. חנה איז געפֿאָרן קיין ליטע.

מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר צוריק האָט חנה פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל, צו וועלכן זי האָט זיך דעם 19 יוני דערנעענטערט מיטן קאָוונער צוג. זי איז געווען אויפֿגערעגט, צעטומלט. זי האָט זיך ממש געשראָקן פֿאַר דער באַגעגעניש. זי האָט זיך נישט געקאָנט אויסמאָלן דער באָבעס שטוב אָן דער באָבען מיטן זיידן. נאָר מער פֿון אַלץ האָט זי געשראָקן די באַגעגעניש מיט דער מאַמען. זי האָט גוט געדענקט, אַז די באָבע איז געקומען זי אָפּנעמען מיטן קינד. און די באָבע איז נאָכגעלאָפֿן דעם וואָגן, זיך געהאַלטן בייַ דער דראָבינע און געבעטן: „סרייַב, כאַנקע, סרייַב, האָב רחמנות...”

די מאַמע אירע, גיטל, איז שוין אַ סך מאָל געלאָפֿן מיט דער טעלעגראַמע צום קאָמאַנדיר פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי, געבעטן, ער זאָל קיין פֿאַריבל נישט האָבן, און כּסדר געפֿרעגט: „איר ווייסט געוויס, אַז דער קאָוונער צוג וועט נישט פֿאַרשפּעטיקן ?” זי האָט נישט גערוט און קיינעם נישט געלאָזט רוען. עס איז טאַקע געווען אַזוי, ווי איר מאַן הירשע האָט געזאָגט: „זינט די טעלעגראַמע איז געקומען, שטייט מייַן ווייַב אויף איין פֿוס, קייַט מיט איין צאָן און שלאָפֿט מיט איין אויג”...

אין אויוון האָט נישט אויפֿגעהערט צו פּלאַקערן. ס׳זענען שוין פֿאַרטיק

די טאָרטן, געראָטענע און הויכע, ווי צילינדערס. די געשלאָגענע באַבקעס אויף געלעכלעך מיט סמעטענע איבערגעשאָטענע מיט געריבענע ניס, צימרינג און צוקער, און גלאַנצן ווי לאַקירטע. די פּלאַדנס, פּעטע און פּוכקע זענען ווי מיט אַ פּרעסטל פֿאַרצויגן פֿונעם צוקער־פּודער. אויף די טונקלגעלע לעקעכער האָט גיטל אויסגעלייגט פֿון נעגעלעך — גענדז מיט גענדזעלעך. ס'זענען געווען פֿאַרטיקע טייגלעך, געצוקערטע, טרוקענע, נאַסע, געקאָכטע אין האָניק. ס'זענען דאָ געפּעפּערטע קיכלעך צו געהאַקטער לעבער. אין גרויסן געווײַסטן קופּערנעם קעסל האָט גיטל אַרײַנגעלייגט רינדערנע און קעלבערנע ביינער, ביינער פֿון עופֿות, פֿון וועלכע זי האָט אַראָפּגענומען דעם ביילעך. דער לעפֿל וואָס גיטל האָט אַוועקגעלייגט אויפֿן טעלער נאָכן פֿאַרזוכן די יויך, איז צוגעלעפּט געוואָרן צום טעלער.

— ווער וועט בײַ דיר אויפֿעסן אַזאַ קרענעצע יויך? — האָט הירשע נישט אויסגעהאַלטן.

— מע וועט נישט אויפֿעסן, וועל איך אַרויסגיסן. ווער קומט צו דיר, באַדאַכט זיך! העלף בעסער קלעפּן די קרעפּלעך, לייג זיי אויף די בעקנס, שמיר מערער שמאַלץ, זשאַלעווע נישט! — גיטל האָט גערעדט, בעת־מעשׂה געלייגט געהאַקטע לעבער אויף די גרויסע פּאָלומעסיקעס, אַרומגעפּוצט מיט דין געבראָקטע גרינע ציבעלעס, אַרומגעשאָטן מיט אָנגעריבענע האַרטע געלעכלעך, ווו־נישט־ווו אַרײַנגעשטעקט אַ ראָז רעטעכל, געשעפּט מיטן קאָכלעפֿל געגדזענע שמאַלץ, נישט אָפּגעזײַט די געלע גריוון, געגאָסן אויף דער לעבער.

ס'וועט דאָך בײַ דיר אָוועקשווימען! — האָט הירשע געוואָרנט.

— אַבי דו וועסט בײַ מיר בלײַבן!

— ווער עס ווינטשט מיר שלעכטס, זאָל האָבן אַ ווײַב אַ בריה.

— איך ווינטש מײַנע גוטע פֿרײַנד, אַז זייערע ווײַבער זאָלן פֿאַרשפּאָרן צו זײַן בריות — האָט גיטל געענטפֿערט, געשטאָכן מיטן שפּיציקן מעסער די שטיקער קעלבערנע ברוסט. אַ שטאָך — אַרײַנגעשטעקט אַ קנאָבעלע, אַ שטאָך — אַ שטיקעלע מער, אַ פּעטרישקע, באַשפּרענקלט מיט געשטויסענעם ענגל־געווירץ, באַגאָסן מיט אויפֿגעקלאָפּטע אייער, באַטרייסלט מיט טרוקענער געמאָלענער חלה, אַרומגעלייגט מיט הינערשע פּלאָסטערס און־ אין אויוון אַרײַן...

ענדלעך איז אַלצדינג פֿאַרטיק. גיטל באַקוקט די געגרייטע טישן, די

פֿלעשער משקה צווישן די טיפֿע גלעזערנע שאָלן איינגעמאַכטס. די גרויסע דורכזיכטיקע אַגרעסן זענען גאַנץ און געל, ווי בורשטינען. די טונקל־רויטע ווייס־געפּינטלע טרוסקאַווקעס שווימען אין רויטלעכן זאָפּט, ווי נאָר וואָס פֿון דער בייט.

אָבער גיטל קוקט שוין נישט אויף דעם. גיטל איז איצט ווייט פֿון דאַנען. זי האַלט חנהקען אונטער די הענטלעך, חנהקע שטעלט די ערשטע טריט און גיטלס מאַמע, די באָבע פעסיע, פֿירט דורך מיט אַ מעסער צווישן חנהקעס געשטריקטע שיכעלעך, זאָגט אַ שפּרוך: „לויף, ווי אַ טײַכל, זאָלסט וואַקסן, ווי קראָפּעווע, גוטע לײַט זאָלן זיך פֿרייען, טאַטע־מאַמע זאָלן קוועלן...“

יאָ, זי האָט געשריגן בעת חנה האָט געהאָט איר מיידעלע: „מעגסט ליגן אין קאָוונע אין ביקור־חולים, מעג דײַן ממזר פֿאַרלייגן מיטן קעפּל, איך האָב אין דעם קיין חלק נישט“.

גיטלען פֿאַרקוועטשט דאָס האַרץ: „חנהקע געדענקט דאָך דאָס אויך...“

גיטל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אין דער רגע ווען זי האָט דערהערט חנהס שטים אין שטוב. ס׳האָט זיך בײַ איר אַרויסגעריסן אַ ווילד געשריי, זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון געלעגער, אויף וועלכן זי האָט זיך צוגע־שפּאַרט. זיך פֿאַרטשעפּעט אָן דער שוועל, דורך אַ פּינטלדיקן נעפּל דער־זען אויסגעשפּרייטע הענט און איז אויף זיי געבליבן הענגען...

— מאַמינקע, דו ביסט יונג, ווי אַמאָל.

— אַלט איז דער, ווער עס געדענקט נישט די יונגע יאָרן, מײַן קינד. זעץ זיך, אָט גיב איך דיר אַ גלאָז ציקאָריע, נעם אַ טייגל.

חנה האָט געקייט אַ טייגל און זיך פֿאַרטראַכט.

— וואָס טראַכסטו, מײַן קינד?

— מאַמע, איך האָב מורא, איך וויל אַרײַנגיין צו דער באָבען אין שטוב. זאָג מיר, מאַמע, ווי איז דאָס געווען?

— די באָבע איז געקומען פֿרײַטיק פֿון מרחץ, ס׳איז איר געוואָרן נישט גוט, האָט מיך דער זיידע, ע״ה, אַרײַנגערופֿן. פֿרעג איך: „מאַמע, געבן דיר אַ לעפֿעלע געפּרעגלטע קאַרשן?“ זאָגט זי: „גיטקע, מאַך זיך נישט צום נאַר, צינד אָן ליכט“. און גאַר...

חנה האָט באַטראַכט די געגרייטע טישן און געשמייכלט, ווײַל עס זענען שוין אַרײַנגעגאַנגען מענטשן. קיינער איז נישט געקומען מיט ליידיקע

הענט, יעדערער האָט געבראַכט משקה, לעקעך, מוראַדיקע קיכלעס, מע האָט קיינעם נישט געדאַרפֿט רופֿן.

עס איז געווען שבת, אַ שײַנענדיקער וואַרעמער פֿרימאָרגן, אַלע פֿענצטער אין גיטלס שטוב זענען געווען אָפֿן, גיטל אַליין האָט אויך געשײַנט. דאָס ברוינע מוסלינענע לאַנגע קלייד מיטן גיפּיורענעם ווײַסן הויכן קראַגן איז געלעגן אויף איר ווי אויסגעגאָסן. דאָס פֿאַררויטלטע פּנים און די בלויע אויגן האָבן געשטראַלט פֿון נחת. זי האָט אַלע ווײַלע געוואָרפֿן אַ בליק אויף חנהן, ווי זי וואָלט געפֿרעגט:

— שעמסט זיך נישט מיט מיר, מײַן קינד?

חנה האָט געקוקט אויף דער מאַמען און געטראַכט: „איצטער ווייס איך שוין וואָס פֿאַר אַ מאַמע איך האָב. מאַלע־וואָס עס איז געווען...”
וואָס מער זי האָט געקוקט אויף דער מאַמען, אַלץ מער האָט זי געפֿילט, סאַראַ גרויס גליק עס האָט געטראָפֿן, וואָס זי איז אַהער געקומען.

אין פֿריידיקן טומל האָט מען אויף אַ ווײַלע פֿאַרגעסן אין רייזעלען. זי איז געזעסן בײַ הירשען אויף די קני, ער האָט געגלעט איר קאָפּ, איר דערלאַנגט אַ שטיק טאָרט, און רייזעלע האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן דערמיט.

אַ ווײַלעטשקע איז געווען שטיל, נאָר אָט איז אַרײַנגעגאַנגען טײַבעלע די בעקערקע, אַ ייִדענע אַ בעל־מלאכה. דאָס איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס איז געקומען מיט ליידיקע הענט. זי האָט זיך צעקושט מיט חנהן, צוגעגאַנגען צו גיטלען, שטיל געפֿרעגט:

— וועסט אויף מיר קיין פֿאַריבל נישט האָבן, גיטל? איך זאָג דיר וואָס איך האָב אויף מײַן האַרצן. ביסט געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמ־דעלע, דײַן קינד איז געקומען צו דיר, איך בין דיך מקנא. איך ווינטש דיר זי זאָל פֿאַרגעסן וואָס עס איז געווען, זי זאָל דיך אַזויפֿיל האָלט האָבן, וויפֿל טרערן זי האָט פֿאַרגאָסן צוליב דיר.

ס'איז שוין שפּעטער אָוונט. גיטל מיט חנהן זענען אַליין, גיטלס ליפּן באַוועגן זיך. צום סוף רעדט זי אַרויס, וואָס זי טראַכט:

— זאָג מיר, חנהקע, פֿאַרוואָס ביסטו אַוועק פֿון דײַן ערשטן מאַן?

— מאַמע, מיר וועלן נאָך צײַט האָבן. אָבער איך קאָן דיר גאָרנישט צוזאָגן. וואָס איך וועל נישט וועלן, וועל איך אַלצאיינס נישט דערציילן.

פּלוצעם האָט אָנגעהויבן צו דונערן.

— טאַטע, וואָס הילכט אַזוי?

— כ'מײַן, אַז דאָס איז מאַנעוורעס.

אָבער אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָט הירשע חנהן מיט רייזעלען אין אַ פֿור געפֿירט צו דער באַן קיין דאַטנעווע. מ'האָט שוין געוווסט, אַז דאָס זענען נישט קיין מאַנעוורעס...

דער וועג צוריק איז געווען אומוואָרהאַפֿטיק, ווי אין אַ שרעקלעכן חלום. אין דאַטנעווע האָט זיך הירשע געזעגנט מיט חנהן און מיט רייזעלען, זיי האָבן אַזוי געוויינט, זיך אַזוי אײַנגעקלאַמערט איינער אינעם אַנדערן, עס האָט זיך געדאַכט, זיי וועלן זיך נישט אָפּרײַסן. אויף דער ערשטער ליניע לעבן וואָקזאַל איז געשטאַנען אַ צוג. הירשע האָט געהאָלפֿן חנהן מיט רייזעלען זיך אַרײַנזעצן אין וואַגאָן. דאָס איז געווען אַ ווייכער שלאָף־וואַגאָן, און מער איז קיין איין מענטש נישט געווען. הירשע איז אַ ווײַלינקע געשטאַנען בײַם פֿענצטער, און ווען דער צוג האָט גערירט, האָט ער מיט בײדע הענט פֿאַרדעקט דאָס פּנים און איז אַוועק צום וואָקזאַל. אין קאַדאַן, אַ סטאַנציע נישט ווײַט פֿון דאַטנעווע, איז דער צוג געשטאַנען. עס האָט זיך געהערט אַ שיסערײַ, דורכן וואַגאָן־פֿענצטער האָט חנה געזען, ווי מענטשן לויפֿן מיט פּעק, מיט טשעמאָדאַנעס זיי לויפֿן און מיט אַ מאָל פֿאַלן זיי אום און בלײַבן ליגן... רייזעלע האָט זיך אײַנגעגנורעט אין חנהס שויס, עס האָט זי אַזוי געטרייסלט, זי האָט אַזוי געכליפּעט, זי האָט דאָך אויך געזען דאָס, וואָס חנה האָט געזען. ווען דער צוג האָט גערירט איז אַרײַנגעגאַנגען אין וואַגאָן אַ ייִדישע פֿרוי. זי איז געווען צעפּאָטלט, זי האָט אויסגעזען ווי משוגע, און זי האָט דערציילט:

— די סמעטאַנאָווצעס האָבן מיט אַוטאָמאַטן אונדז אַרומגערינגלט, און אַלע זענען געבליבן ליגן. מײַן מאַן און מײַן ייִנגעלע אויך. — דערציילנדיק, האָט די פֿרוי אָנגעהויבן שלוכצן און זיך רײַסן די האָר פֿון קאָפּ.

ביז ראַדזווילישעק איז אין וואַגאָן געווען חנה, רייזעלע און די פֿרוי. ערשט אויף דער סטאַנציע האָט זיך אין וואַגאָן אַרײַנגעזעצט אַ גרויסע ייִדישע משפּחה — מאַנצבלען, פֿרויען, קינדער און אַן אַלטיטשקע באָבע, וואָס האָט נישט אויפֿגעהערט צו יאָמערן:

— אוי, ווײ איז מיר, אַ קלאָג צו מײַן אַלטן קאָפּ! ווו זענען מײַנע איבעריקע זין, זיי האָבן שוין געוויס געלייגט די קעפּ. הלמאַי, גאָטינקע, האָסטו נישט געטאָן פֿאַ־אַ־אַר־קערט! הלמאַי זאָל איך שלעפּן מײַנע שופֿעלע אַלטע ביינער אַזאַ מהלך!

ווי עס פֿלעגט זיך אָנהייבן אַ שיסערײַ, פֿלעגט די באָבע שטיל ווערן. און אויב עמעצער פֿון דער משפּחה האָט געוואָלט אַ טרונק טאָן און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום טשײַניק, איז זי צוגעלאָפֿן, געפּאַכעט מיט די הענט און זיך געבעטן:

— לאָזט געמאַך, דערנאָך. קלאַפּט נישט מיטן דעקל פֿון טשײַניק!

נישט ווײַט פֿון סעבעזש איז דער טשײַניק שוין ליידיק געוואָרן. איצט האָט די באָבע זייער געוואָלט אַ טרונק. איינע פֿון איר משפּחה האָט גענומען דעם טשײַניק, זיך געלאָזט צו דער טיר, די באָבע האָט אַרויס־געריסן דעם טשײַניק, אים דערלאַנגט חנהן און געזאָגט:

— טאָכטערל, גיי דו, דײַן קינד וויל דאָך אויך, מסתּמא, אַ טרונק. נאָר רייזעלע האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אין דער מאַמען, מוראדיק זיך צעשריען: „גיי נישט, מאַמע, גיי נישט. איך וויל נישט קיין טרונק!"

נאָך וואַסער איז טאַקע אַוועק דער באָבעס שנור. ווי נאָר זי איז אַרויס פֿון וואַגאָן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסערײַ. ווען ס'איז שטיל געוואָרן, איז דער צוג נאָך היפּש געשטאַנען, נאָר די, וואָס איז אַוועק נאָך וואַסער, איז שוין נישט צוריקגעקומען... די באָבע האָט ווידער געיאָמערט, דער צוג האָט גערירט, און די משפּחה איז קלענער געוואָרן מיט איין מענטשן.

רייזעלע איז איצט נישט אָפּגעטראָטן פֿון חנהן, אויף קיין מינוט זי נישט אָפּגעלאָזט. אין סעבעזש איז די גרויסע משפּחה אַראָפּגעגאַנגען. חנהן מיט רייזעלען האָט דער נאַטשאַלניק פֿון סטאַנציע אַרײַנגעזעצט אין אַן אַנדער צוג, אין אַ וואַגאָן מיט פֿרויען פֿון מיליטערישע, וואָס זענען שוין אַוועק אויף דער מלחמה.

דער וואַגאָן איז געווען אָנגעפּיקעוועט, חוץ די פֿרויען, זענען געווען אָנגעוואָלגערט קופֿערטן, ניי־מאַשינעס, וועלאָסיפּעדן, לעדערנע טשעמאָ־דאַנעס, קינדער גרעסערע און גאָר קליינע. חנה האָט אויף איר טשעמאָ־דאַנדל אַוועקגעזעצט רייזעלען, אַליין האָט זי זיך געזעצט אויף דער פּאָדלעגע לעבן אַ פֿרוי, וואָס איז געזעסן מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט. דאָס קינד איז געלעגן אויף אירע הענט אויסגעצויגן, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, זײַנע געלע פֿיסעלעך זענען אַראָפּגעהאַנגען פֿון איר שויס. די פֿרוי האָט אַלע ווײַלע אַרײַנגענומען דעם קינדס פֿיס־פֿינגערלעך אין די

הענט, און איבער אירע באַקן האָבן נישט אויפֿגעהערט זיך צו קײַקלען שווערע מוטנע טרערן.

— גיט מיר, איך וועל אים האַלטן, ווי איר. עס וועט אים זײַן באַק־וועם. — האָט חנה פֿאָרגעלייגט.

— ער איז געווען קראַנק. דער מאַן איז געקומען צו לויפֿן, האָט אונדז אַרײַנגעזועצט אין מאַשין, ווי מיר זענען געגאַנגען און געשטאַנען. מיר האָבן אַפֿילו נישט באַוויזן זיך צו געזעגענען. איך וויל נישט איר זאָלט אים נעמען, מע דאַרף נישט, אים איז שוין אַלצאיינס... איר וועט מיר העלפֿן, ווען דער צוג וועט זיך אָפּשטעלן ?...

שפּעט בײַ נאַכט האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט אין מיטן פֿעלד. אין אַ זײַט פֿון דער אײַזנבאַן־ליניע איז געשטאַנען אַ קליין שטיבל פֿון אײַזנבאַן־וועכטער. חנה איז אַהין אַוועקגעלאָפֿן, זי האָט דאָרט געטראָפֿן אַ פֿרוי, איר דערציילט וואָס־ווען. די פֿרוי האָט געגעבן חנהן אַ לאָפּעטע, אַליין אויך גענומען אַ לאָפּעטע, און אַהינטער דעם שטיבל האָבן זיי אויס־געגראָבן אַ שמאָל קליין גריבל. חנה איז אַוועק נאָך דער פֿרוי, און די פֿרוי האָט מיט אירע הענט אַהין אַראָפּגעלאָזט דאָס קינד...

ביז באַגינען איז די באַן געשטאַנען אויף דער סטאַנציע. די גאַנצע צײַט האָט די פֿרוי געהאַלטן אין איין חלשן. אין דער פֿרי איז צום וואַגאָן צוגעגאַנגען דער נאַטשאַלניק פֿון עשאַלאָן, ער האָט געמאָלדן, אַז דער צוג גייט קיין פּענזע. דער צוג איז אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע פּלעכאַנאָווע, פֿאַר טולע. חנה האָט גענומען דאָס טשעמאָדאַנדל, אויפֿגעוועקט רייזעלען, און זיי זענען אַרויס פֿון וואַגאָן. אַריבערגעשפּרײַזט די ליניעס, איז חנה מיט רייזעלען צוגעקומען צו אַ וועג, וועלכער איז געווען ליידיקער. דער טאָג איז געווען אַ העללעכער, דער וועג איז געלעגן צווישן וועלדער, די זון האָט געבלענדט די אויגן. אָבער סײַוויי האָט חנה קוים געזען ווי צו שטעלן די פֿיס. פּלוצעם האָט זי דערהערט שטימען. זי האָט אויסגעקע־רעוועט דעם קאָפּ און דערזען פֿרויען וואָס זענען געגאַנגען מיט ליידיקע מילעך־בידאָנעס אין די הענט. איינע פֿון די פֿרויען איז צוגעגאַנגען צו חנהן, האָט זי אָנגעקוקט, טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. ערשט איצט האָט חנה באַנומען, ווי זי זעט אויס. זי האָט טאַקע אויסגעזען שוידערלעך, עס איז שוין געווען דער צווייטער יולי... די פֿרוי האָט, אַפּנים, פֿאַרשטאַ־נען. זי האָט גענומען פֿון חנהס הענט דאָס טשעמאָדאַנדל און דערקלערט:

— צוויי ווערסט פֿון דאַנען גייט אַ באַן קיין סערפּוכאָוו. איך פֿאַרשטיי, אַז איר זענט פֿון מאָסקווע, ווען איר נאָך הײַנט זײַן אין דער היים.

די פֿרוי האָט אויך גענומען רייזעלען פֿאַר אַ האַנט, און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, זענען זיי געקומען צו אַ קליין וואָקזאַלעכל. זי האָט חנהן באַזעצט אויף אַ באַנק און צו איר געזאָגט:

— זיצט, איך וועל אייך ברענגען וואָס צו עסן.

די פֿרוי האָט געבראַכט עפּעס עסן, האָט צוגעוואַרט ביז דער צוג איז געקומען, געהאָלפֿן חנהן מיט רייזעלען אַרײַנצוגיין אין וואַגאָן, און דעם זעלביקן טאָג פֿאַרנאַכט איז חנה געווען אין שטוב.

בעת נחמיה האָט זי דערזען, איז ער פֿאַרגליווערט געוואָרן. זײַן פּנים איז געוואָרן ווײַס, ווי קרײַד. ער האָט קיין איין וואָרט נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען. פּלוצעם האָט ער אָנגעהויבן שלוכצן, אָבער קיין טרערן האָט חנה בײַ אים נישט דערזען. זי האָט עס נישט געקענט זען, אַפֿילו ווען ער וואָלט געוויינט, ווײַל זי איז אַוועקגעפֿאַלן חלשות און ס׳האָט היפּש געדויערט, ביז נחמיה האָט זי אָפּגעמינטערט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי קיין אויג נישט צוגעטאָן, כאָטש זיי האָבן ווינציק גערעדט. נאָר פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט נחמיה זי אָנקוקן און זיך ווונדערן:

— חנה, חנוכל, איך זע דיך, דו ביסט טאַקע דאָ?...

רייזעלע איז געווען פֿאַרלאָרן, זי האָט געשוויגן, זי האָט זיך נישט געשפּילט מיט דער שוועסטער, ווי פֿריִער, און עטלעכע מאָל געפֿרעגט:

— מאַמע, פֿאַרוואָס האָבן מיר נישט מיטגענומען דעם זיידן מיט דער באָבען?

חנה האָט געשוויגן, זי האָט דאָך נישט געקענט דערציילן רייזעלען, אַז דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן געזאָגט: „חנהלע, דו פֿאָר אַוועק. אַלע ווייסן, אַז דו ביסט געקומען פֿון סאָוועט־רוסלאַנד״...

מאָסקווע האָט איצט אויסגעזען מאָדנע. אין די אָוונטן זענען די פֿענצטער געווען פֿאַרהאַנגען, ס׳זענען אָפֿט געווען לופֿט־אַליאַרעמס. פֿון הויז־פֿאַרוואַלטונג האָט מען שוין נישט איין מאָל געוואָרנט, אַז מע דאַרף זיך עוואַקוירן מיט די קינדער. דעם פֿינפֿטן אויגוסט 1941 האָט נחמיה באַגלייט חנהן מיט די קינדער פֿון קאַזאַנער וואָקזאַל אין עוואַקואַציע.

אין דער ברייטער וואַגאָן־טיר איז חנה געשטאַנען מיט סענדערקען אויף די הענט. נחמיה האָט אָנגעזאָגט:

— חנופל, היט די קינדער, די קינדער היט, הערסט?

דער עשאַלאָן, מיט וועלכן חנה האָט זיך עוואַקוירט, איז געגאַנגען קיין טשעבאָקסאַרי. אין וואַגאָן, וווּ חנה איז געווען מיט די קינדער, האָבן זיך געפֿונען דורכאויס פֿרויען פֿון מאָסקווער קינסטלער מיט זייערע קינ־דער. דאָס איז געווען אַ פֿראַכט־וואַגאָן, אָן טרעפּלעך. אין אַזעלכע וואַגאָ־נעס האָט מען פֿאַר דער מלחמה געפֿירט בהמות, און דאָן פֿלעגט מען געוויס צושטעלן אַ טראַפּ צו דער טיר. אָבער איצט איז אַזוינס נישט געווען, מע האָט געמוזט שפּרינגען גלײַך פֿון וואַגאָן אויף דער ערד. דער וואַגאָן איז געווען אָנגעפּראָפּט, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן „אינטעליגענטע, איידעלע" אַמפּעריי. יעדערער האָט געוואָלט אַן אָרט נישט בײַ די פֿענצטער־לעך און נישט בײַ דער ברייטער טיר. ס'איז באמת שווער געווען צו געפֿי־נען אַן אָרט, וווּ דער ווינט זאָל נישט אַרײַנבלאָזן, ווײַל אין די וואַגאָן־ווענט זענען געווען ברייטע שפּאַלטן. חנה האָט שווײַגנדיק פֿאַרנומען אַ ווינקל אויף דער נאַרע לעבן פֿענצטערל, אײַנגעדעקט די קינדער, אַליין זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיי. נישט ווײַט פֿון ריאַזאַן האָבן זיך צעהילכט קעגנלופֿט־סירענעס. בײַ דער טיר איז געוואָרן אַ מוראדיק געדראַנג. פֿאַרבײַ דעם וואַגאָן איז געלאָפֿן דער נאַטשאַלניק פֿון עשאַלאָן און האָט געשריִען:

— קריכט אַרויס, גיכער, גיכער!

די סירענעס האָבן מוראדיק געגרילצט, מע האָט שוין נישט געהערט דעם נאַטשאַלניקס קולות. די פֿרויען, וואָס האָבן קיין קינדער נישט געהאַט, זענען געשפּרונגען פֿון וואַגאָן, זיך נישט באַוויזן אָפּצושטעלן, און געפֿוי־זעט איבער דער ערד. די קינדער האָבן מוראדיק געוויינט. פֿרויען האָבן זיך געבעטן:

— שטופּט נישט, העלפֿט מיר, מײַן קינד, מײַן קינד!

אַ פֿאַרטויבטע פֿון די געשרייען, האָט חנה מיט סענדערקען אויף די הענט מיט אירע דרײַ מיידעלעך, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן בײַ איר קלייד, זיך געשטופּט צו דער טיר. אין גיכן האָבן די סירענעס זיך אײַנגעגנומען, חנה איז מיט סענדערקען אויף די הענט אַרויסגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן, געהאָלפֿן אַרויסשפּרינגען די קינדער, אַ געשריי געטאָן:

— ביילקעלע, פערעלע, נעמט סענדערקען און גיט אַכטונג אויף רייזעלען! רירט זיך נישט פֿון אָרט!

אַליין איז זי צוגעלאָפֿן צום וואַגאָן, האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט און געזאָגט צו אַ פֿרוי, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ קינד אויף די הענט:

— שפּרינגט, האָט קיין מורא נישט! איך וועל נישט אַנידערפֿאַלן.

ווען די פֿרוי מיט איר קינד איז שוין געשטאַנען אויף דער ערד, איז חנה צוגעלאָפֿן צו אירע מיידעלעך מיט סענדערקען, זי האָט עפּעס צו זיי גערעדט, אַליין נישט וויסנדיק וואָס. צום גליק האָבן די סירענעס אויפֿגע־הערט. חנה האָט גענומען שלעפּן שטיקלעך שפּאַלעס, ציגל, וואָס האָבן זיך דאָ געוואַלגערט, צו דער וואַגאָן־טיר, און ס׳איז גרינגער געוואָרן אַהין אַרײַנצוגיין. איצט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ קריגערײַ, ווײַל מע האָט צעפּלאָנטערט די ערטער. די פֿרוי, וועלכער חנה האָט געהאָלפֿן אַרויסשפּרינגען מיט אירע קינדער פֿון וואַגאָן, האָט זיך צוגעזעצט צו חנהן, זיך נישט געקענט אָנוווּנדערן, ווי חנה האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו איר און זי אונטערגעכאַפּט. „אַ דאַנק אײַך, אַ דאַנק״, — האָט די פֿרוי געחזרט. חנה האָט נישט ווילנדיק געשמייכלט, ווײַל זי האָט געטראַכט: „טײַערינקע מײַנע, ווען דו וואָלסט געקאָנט רײַטן ווי איך, געכאַפּט ביקלעך צו פֿלייש־פֿאַרגרייטונג, וואָלסטו זיך אַזוי נישט געוווּנ־דערט און וואָלסט אויך געקענט שפּרינגען ווי איך״.

ביני לבינו איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, מע האָט אָנגעהאָדעוועט די קינ־דער, זיך געלייגט ווו ווער עס האָט געקאָנט. חנהס אָרט אויף די ברייטע נאַרעס איז אויסגעקומען בײַם סאַמע עק. אין דער וואַנט זענען געווען ברייטע שפּאַלטן, דערצו איז דאָס קליינע פֿענצטערל געווען נישט פֿאַר־גלאָזט. חנה האָט געפֿונען צוויי שטיקעלעך האָלץ, מיט אַ מעסער אויסגע־שניצט פֿון זיי פֿלעקעלעך, צוגעפֿעסטיקט אַ דעקע צום פֿענצטער און צו אַ שטיקעלע וואַנט. בײַ דער סאַמע וואַנט האָט זי געלייגט די עלטערע מיידעלעך, לעבן זיי סענדערקען, רייזעלען לעבן אים, און אַליין האָט זי זיך געלייגט לעבן רייזעלען. די איבעריקע פֿרויען האָבן געזען, וואָס חנה טוט, האָבן זיי אויך פֿאַרהאַנגען די ווענט. איצט האָט ווייניקער געבלאָזן. אַלע זענען אײַנגעשלאָפֿן, מע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט ווען דער עשאַלאָן האָט זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט. אין גיכן האָט זיך באַוויזן דער נאַטשאַלניק פֿון עשאַלאָן. ער האָט אָנגעזאָגט אַ „גוטע בשורה״, אַז מע וועט דאָ לאַנג שטיין. עס האָט זיך געהערט אַ קינדעריש געוויין. בײַ דרײַ קינדער זענען

קאַליע געוואָרן די מעגעלעך. די מאַמעס פֿון די קינדער זענען נישט נאָר געווען פֿרויען פֿון קינסטלער, זיי גופֿא זענען געווען קינסטלערינס און מיטגלידער פֿון „מאָסך". זיי האָבן זיך פֿאַרלאָרן, נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. חנה האָט אָבער יאָ געוווּסט. זי איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן, מיטן קוק האָט זי צעלייגט אַ קליין שיַיטערל צווישן צוויי שטיינער, ביַי עמעצן פֿון די פֿרויען האָט זיך געפֿונען קאַרטאָפֿל־מעל, חנה האָט געהאָט צוקער, און אין אַ וויַילע אַרום האָבן די קראַנקע קינדער געגעסן קיסעל. חנהס מיטפֿאָרערינס האָבן נישט אָן וווּנדער געקוקט, ווי זי שפּרינגט אַריַין און אַרויס פֿון וואַגאָן, ווי זי האָט שוין אָנגעריסן דינע צוויַיגעלעך פֿון די קוסטעס ביַי דער איַיזנבאַן־ליניע, געמאַכט אַ בעזעם, געהייסן אַלעמען זיצן אויף די נאַרעס, און האָט גיך אויסגעקערט דאָס מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין וואַגאָן. „חנה דאַווידאָוונאַ, חנה דאַווידאָוונאַ", — האָט זיך כּסדר געהערט, און זי האָט אַרויסגעהאָלפֿן מיט וואָס זי האָט נאָך געקאָנט. אין גיכן איז דער עשאַלאָן ווידער אַוועק. די פֿרוי, וועלכער חנה האָט געהאָלפֿן אַרויסשפּרינגען מיטן קינד פֿון וואַגאָן, האָט זיך צוגעזעצט לעבן חנהן, שטיל און צוטרוילעך אָנגעהויבן:

— באַליידיקט זיך נישט, איך וויל איַיך עפּעס פֿרעגן. זאָגט מיר, דאָס זענט איר די, וועלכע נחמיה מאַיסייעוויטש האָט געבראַכט פֿון איינעם אַ קרימער קאָלווירט?

— יאָ, דאָס בין איך. אָבער נישט פֿון קיין קאָלווירט. פֿון אַ קאָמונע.

— פֿון אַ קאָמונע? — האָט די פֿרוי פֿאַרכאַפּט געפֿרעגט. און וואָס מער חנה האָט דערציילט, האָט די פֿרוי אַלץ מער זיך געוווּנדערט. און אַלץ מער געוואָלט וויסן, וואָס האָט די קאָמונע פֿאַרמאָגט און וויפֿל ייִדישע קאָמונעס און קאָלווירטן זענען בכלל געווען אין קרים.

— אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט, — האָט די פֿרוי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און דערציילט. — איך דערמאָן זיך, ווי איך בין געווען ביַי מיַינעם אַ באַקאַנטן קינסטלער. האָט דאָרט איינער אַ גראַפֿיקער דערציילט, אַז זיַינער אַ פֿריינד איז געפֿאָרן אין שעפֿערישער קאָמאַנדירונג אין אַ קרימער ייִדישן קאָלווירט. און ער האָט זיך דאָן געוואָרטלט: „ווער וועט וואַגן איצטער צו פֿאָרן אין קאָלווירט און נעמען אַ פֿרוי מיט דריַי קינדער".

חנה האָט עס אויסגעהערט, געשמייכלט און אַ זאָג געטאָן:

— יענער איז טאַקע געווען גערעכט, איך פֿאַראורטייל דאָס נישט. און אויף דעם האָט זיך דער שמועס געענדיקט.

— ביז די קינדער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט חנה באַוויזן אויסצוקאָכן אַ הירזשענע קאַשע, ווײַל דער עשאַלאָן איז מער געשטאַנען ווי געגאַנגען. ערשט אויפֿן פֿינפֿטן מעת־לעת זענען די עוואַקויִרטע ענדלעך, אָנגעקומען קיין טשעבאָקסאַרי.

אַ טייל פֿון די פֿרויען זענען געבליבן אין מאַר־פֿאַסאַד, ווו זיי זענען אויף מאָרגן אָנגעקומען. חנה מיט איבער אַ צענדליק פֿרויען מיט אַ היפּשער צאָל קינדער זענען פֿון מאַר־פֿאַסאַד מיט פֿורן אַוועקגעפֿאָרן אין דערבײַיִקן דאָרף וואָס האָט געהייסן דימיאַשקינאָ. נישט ווײַט פֿון דימיאַשקינאָ האָט זיך געפֿונען דאָס אָפּרו־הויז פֿאַר טײַך־אַרבעטער. אינעם דאָזיקן הויז האָבן געדאַרפֿט אײַנגעאָרדנט ווערן די קינדער פֿון די מאָסקווער קינסטלער. סענדערקען און רייזעלען האָט חנה דעם זעלבן פֿאַרנאַכט מיט די איבעריקע קינדער אַוועקגעפֿירט אין דעם אָפּרו־הויז.ביילקע מיט פּערעלען זענען געבליבן מיט איר.

דאָס דערפֿל דימיאַשקינאָ, נישט ווײַט פֿון מאַר־פֿאַסאַד, אויפֿן הויכן ברעג וואָלגע, ווו חנה מיט די פֿרויען פֿון די מאָסקווער קינסטלער איז אָנגעקומען, איז געווען נישט גרויס. פֿון דעסט וועגן זענען דאָ געווען עטלעכע פֿאַרקלאַפּטע שטיבער פֿון אַרויסגעשיקטע קולאַקעס. אַנדריי פּאָכאָמיטש דער פֿאָרזיצער פֿון היגן קאָלווירט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „זון־אויפֿגאַנג" האָט געזאָגט צו די עוואַקויִרטע:

— נעמט אײַך, באַבעס, וואָסערע שטיבער איר ווילט.

אַנדריי פּאָכאָמיטש, דער איינציקער מאַנצבל אין דאָרף, דער פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט, האָט געהאַט איין אויג און אויף ביידע הענט ביים גרויסן פֿינגער נאָך אַ פֿינגערל, אַ קליינינקס. אָבער ווען אַנדריי פּאָכאָמיטש וואָלט נישט באַזעסן אַזוינע פֿענאָמענאַלע גלידער, וואָלט חנה נישט אָנגעקומען צו זײַן מי.

זי האָט געמאַכט אַ קורצן, שטילן מיטינג בײַ איינער פֿון די פֿאַרקלאַפּטע שטיבער און איז די ערשטע מיט ביילקען און פּערעלען אַוועקגעגאַנגען צום רעמאָנט־וואַרשטאַט פֿון קאָלווירט.

דער רעמאָנט־וואַרשטאַט איז געשטאַנען מיט אויפֿגעפּראַלטע טירן. חנה האָט גלײַך דערזען צוויי שנייד־מאַשינעס אָן מעסערס, עטלעכע ווילעס מיט צעבויגענע ציין, אָבער אויפֿן וואַרשטאַט, פּאַזע דער וואַנט, איז געווען

אויך דאָס וואָס זי האָט געדאַרפֿט. איין האַק האָט זי אַליין גענומען, די צווייטע געגעבן ביילקען, אַן אָפּצווענגע דערלאַנגט פּערעלען און איז מיט זיי אַוועק צו די פֿאַרקלאַפּטע שטיבער. חנה איז שוין נישט געווען די וואָס אַמאָל. אירע רויטע באַקן זענען בלייך געוואָרן, דער מעסערגלאַנץ פֿון אירע בלוי־גרויע אויגן האָט זיך אויסגעלאָשן, עס איז אַנטרונען די פֿולע רונדקייט פֿון איר גאַנצן שטאַלט, זי איז אין גאַנצן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרייַב־קראַפֿט, וואָס איז געווען אָנגעצילט, ווי אַ קאַנאָן. אין גיכן איז די שטילקייט פֿון דאַרף צעשטערט געוואָרן פֿון אַ קלאַפּערייַ מיט העק און אַ קרעכצערייַ פֿון אָפּגעריסן געהילץ. פֿאַר נאַכט זענען צוויי שטיבער געשטאַנען מיט אָפֿענע טירן און פֿענצטער.

אין די שטיבער זענען געווען צו איין גרויסן צימער, וואָס ווערט אָנגערופֿן „גאָרניצע״, צוויי קלענערע, וועלכע זענען מסתּמא געווען שלאָפֿצימערס, ווייַל דאָרטן זענען אויך איצט געשטאַנען ברייטע הילצערנע טאַפּטשאַנעס מיט אָנגעוואָרפֿענעם שטרוי. די ווענט פֿון קלעצער, די פּאָדלעגעס, די פֿענצטער און די טירן זענען געווען ווי צוגעדעקט מיט שפּינוועבס און שטויב. אין דער קליינער קיך זענען געשטאַנען גרויסע אויוונס. אין איין אויוון האָט חנה אַרייַנגעקוקט. זי האָט פֿון דאָרטן אַרויסגערוקט קייַלעכיקע נידעריקע טשוהונעס, און זי איז פֿאַרגאַפֿט געוואָרן, ווייַל אַ גרינבלעך־גראָע שימל־הויט האָט זיי פֿאַרצויגן ביז צום ראַנד. זי האָט גלייַך פֿאַרשטאַנען: די בעלי־בתּים האָבן פֿאַרלאָזט זייער היים אין אַזאַ אייַלעניש, אַז זיי האָבן נישט באַוויזן אויפֿצועסן דאָס געקעכץ, וואָס איז געשטאַנען אין אויוון פֿאַרטיק.

אַזוי ווי די איבעריקע פֿרויען זענען אַוועק מיט זייערע קינדער צום אָפּרו־הויז פֿון די טייַך־אַרבעטער, וואָס איז איצט געוואָרן די היים פֿאַר די עוואַקויִרטע קינדער, האָט חנה זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט ביילקען און פּערעלען. און אין אַ קורצער צייַט אַרום האָט איינע פֿון די שטיבער אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש. בעת די פֿרויען זענען צוריקגעקומען און האָבן דערזען, וואָס חנה האָט דאָ באַוויזן, האָבן זיי זיך נישט געקענט אָנחידושן. חנה האָט קלאָר געמאַכט וואָס־ווען:

— מיר וועלן זיך איצט דאַרפֿן אויסלערנען טאָן אַזעלכע אַרבעטן, וואָס מיר האָבן קיין מאָל נישט געטאָן. מיר זענען נישט אויף דאַטשע, מיר האָבן געזען, ווער עס אַרבעט אויף די פֿעלדער, ווען מיר זענען געפֿאָרן פֿון מאַר־פּאַסאַד. איך האָב אַוועקגעפֿירט די קינדער און בין גלייַך צוריק־

געקומען. פֿאַרוואָס האָט איר זיך אַזוי געזאַמט? — האָט חנה פֿאַרענדיקט איר שמועס מיט אַ פֿראַגע.

פֿון דעסט וועגן איז אויף מאָרגן חנה אַוועק די ערשטע מיט אירע טעכטער. זי איז געגאַנגען פֿאַרבײַ דער שטאָל און האָט אַהין אַרײַנגעקוקט. די בהמות זענען געווען אין פֿעלד. חנה האָט דאָ דערזען אַזאַ בילד, אַז זי איז ווידער אַוועק צום רעמאָנט־וואַרשטאַט. גענומען דרײַ ווילעס, געקומען צו דער שטאָל און זיך גענומען צו דער אַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום איז די שטאָל געווען נישט צו דערקענען. די קראַקוועס מיטן דאַך האָבן זיך ווי אויפֿגעהויבן, ווײַל דאָס גאַנצע מיסט האָט חנה מיט צוויי דאָרפֿישע ייִנגלעך און מיט אירע טעכטער אויסגעראַמט. בײַ די בהמות האָבן ווידער אָנגעהויבן וואַקסן בעזעמלעך בײַ די ווײַדלעך, די אײַטערס זענען געווען ריין און טרוקן. אַנדריי פּאַכאָמיטש האָט אין איינעם אַ טאָג געזאָגט צו חנהן:

— מאָלאָדיעץ! ביסט אַ בריה, חנה.

— דו ביסט אויך אַ מאָלאָדיעץ, כאָטש דו ביסט נישט קיין ייִדישקע. אָבער די בהמות ווייסן, ווער דו ביסט.

ס'איז חנהן צונוצגעקומען איר פּראַקטיק, ווײַל ס'איז איר נישט שווער געווען קיין שום אַרבעט. אַנדריי פּאַכאָמיטש האָט שוין איצט נישט געפֿרעגט קיין שום פֿראַגעס. ער האָט געפֿאָלגט חנהס אַלע עצות. זי האָט אײַנגע־פֿירט, ווי אין קאָמונע, מע זאָל די בהמות נישט טרײַבן צום באַטאַגיקן געמעלק צוריק אין שטאָל אַרײַן. זי האָט שוין געקענט עטלעכע היגע קאָלווירטניצעס און איז מיט זיי געגאַנגען צו דער טשערעדע בײַ טאָג אין פֿעלד. דער זומער איז געווען אַן אויסערסט גראַטעגער, דאָס גראָז האָט געגרייכט ביז צו די בײַכער פֿון די קי. די דרײַ ייִנגלעך, די פּאַסטעכער, וואָס זענען אַלע אין איינעם אַלט געווען קוים פֿינעף און פֿערציק יאָר, האָבן נישט געוואָלט טרײַבן די בהמות אַן איבעריק מאָל צו דער וואָלגע.

— אַנדריי פּאַכאָמיטש, גיב מילעך די ייִנגלעך, וועלן זיי טרײַבן, — האָט חנה געעצהט דעם פֿאָרזיצער.

און ער האָט זיי געגעבן. כאָטש דאָס איז אָנגעקומען שווער, — ווײַל דאָס דערפֿל איז געשטאַנען אויפֿן הויכן ברעג, ווי בײַ אַן אָפּריס, — פֿון דעסט וועגן האָבן די ייִנגלעך געטריבן די טשערעדע אויך בײַ טאָג צום טײַך.

אין גיכן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער קאָלווירט גיט מעל פֿאַר די

עוואַקוּירטע, ברויט דאַרף מען באַקן אַליין. פֿאַרשטייט זיך, איז חנהן צוגעקומען אַרבעט. די פֿרויען פֿון די קינסטלער האָבן געוואָלט, געקאָנט, ליב געהאַט צו עסן ברויט, אָבער באַקן ?...

אין איינעם אַן אָוונט האָט חנה צונויפֿגערופֿן אַן אַלגעמיינע פֿאַר־זאַמלונג.

— איך קאָן און איך וועל באַקן, אָבער מע דאַרף גיין אין וואַלד נאָך האָלץ.

— וואָס זענען מיר, וואַלדהעקער ? — האָבן געפֿרעגט עטלעכע פֿרויען מיט אַמאָל.

— דאָס איז שוין אַ ייִער זאַך. איך לייג פֿאָר : ברויט וועלן קריגן די, וועלכע וועלן ברענגען האָלץ. די איבעריקע זאָלן נעמען מעל.

דאָס האָט געמאַכט דעם נייטיקן איינדרוק. עטלעכע פֿרויען זענען אויף מאָרגן אַוועק אין וואַלד, און חנה מיט נאָך צוויי פֿרויען זענען אַוועק נאָך מעל.

אַ באַקדייזשע האָט חנה אַנטליען בײַ גלאַפֿירען, וועמען זי האָט שוין גוט געקענט. און אין אַ מעת־לעת אַרום, גאַנץ פֿרי, האָט דער ריח פֿון פֿריש־געבאַקן ברויט אָנגעפֿילט נישט נאָר די שטוב, נאָר אויך דעם דרויסן אַרום. אַלע טאָג האָט חנה געוועקט די פֿרויען, דערבײַ געזאָגט אַ גלײַכווערטל : „ווער עס שלאָפֿט לאַנג, האָט קורצע טעג”. די פֿרויען זענען איצט געגאַנגען יעטן קאַרטאָפֿל, ס׳זענען געווען איינציקע, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צום קיגדערהיים און מער האָט מען זיי אין דימיאַשקינאָ נישט געזען.

איין מאָל אין וואָך איז חנה געגאַנגען צו סענדערקען מיט רייזעלען, און חנהן פֿלעגט רײַסן דאָס האַרץ, קוקנדיק אויף רייזעלען. זי איז געווען אומעטיק. די דערציִערינס האָבן דערציילט, אַז זי שרײַט פֿון שלאָף, עסט שלעכט. מיט חנהן האָט רייזעלע גערעדט נאָר וועגן דער מלחמה. אירע גראָע אויגן זענען ברייט צעעפֿנט, און זי האָט שטיל אַלע מאָל געזאָגט : „מאַמע, דו און אַלע דאַרפֿן גיין אויף מלחמה, מע זאָל אויסהרגע־נען די פֿאַשיסטן ביז איינעם”. רייזעלעס ווערטער פֿלעגן פֿאַלן אין חנהס נשמה ווי הייסע קוילן, ווײַל עס איז דאָך נישט געווען דער טאָג אַז חנה זאָל פֿאַרגעסן וועגן אירע טאַטע־מאַמע. זי האָט זיך אויפֿגעגעסן, וואָס זי האָט זיי מיט גוואַלד נישט אַוועקגעשלעפּט מיט זיך, און זי האָט נישט איין מאָל געטראַכט : „דער גורל האָט אָפּגעשפּילט מיט מיר אַזאַ מין זאַך,

וואָס דאָס איז אומבאַגרײַפֿלעך. ער האָט מיר אויך אַ ווײַלע באַוויזן וועמען איך האָב, כּדי איך זאָל וויסן, וועמען איך האָב אָנגעווווירן״. זי האָט אויך גוט פֿאַרשטאַנען, אַז רייזעלע איז אין אַזאַ צושטאַנד, ווײַל זי איז געפֿאָרן מיט איר קיין ליטע און צוריק.

פֿון נחמיהן פֿלעגט חנה קריגן זעלטענע בריוו. נאָך דעם קורצן בריוול, ווו נחמיה האָט געשריבן: „מײַן איינציקע, מײַן טײַערסטע, אַז דו וועסט קריגן מײַנע קאָרגע ווערטער, וועל איך שוין אין מאָסקווע נישט זײַן. איך גיי אין אָפּאָלטשעניע. איך בין זיכער, אַז דו פֿאַרשטייסט מיך, היט זיך, היט די קינדער, מיר זאָלן קאָנען זײַן גליקלעך נאָך דער מלחמה. אייביק דײַנער. נחמיה״.

חנה האָט גלײַך געענטפֿערט: „מײַן טײַערקייט, מײַן לעבן, מײַן קרוין! איך האָב געוווּסט, אַז אַזוי וועט זײַן, און אַזוי דאַרף זײַן. באַהיט, באַשיצט, באַשירעמט זאָלסטו ווערן פֿון אַלע לויערנדיקע געפֿאַרן. דו ווייסט, אַז איך בין מיט דיר אומעטום, ווו דו ביסט און ווו דו וועסט זײַן. איך וואָלט געטאָן ווי דו, ווען נישט די קינדער. פֿון ביילקען און פערעלען האָב איך נחת. זיי זענען געהאָרכזאַם און העלפֿן מיר, וויפֿל זיי קענען. סענדערקע איז שוין אַ גאַנצער בחור, אין קינדערהיים רופֿט מען אים פּראָפֿעסאָר, ווײַל ער האָט אַ טבע צו פֿאַרלייגן די הענטלעך אויפֿן רוקן און ער פֿאַרשיט די אַרבעטערינס פֿון קינדערהיים מיט אַן אַ שיעור פֿראַ־געס. דער קינדערהיים געפֿינט זיך בײַ דער סאַמע וואָלגע, אין אַ גרויס, שײַן הויז, וואָס איז פֿאַר דער מלחמה געווען אַ סאַנאַטאָריע פֿאַר מאַטראָסן, פֿישער, באַקענשטשיקעס. ווּעסט לאַכן, נאָר אָפֿט זאָג איך ווי דער זיידע: „חדש ימינו כקדם״, וואָס איז דער טײַטש — באַניי מײַנע טעג ווי פֿריער, ווײַל איך אַרבעט אין קו־שטאָל. אַלע טאָג קריג איך דרײַ ליטער מילעך. אַזוי ווי איך גיי מיט די קינדער אויפֿן פֿעלד אַרבעטן, גיט מיר דער קאָל־ווירט ווייצענע און קאָרענע מעל. חוץ דערויף, האָט מען מיך פּרעמירט מיט אַ צווייחדשמידיקן חזירל. עס געפֿינט זיך בײַ מאַרוסיען אין שטעלכל, מיר האָדעווען עס בשותּפֿות. אין גיכן וועט מען אָנהייבן שנײַדן ווייץ. מיר האָבן שוין געפּרוּווט, און מאַרוסיע האָט מיך אויסגעלערנט. דער קרייץ האָט מיר אַזוי ווי געטאָן, אַז איך בין נאָך לאַנג געזעסן אײַנגעבויגן. ווענן מאַרוסיען וועל איך דיר נאָך אָנשרײַבן, זיי געזונט, געקושט. דײַן חנה״.

ערשט אין צוויי וואָכן אַרום האָט חנה ווידער געקראָגן אַ קורץ בריוול

פֿון נחמיהן, און זי איז געווען אויסער זיך. ער האָט געשריבן: „מײַן מאַמע פֿלעגט זאָגן: אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. טײַערינקע מײַנע! איך בין שוין געווען צוגעשריבן צו אַ געוויסער מיליטערישער טייל, איך וואָלט שוין איצט געוויס געווען אויפֿן פֿראָנט, אָבער איך האָב דערפֿילט ווייטיקן אין בויך, מע האָט מיך אָוועקגעלייגט אין שפּיטאָל אויף אויספֿאָרשונג, און די דאָקטוירים האָבן געפֿונען, אַז איך האָב אַ בלוט־שטורץ פֿון אַ געשוויר אין דער צוועלפֿפֿינגערדיקער קישקע. קורץ גערעדט, איך ליג אין שפּיטאָל. איך בעט דיך, דו זאָלסט זײַן רויִק, מע טוט וואָס מע דאַרף. אין שפּיטאָל זענען באַהאַוונטע דאָקטוירים, זיי זאָגן, אַז אין אַ מאָנאַט אַרום וועלן זיי מיך אויסשרײַבן. און וועגן גיין אויפֿן פֿראָנט זאָל איך פֿאַרגעסן. איצט פֿאַרשטיי איך, מײַן טײַערינקע, פֿאַרוואָס עס האָט מיר אָפֿט וויי געטאָן דער בויך, און עס פֿאַרדריסט מיך, וואָס איך האָב דאָס פֿון דיר אויסבאַהאַלטן. זיי רויִק, היט די קינדער. דײַן נחמיה".

„טײַערער, טײַערער! דײַן בריוו האָט מיך צעטומלט. אויב עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, זאָלסטו האָבן געדולד, און וויפֿל די דאָקטוירים הייסן דיר, אַזוי פֿיל זאָסטו ליגן אין שפּיטאָל. איך האָף, אַז דו וועסט זײַן געדולדיק. איך וואַרט אויף דײַנעם אַ מער היימלעכן בריוו, און איך שרײַב דיר וועגן מײַנע נײַע באַקאַנטע, דער עיקר וועגן מאַרוסיען, כאָטש איך ווייס נישט, צי דו האָסט איצטער געמיט פֿאַר דעם. שרײַב איך דיר און איך האָף, אַז ס׳וועט דיר זײַן צום האַרצן. הער זשע, וואָס איך זאָג דיר. דו ווייסט שוין אַז איך געפֿין זיך אין דימיאַשקינאָ, און דימיאַשקינאָ איז דער טײַטש: עס רייכערט זיך... אָבער דאָס דערפֿל שטייט זייער היימלעך אויף אַ הויכן באַרג, אַראָפּלויפֿנדיק צו דער וואָלגע מיט אַ סך סטעזשקעס. די וואָלגע איז דאָ נישט זייער ברייט, נישט טיף. איך גיי און גיי, און דאָס וואַסער גרייכט נאָר ביז די קני. פֿון אַנטקעגנדיקן ברעג טונקלען זיך זאַפּטיק און גרין די קאָקשייער וועלדער. זיי זעען מיר אויס אַזוי נאָענט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אין דאָרף זענען נאָר ווײַבער און קינדער. בעת איך גיי מיט זיי צו דער אַרבעט, זאָגט גלאַפֿירע: „באַ־באַנקי, די טרערן אין קעשענע, די צרות אין אַרבל, די הענט צו דער אַרבעט. אַ כאָליערע זאָל נעמען דעם פֿאַשיסט". אָבער סײַ ווי וויינען בישט די „באַבאַנקי". עס לאָזט זיך נאָר הערן אַ שווער זיפֿצן און זייערע באָר־וועסע פֿיס זינקען אין טיפֿן שטויב פֿון וועג. מיט אַ פּאָר טעג צוריק זענען מיר געקומען צום קאַרטאָפֿל־פֿעלד, רײַסט מאַרפֿאַ וואַראַביאָווא, וועלכע

איז געבליבן מיט פינעף קינדער, דאָס קריכנדיקע פּלעכט־גראָז און קרעכצט, ווי אַ חולה. פּלוצעם ברעכט זי אויס אין אַ געוויין, פֿאַרברעכט די הענט: „אומגליקלעך זענען אונדזערע כאַטעס, ביטערע יתומים מײַנע קינדער, כ'האָב נעכטן געוואַשן גרעט, צוגעגאָסן וואַסער פֿון די אויגן. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געוועש אָן מאַנצבילש גרעט, באַבאַנקי? ווו האָט מײַנער אַוועקגעלייגט די ביינער!״

— מײַנער, דײַנער, אונדזערער, שווײַג! ס'קלעקט „אָן דיר״, — האָט אָנגעשריען מאַרוסיע, און פֿון אירע אויגן האָבן זיך גיך, גיך געקײַקלט טרערן אויף דער בולבע־בליִונג.

מיר האָבן קוים באַוויזן אויסצויעטן און אָרומהויפּן די קאַרטאָפּל, ווי מיר האָבן געגומען שנײַדן ווייץ, ווײַל די זאַנגען האָבן זיך געבויגן, די טעג זענען הייסע, און בעת ס'איז ווינטיק, פֿאַלן די צײַטיקע קערנער אויף דר'ערד. כ'האָב קיין מאָל נישט געזען אַזויפֿיל פֿייגל, ווי די פֿייגל־מחנות, וואָס טראָגן זיך איבער די ווייץ־פֿעלדער. די פֿייגל פּיקן זיך אַזוי אָן, זיי קאָנען זיך אַזש נישט אויפֿהייבן הויך. פֿליִען זיי נידעריק־נידעריק. די יינגעלעך שנעלן זיי פֿון ראַגאַטקעס און טראָגן דערנאָך גאַנצע בינטלעך אויף צו פּרעגלען. אין די פּרימאַרגנס שטייען מיר בײַ דער קאָנטאָר. גלאַפּירע, מאַרפֿע, מאַרוסיע, אויפּימיע זענען זייער ענלעך אויף די פּרעס־קעס, וואָס איך האָב מיט דיר געזען אין אַ קלויסטער הינטער מאָסקווע. דער פֿאַרזיצער פֿון קאָלווירט קוקט אויף אונדז אַלעמען מיט איין אויג און שווײַגט. דערנאָך פֿרעגט ער: „אַלץ איז קלאָר?״ „קלאָר, קלאָר״ — ענטפֿערן מיר, און מיר גייען אַוועק צו די ווייץ־פֿעלדער.

איך גיי מיט מאַרוסיען, זי איז אין די הויכע חדשים. איר פּנים איז אָפּגעברענט פֿון דער זון, און אירע אויגן קוקן פֿון אונטער דער ווײַסער פֿאַטשיילקע מיט אַ פֿײַנלעך געבעט. אירע הענט זענען אויך אָפּגעברענט ברוין. זיי זענען רונד און הוידען זיך גרינג פֿון שווערער האַרוואַניע. אַלע ווײַבער, וואָס גייען דאָ מיט מיר און טראָגן סערפּן אין די הענט, זעען אויס לויכטנדיק פֿון זייערע צרות און פֿון זייער נישט־אויסגעשעפּטער ווײַבלעכקייט. דערנאָך גייען מיר אַלע געבויגענע איבערן פֿעלד. איך קוק, ווי גלאַפּירע טוט אַ כאַפּ אַ זשמעניע זאַנגען, גיט אַ שניט מיטן סערפּ: „דזשיג, און פֿאַרטיק״. איך טו פּונקט ווי זי, אָבער בײַ מיר רײַסן זיך אַרויס די זאַנגען מיט די וואָרצלען. גלאַפּירע לאַכט פֿון מיר. מאַרוסיע טוט צו איר אַ געשריי: „גלאַפּירקע, הירזשע נישט. כ'האָק דיר אויס די ציין מיטן

סערפ״. זי גייט צו צו מיר, נעמט מיַין האַנט מיטן סערפּ אין איר האַנט און גייט מיר נאָך אַ היפּשע צײַט. ווּעסט גלייבן נחמיהלע, זי האָט מיך אויסגעלערנט! פֿאַר נאַכט שטעל איך אויס די סנאָפּעס, וואָס איך האָב אַליין געשניטן, צונויפֿגעבונדן, זיי זעען מיר אויס ווי גרויסע געפֿלאָכטענע קיטקעס אויף דער סטערניע... דו ווייסט, נחמיהלע, איך וווּנדער זיך, אַז אין אַזאַ שוידערלעכער צײַט קען איך זיך פֿרייען, וואָס איך בינד די גאַרבן, און נאָך מער פֿריי איך זיך, וואָס ביילקע מיט פּערעלען האָבן זיך שוין אויך אויסגעלערנט שנײַדן און בינדן. זאַלבעדריט שטעלן מיר ביז צוויי הונדערט גאַרבן אַ טאָג. פֿאַר נאַכט טראָגן מיר דאָס צו דער פֿור. אין גאַנצן זענען דאָ פֿינעף פֿערד אין קאָלווירט. די שקאַפּע פֿון די פֿיר, צו וועלכער איך טראָג די גאַרבן, שטייט ווי פֿאַרשעמט. דער אָנטרײַבער, אַ יינגל פֿון דרײַצן יאָר, שטייט אויבן, אויף דער פֿור, ער קוליעט זיך שיער נישט איבער, בעת ער הייבט אויף אַ גאָרב. די שקאַפּע הירזשעט שטיל, מאַרוסיע וואַרפֿט אויך אַ סנאָפּ אויף דער פֿור, גלעט מיט איר האַנט דאָס לאָשעקל, וואָס נורעט זיך אין דער מאַמען. ווען דאָס לאָשעקל טאַנצט אַוועק, גיט די שקאַפּע אַ שטרעק אויס דעם האַלדז, דער כאָמעט גליטשט זיך אַראָפּ אַזש איבער אירע אויערן, קאָן זי נישט זען, ווי דאָס לאָשעקל איז אַוועק. אירע נאָזעלכער ציטערן, איר אייבערשטע ליפּ פֿאַרקאַשערט זיך, זי הירזשעט אומעטיק־שטיל. מאַרוסיע זאָגט צום יינגל: „ליאָנקע, אומגליק מײַנער, מאַך צורעכט דעם כאָמעט. האָסט אויגן, זעסטו דאָך, אַז ס׳מעשײַעט איר״ ליאָנקע הייבט זיך אויף אויף די שפּיץ פֿינגער, פֿאַר־ריכט דעם כאָמעט, טוט אַ גלעט דער שקאַפּע איבערן האַלדז. מאַרוסיע קוקט, ווי ער טוט עס, פֿון אירע אויגן נעמען זיך פּלוצעם קײַקלען גרויסע שווערע טרערן. זיי שווענקען אַראָפּ דעם שטויב פֿון אירע באַקן און לאָזן איבער פֿײַכטע, בלייכע פּאַסיקלעך.

די פֿור איז שוין אָנגעלאָדן, די שקאַפּע שלעפּט דעם סקריפּנדיקן וואָגן, די זון איז פֿאַרגאַנגען, און ס׳איז קיל געוואָרן. איבערן געצאָקטן, טונקעלן וואַלד־קאַם שפּרייט זיך אַ ברייטע פֿלאַמיקייט. איך גיי מיט מאַרוסיען באַרג־אַראָפּ צו דער וואָלגע, זי גייט פֿאָרויס, שטעלט די באָרוועסע פֿיס צוריקגעהאַלטן, אָבער איר גוף איז פֿאָרויס געווענדט, אירע הענט הוידען זיך, ווי רונד־געטאָקטע רודערן אין דער פֿאַרנאַכטיקער לופֿט. מיר דוכט זיך, אַז זיי קערעווען, פֿירן, ווענדן מאַרוסיען, ווי אַ שיפֿל מיט אַן אומגע־זעענער, פֿאַרבאָרגענער מאַסע.

מאַרוסיע זעצט זיך בײַם סאַמע טײַך, זי טוט זיך אויס, הייבט אויף אירע הענט, לייגט אויס די גראָבע, העלע צעפּ אַרום קאָפּ, איר האַלדז איז ברוין פֿון דער זון, ווי אירע הענט. אויף איר לײַב האָט די זון קיין שליטה נישט. איר לײַב איז ווײַס־געל, ווי אויפֿגעשלאָגענע שמאַנט... דאָס, וואָס וועט אין גיכן דערנערן איר פּיצל, זעט אויס ווי צוויי לאָגעלעך חיות. די נאָפּלען האָט אַרומגעקרײַזט אַ טונקעלע קרוין, ווי זי וואָלט באַהאַלטן די ריזלדיקע זאַפֿטן. די לאָגעלעך זענען שוין גרייט, שווער, ווײַבלעך, אומ־שולדיק. הייליק איז מאַרוסיעס גאַנץ געשטאַלט. זי פֿאַרשטעלט מיטביידע הענט די לאָגעלעך, לויפֿט אַרײַן אין טײַך, טוט זיך אַ שטרעק אויס, אַרום איר פֿליִען ליכטיקע שפּריץ־שטראַלן. אוי, נחמיהלע, ווען דו זעסט עס, וואָלסטו אָנגעמאָלט אַ פּרעכטיק בילד.

בײַם טײַך איז געווען אַזוי קיל, אַז איך בין אַ האָר נישט מיד געווען. איך האָב געקוקט, ווי מאַרוסיעס הענט פֿאָכען איבערן וואַסער, און געטראַכט האָב איך וועגן מײַן מאַמען און וועגן נאָך מאַמעס און טעכטער, וואָס זענען באַקעטע און בלענדנדיקע געטריבן געוואָרן צום אומקום. און ווי איך טראַכט אַזוי, הער איך ווי מאַרוסיע רופֿט מיך: „וואָס זיצסטו? קום זיך באָדן!” אָבער איך קאָן זיך נישט אויפֿהייבן. לויפֿט זי אַרויס פֿון טײַך, גײַט צו צו מיר און פֿרעגט: „דו וויינסט? דו האָסט ערגעץ אַ מאַמע, חברטעס. כּײַ וואָלטן זיי געקומען אַהער, ברויט און אָרט וועט קלעקן פֿאַר אַלעמען”. איך ענטפֿער גאָרנישט. מאַרוסיע גייט שוין מער נישט אין טײַך. זי זעצט זיך לעבן מיר און צעזינגט זיך פּלוצעם, ווי אַ פֿאַרצײַטיקע קלאָגערן: „וואָס פֿאַר אַ ליבע כ׳האָב געהאַט. ער האָט קיין מאָל נישט געטרונקען, נישט גערייכערט. פֿאַר אַ יאָרן אין דער צײַט האָבן מיר חתונה געהאַט. וויפֿל מאָל האָט ער מיך אויף זײַנע הענט צום טײַך געטראָגן. ליגנדיק אויף זײַן רעכטן אַקסל, בין איך מיט אים באַנאַנד געשווומען, און אַז מיר פֿלעגן פֿון טײַך אַרויסגיין, פֿלעגט ער צו מיר זאָגן: „דײַן הויט סקריפּעט, ווי דאָס זאַמד פֿון וואָלגע־דנאָ. פֿאַרפֿאַלן איז מײַן יונגער קאָפּ, פֿאַריתומט בין איך געוואָרן”.

מיר ווילט זיך אויך שרײַען. אָבער דאָס קול דינט מיר נישט. איך זע מאַמעס, טעכטער, קליינע קינדער, אַרומגערינגלטע מיט קוילנוואַרפֿערס, און פּלוצעם זע איך מאַרוסיען, זי וועט באַלד אַ מאַמע ווערן. אוי, נחמיהלע, זאָל זי קיין מאָל נישט געפּרווט ווערן מיט דער מאָס פֿון אונדזערע מאַ־מעס, וואָס זענען מיט זייערע קינדער געשאָכטן געוואָרן. האָב אויף מיר

קיין פֿאַריבל נישט פֿאַר דעם לאַנגן בריוו. זײַ געזונט און שרײַב גלײַך. דײַן חנה״.

אויף מאָרגן איז חנה נאָכן געמעלק אַוועק אין מאַר־פֿאַסאַד. געקומען אַהין, איז זי די ערשטע זאַך אַוועק צום טײַך־וואָקזאַל. זי האָט אויסגע־הערט דורך ראַדיאָ די אינדערפֿרײַיקע טרויעריקע נײַס, אַז „אונדזערע מיליטער־טיילן טרעטן אָפּ אויף מיזרח, און אַז דער שׂונא האָט גרויסע פֿאַרלוסטן אין לעבעדיקע קרעפֿטן און טעכניק״. דערנאָך האָט זי אַראָפּ־געלאָזט אין קעסטל דעם בריוו צו נחמיהן און איז ווידער אַרײַנגעגאַנגען אין טײַך־וואָקזאַל. בײַ דער סאַמע טיר, אויף דער פּאָדלעגע, איז געלעגן אַ פֿרוי און געשלאָפֿן. חנה האָט זיך צוגעקוקט, ווו צו שטעלן די פֿיס, ווײַל דאָ זענען געלעגן אַן אַ שיעור מענטשן. איר בליק איז געפֿאַלן אויף דער פֿרויס פּנים. זי האָט זיך צוגעקוקט און נישט מיט איר קול אויסגעשריגן: „חיהלע!״ די פֿרוי האָט געעפֿנט די אויגן, צעטומלט געקוקט אויף חנהן, ענדלעך, באַנומען, ווען זי זעט, אויסגעפּראַלט אַ געוויין, חנה אויך מיט איר אין איינעם. אַלע מענטשן האָבן זיך אַ הייב געטאָן פֿון די ערטער. ווען זיי האָבן זיך אַ ביסעלע באַרויִקט, האָט חנה געזאָגט:

— חיהלע, נעם דײַנע זאַכן און קום מיט מיר.

— וואָס דו זעסט אויף מיר, דאָס האָב איך, — האָט חיהלע געענט־פֿערט.

גייענדיק קיין דימיאַשקינאָ, האָט חיהלע דערציילט:

שימקע איז אַוועק פֿרײַוויליק, גלײַך ווי די מלחמה האָט זיך אָנגע־הויבן. קיין קינדער האָב איך נישט. געדענקסט בליומקעלען? זי איז געשטאָרבן פֿון דיפֿטעריט. מײַן ייִנגעלע האָט געלעבט נאָר אַ חודש. דאָס איז געווען האַרט פֿאַר דער מלחמה. דערפֿאַר טאָקע איז שימקע אַזוי גיך אַוועק אין פֿײַער.

חיהלע איז לאַנגע וואָכן געווען דערשלאָגן, אַפּאַטיש און ביז גאָר פֿאַרצווייפֿלט.

חנה איז אויך געווען גענוג פֿאַרלאָרן און פֿאַרצאָרנט. אָבער איר אַרבעט, איר טעטיקע נאַטור, די אַלגעמיינע צרות, וועלכע האָבן פֿאַר־פֿלייצט מיליאָנען, האָבן זי געצוווּנגען זיך צו באַהערשן. חיהלען האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן, זי איז אײַנגעזונקען געוואָרן אין אייגענעם אומגליק. אויב חנה האָט זי מיטגענומען צו דער אַרבעט, פֿלעגט זי מערער זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ענדלעך האָט חנה געפֿונען אַ מיטל.

אין די אָוונטן איז זי געזעסן מיט חיהלען און האָט איר געהאָלפֿן שרײַבן בריוו אין אַ סך קריגס־קאָמיסאַריאַטן פֿון פֿאַרשידענע שטעט. און אין אַ קורצער צײַט אַרום איז טאַקע אָנגעקומען אַ בריוו פֿון שימקען, אַז ער געפֿינט זיך אין אַ שפּיטאָל אין טאָמסק. און אין עטלעכע טעג אַרום האָט חנה באַגלייט חיהלען אין וועג אַרײַן. ווען די שיף, ווו חיהלע איז געפֿאָרן, איז אַוועק קיין קאַזאַן, איז חנה אַרײַן אין מאַר־פֿאָסאַד אויף דער פּאָטשט, צו איר גרויסער פֿרייד האָט זי געקראָגן אַ בריוו פֿון נחמיהן.

„מײַן איינציקע, מײַן טײַערע, חנוכּל! כאָטש ס'איז זייער אומבאַקוועם איצט זיך צו פֿרייען, האָט מיך דײַן בריוו דערפֿרייט. דו דאַרפֿסט עס פֿאַרגעסן, אָבער איך מוז דיר זאָגן, אַז איך שטאָלציר מיט דיר. צײַט איך האָב זיך אויסגעשריבן פֿון שפּיטאָל, האָב איך פֿאַרגעסן, אַז איך האָב אַ „צוועלפֿפֿינגערדיקע". איך האָף, דו וועסט מיר מוחל זײַן וואָס איך האָב אַוועקגעשיקט דײַן באַשרײַבונג וועגן דימיאַשקינאַ קיין קוּיבּישעוו אין יידישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. איך האָב שוין אַן ענטפֿער פֿון לייב קוויטקאָ, אַז ער האָט עס אָנגערופֿן „אונדזערע מאַמעס" און ער האָט עס אַוועקגעשיקט אין סאָוואינפֿאָרמביוראָ.

מאָסקווע איז אין די נעכט פֿינצטער, די שטיבער זענען נישט באַ־הייצט, כאָטש עס איז זייער אַ קאַלטער האַרבסט, איך האָף, איך מיין און איך וויל, אַז אַזוי זאָל זײַן: ווינטער זאָלן מיר שוין זײַן אין איינעם. איך בין זיכער, אַז די פֿאַשיסטן וועלן הינטער מאָסקווע כאַפּן דעם אמתן באַגראָב!

דו שרײַבסט קיין וואָרט נישט וועגן די קינדער. איך בין אומרויִק וועגן רייזעלען. נאָך דער פֿריילעכער רייזע קיין ליטע און צוריק איז זי זייער טראַוּמירט. גיב אַכטונג אויף אונדזערע טעכטער, באַזונדערס אויף רייזעלען. איך קוש דיך טויזנטער מאָל, מײַן איינציקע, מײַן פּויערטע, מײַן שרײַבערין.

פֿאַרגיב מיר, וואָס כ'האָב אַמאָל געפּרוּווט אונטערהאַקן דײַנע פֿליגל. מיט געטרײַער, אייביקער ליבע. דײַן נחמיה".

חנה האָט זייער געוואָלט שרײַבן נחמיהן וועגן רייזעלען. אָבער זי האָט עס נישט געטאָן, ווײַל דאָס איז געווען צו שווידערלעך. ווי נאָר חנה פֿלעגט קומען צו די קינדער, און רייזעלע פֿלעגט זי דערזען, פֿלעגט זי איר אַנטקעגן לויפֿן און שרײַען: „וואָס ביסטו געקומען צו מיר? גיי אויף מלחמה, אַלע דאַרפֿן גיין אויף מלחמה. עס זאָל קיין איין פֿאַשיסט נישט

בלײַבן! דו געדענקסט, ווי מיר זענען געפֿאָרן פֿון דער באָבען? וויפֿל מענטשן האָבן דעמלט די פֿאַשיסטן געהרגעט!" די דאָקטאָרשע פֿון קינדערהיים האָט חנהן נישט געטרייסט. זי האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף רייזעלען אײַנאָרדענען אין אַ שפּיטאָל פֿאַר גייסטיק־קראַנקע. אָבער ווי איז עס איצטער מעגלעך געווען צו טאָן? חוץ דעם האָט חנה נישט פֿאַרשטאַנען, ווי געפֿערלעך קראַנק איר קינד איז. אין אײנעם אַן אָוונט האָט חנה געשריבן נחמיהן:

„מײַן איינציקער, מײַן געטרײַער! איך אַנטשולדיק דיך וואָס דו האָסט אָפּגעשיקט „אונדזערע מאַמעס" קיין קויבישעוו. איך האָב נישט געצווייפֿלט, אַז דאָס קאָן מען דרוקן, ווײַל איך האָב זיך געסטאַרעט אָנצומאָלן און אויסצודריקן דעם גרויסן ווייטיק.

איך האָב פֿאַר דיר אַ סורפּריזנע נײַס. מיט מיר איז דאָ געווען חיהלע פֿון קאָמונע. ווי איך האָב זי געפֿונען, וועל איך דיר דערציילן אין בעסערע צײַטן. כ׳קאָן דיר נאָר זאָגן, אַז פֿון דער אַמאָליקער חיהלע איז געבליבן אַ שאָטן. ביידע קינדער האָט זי פֿאַרלאָרן... נאָר איר האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן שימקען, און מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז זי אָוועקגעפֿאָרן צו אים קיין טאָמסק.

דו דאַרפֿסט זיך נישט אַנטשולדיקן, וואָס די האָסט געפּרוווט זיך „צורירן צו מײַנע פֿליגל". שוין זשע האָסטו נישט פֿאַרשטאַנען און נישט געפֿילט, אַז דאָס וועט זײַן אַן אומזיסטע טירחה, ווײַל עס זענען דאָ אַזוינע פֿײַפֿלען, וועלכע עס וועט נישט פֿאַרשטאָפּן קיינער...

רייזעלע איז קראַנק. אין קומענדיקן בריוו וועל איך דיר אָנשרײַבן גענויער. אונדזערע צרות, אונדזער צעשיידונג קאָן מען כּפֿלען אויף מיליאָנען. איך טראַכט זייער אָפֿט, ווען נישט די מלחמה וואָלט איך נישט געוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אַ דימיאַשקינאָ, אַז אין דימיאַשקינאָ געפֿינט זיך אַזאַ שײַנדל, ווי מאַרוסיע. הער זיך אײַן, ווי זי איז געלעגן געוואָרן. איך בין אין שטאָל, פּלוצעם לויפֿט אַרײַן גלאַפֿירע, אַ פֿאַרפֿלאָמטע און שרײַט אויס: „חנה דאַווידאָוונאַ, מאַרוסקע קלײַבט זיך אָפּקעלבן! קום מיט מיר, ביסטראָ!" איך לויף אַוועק אַהין, ווו איך ווײן, כאַפּ צוויי לײַלעכער, זייף און היידאַ צו מאַרוסיען. איך גיי אַרײַן — נישטאָ! איך לויף אַרויס אין דרויסן, דרעזע, אַז פֿון בעדל־קוימען גייט אַ רויך (אַלע האָבן דאָ קליינע בעדלעך. און דער רויך גייט טאַקע אינעווייניק). אָבער מאַרוסיעס מאַן איז געווען אַ מבין אויף קאָמפֿאָרט, האָט ער

אַרויסגעפּירט דעם קוימען, דער רויך זאָל גיין צום הימל. וואָס מיינסטו? כ׳האָב געטראָפֿן. מאַרוסיע איז געלעגן אויף דער באָד־באַנק, זי האָט געשריִען, אַז דאָס בעדל איז שיִער נישט צעשפּרונגען געוואָרן. אופּימיע, די היגע אַקושערין, דרייט זיך אַרום, גיסט הייס וואַסער אין די הילצערנע שעפּלעך, שאָקלט צו מיר מיטן קאָפּ און טוט אַ זאָג: „עס זעט זיך שוין. אַ גרויסער כלאָפּ. דער קאָפּ איז ווי קירבעסל... אופּימיע, נעם שפּרייט אונטער אַ ליילעך!" מאַרוסיע האָט דערהערט „אַ ליילעך" איז זי שטיל געוואָרן, האָט אויסגעקערעוועט צו מיר דעם קאָפּ. אירע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט, און זי האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: „מע דאַרף נישט, דער־באַך!..." בײַם עיקר בין איך נישט בײַ־געווען, כאָטש כ׳האָב זייער געוואָלט זען, ווי אַ מענטש ווערט געבאָרן. אויף מאָרגן פֿאַרנאַכט נים איך ווידער די ליילעכער, גיי געוואָרע ווערן די קימפּעטאָרן. איך גיי אַרײַן, — מאַרוסיע זיצט, קייט ברויט מיט ציבעלע. „וואָס טוסטו? — שרײַ איך, — לייג זיך גיכער אין בעט!" הייבט זי זיך אויף פֿון באַנק און מאַכט צו מיר: „איך בין דאָך נישט אין באָלניצע, וואָס דאַרף איך ליגן?" פּירט מיך צו צום בעט, איך זאָל אָנקוקן איר בכור. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, נחמיהלע, אויף אַ קישן, אַרומגעשנורט אין אַ וויקלשנור, ליגט דאָס קוקעלע. ס׳פּנימל רונד, ראָז, פֿול, אַ מחיה צו קוקן. אָבער לאַנג האָט מאַרוסיע מיך נישט געלאָזט קוועלן, ווײַל אויף אַ נײַ־געבאָרענעם, זאָגט מאַרוסיע, טאָר מען לאַנג נישט קוקן. ווי איך האָב געבראַכט די ליילעכער, אַזוי האָב איך זיי צוריקגעטראָגן, וואָרעם אופּימיע, די אַקושערין פֿונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט געוואָרנט מאַרוסיען, אַז פֿאַבריטשנע ליילעכער זענען זייער שעדלעך פֿאַר אַ קימפּעטאָרן. מאַרוסיע האָט עס מיר איבערגעגעבן און באַטײַטנדיק־ערנסט געזאָגט: „אַנאַ דאַווידאָוונאַ, דאָס איז טאַקע זייער שעדלעך, פֿרעג ווען דו ווילסט". קורץ גערעדט, אין דרײַ טעג אַרום איז מאַרוסיע מיט אַלע ווײַבער אין איינעם געווען בײַ דער אַרבעט. מיר האָבן געדרעשט אַרבעס. אַרבעס, דאַרפֿסטו וויסן, שנײַדט מען נישט, מע רײַסט אים מיט די וואָרצלען. איבערן דרעש־טאָג האָט זיך געהוידעט אַ געדיכטע שוואַרצע כמאַרע. אַלע האָבן אויסגעזען, ווי די רוחות. אופּימיע האָט געבראַכט מאַרוסיעס בכור. די מאַמע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ הורבע אויסגעדרעשטע אַרבעס, דאָס קינד האָט זיך גוט אָנגעזויגן, אָבער דאָס פּנימל איז בײַ אים געוואָרן שוואַרץ פֿון שטויב, און ווען איך האָב זיך פֿאַרוונדערט, האָט אופּימיע מיך געטרייסט: „קיין בייז נישט,

ס׳וועט זײַן אַ געזונטער קאָלווירטניק״, אָט אַזוי, ווי איך זאָג דיר, מײַן טײַערער. עס בלײַבט מיר איבער דיר צו ווינטשן, זאָלסט זײַן געזונט, זאָלסט מיר אין גיכן אָנשרײַבן, די פּאָשיסטן זאָלן נישט דערלעבן אָוועקצוגיין נאָר זאָלן בלײַבן ליגן בײַ מאָסקווע, און עס זאָל נעמען אַ סוף צו דער בלוטיקער מלחמה. דײַן חנה״.

אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, נאָכן געמעלק, חנה רייניקט דאָס מיסט, יאָווטע זיך פּלוצעם אַנדריי פּאַכאָמיטש אין שטאַל און טוט הויך באַפֿעלן:

— אַנאַ דאַווידאָוונאַ, וואַרף אַוועק דיווילע. זע, וואָס איך האָב פֿאַר דיר געבראַכט!

חנה האָט אויסגעקרעוועט דעם קאָפּ און דערזען אויף אַ בייגעוודיק צווײַגל אָנגעררייעט עטלעכע היפּשע לעשטשעס. און זי האָט ווידער געראַמט דאָס מיסט ווי פֿריִער.

— האָסט נישט געהערט, וואָס כ׳האָב געזאָגט? וואַרף די ווילע! מיר וועלן זיך אַריבערשיפֿן צום קאָקשײַער וואַלד, איך וועל אויסקאָכן אוכאַ, איך האָב ציבעלעס און לאָרבער־בלעטער. וואָס קוקסטו אויף מיר ווי אַ קאַלב? ביסט דאָך נישט קיין נאַרישע באָבע!

— אַנדריי פּאַכאָמיטש, איר זענט גערעכט, איך וויל, אַז איר זאָלט אויך זײַן קליגער, און די פֿיש, וואָס איר האָט געבראַכט פֿאַר מיר, זאָלט איר אָוועקטראָגן פֿאַר אײַער אייגן ווײַב...

אַנדריי פּאַכאָמיטש איז אַרויס פֿון שטאַל, ווי אַ ווינט. חנה איז פֿון דערויף געווען זייער צעטראָגן. אָבער דער פֿאַרזיצער האָט אויף מאָרגן זי באַגעגנט ווי קיין מאָל גאָרנישט. און מער האָט זיך עס קיין מאָל נישט איבערגעחזרט.

דער טיפֿער האַרבסט האָט זיך צוגערוקט מיט בייזע ווינטן, מיט אײַנדערפֿרײִקע פֿרעסטלעך. די פֿרויען פֿון די קינסטלער זענען אָוועק ווער ווו, אין דימיאַשקינאַ זענען געבליבן חנה מיט ביילקען און פּערעלען. די שטוב, ווו זיי האָבן זיך געפֿונען, איז געווען ווי אַ רעשעטע. די ווענט, די פֿענצטער, די טירן זענען געווען צעטריקנט, און דער ווינט האָט אַרומגעפּײַפֿט איבער דער שטוב, ווי אין דרויסן. אַנומלטן האָט גלאַפֿירע געזאָגט צו חנהן:

— אַנאַ דאַווידאָוונאַ, וועסט מיט דײַנע טעכטער פֿאַרפֿראָרן ווערן.

קלייב זיך איבער צו מיר. אין צווייען וועט אונדז זײַן גרינגער צו ברענגען האַלץ.

בײַ גלאַפּירען איז טאַקע געווען וואַרעם און געמיטלעך. ברויט האָט חנה מיט גלאַפּירען געבאַקן פֿון איין באַקדייזשע. אין שטאַל איז איצט געווען ווינציק אַרבעט. אין די אָוונטן בײַ אַ קליין לעמפּעלע האָט חנה לאַנגע שעהען געשריבן. אַנומלטן האָט גלאַפּירע צו איר געזאָגט:

אַנאַ דאַווידאָוונאַ, דו שרײַבסט און שרײַבסט, בלענדסט די אויגן בײַ דער קאַפּטילקע. הער בעסער, וואָס איך וועל דיר זאָגן, אופּימיען קאָנסטו דאָך. איר זון געפֿינט זיך אין קויבישעוו אין אַ שפּיטאָל, מע האָט אים אָראָפּגענומען אַ פֿוס. אופּימיע איז צו אים געפֿאָרן, זי איז דאָך אַ מאַמע, האָט איר דער זון דערציילט, אַז ווו די פֿאַשיסטן זענען געווען, איז קיין איינער פֿון אײַערע נישט געבליבן.

חנה האָט געשוויגן, אָבער זי האָט באַשלאָסן, ווי נאָר עס וועט זײַן די קלענסטע מעגלעכקייט, וועט זי אַוועקפֿאָרן קיין מאָסקווע. אויף מאָרגן איז זי געגאַנגען אין קינדערהיים.

רייזעלע איז געזעסן בײַ דער וואַנט אויפֿן דיל, אירע אויגן זענען געווען צוגעמאַכט, די ליפּן האָבן זיך באַוועגט. בעת חנה האָט זי אַ רוף געטאָן, איז זי צוגעלאָפֿן צו איר און אַ געשריי געטאָן:

— גיי אויף מלחמה, וויפֿל מאָל דאַרף איך דיר זאָגן, זאָלסט גיין אויף מלחמה. מיינסט, איך ווייס נישט, דער טאַטע גייט אויך נישט אויף מלחמה, איך וויל נישט, זאָלסט קומען צו מיר, איך האָב דיך פֿײַנט!

חנה האָט גערופֿן די דאָקטערשע, מע האָט קוים מיט צרות אײַנגענומען רייזעלען. אויף מאָרגן איז חנה געגאַנגען אין מאַר־פֿאַסאַד, און זי האָט געגעבן נחמיהן אַ דעפּעש, ער זאָל אַרויסשיקן אַ פֿאָדערונג פֿאַר איר מיט די קינדער.

נישט קוקנדיק אויף רייזעלעס קראַנקהייט און אפֿשר טאַקע צוליב דעם, האָט אין איינעם אַן אָוונט חנה שטיל געזאָגט:

— נחמיהלע, איך מוז דיר זאָגן, אַז רייזעלעס קראַנקהייט וואָלט איך אויסגעמיידט, ווען איך וואָלט נישט געקומען אַהער. פֿאַרשטייט זיך, אַז עלקינד האָט מיך פֿאַר די האָר נישט געשלעפּט, נאָר איך האָב אים געגלייבט, ווען ער האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז אין רוסלאַנד זענען אַלע ווי ברידער און שוועסטער. איצטער, ווען איך ווייס ווי מײַנע חברים פֿון

„גדוד״ זענען געגאַנגען אין עטאַפּ און טאָגער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן שניי אין שוידערלעכן פֿראָסט, און עס האָט נישט געהאָלפֿן וואָס די חברה האָבן אים געשלאָגן, געשלעפּט פֿאַר די הענט און די פֿיס איבערן שניי. ער האָט קוים רעדנדיק זיך געבעטן בײַ זיי: „איר קאָנט מיך אַפֿילו אַוועקהרגענען, אָבער גיין מער קאָן איך נישט. דעקט מיך צו מיטן וואַטניק, פֿאַרשיט מיך מיט שניי און גייט ווו די „גערעכטיקייט״ פֿירט אײַך. ס׳איז דאָך קלאָר, אַז רייזעלע וועט נישט געזונט ווערן. איז דאָס אויך אויף עלקינדס געוויסן...

— טרייסט מײַנע, עלקינד איז נישט שולדיק ער האָט עס נישט געמיינט און נישט געוואָלט. ס׳איז אַ גרויס רחמנות אויף אים, חנהלע.

— דו ביסט גערעכט. ער איז נאָר שולדיק אין דעם, וואָס ער האָט געהאָפּט אומאַנטוויקלט און בלינד, ווי די אַלע אָרעמע גדודניקעס, וואָס האָבן אים געפֿאָלגט.

סוף ווינטער 1941 איז חנה מיט די קינדער געווען אין מאָסקווע. רייזעלען האָט מען אײַנגעאָרדנט אין אַ שפּיטאָל פֿאַר פּסיכיש קראַנקע. חנהן האָט זי צו זיך נישט צוגעלאָזט. דער דאָקטער פֿון דער אָפּטיילונג, ווו רייזעלע איז געלעגן, האָט געזאָגט: כּדאַי צו מאַכן אינסולין־איינשפּריצונגען. צום באַדויערן, האָט עס רייזעלען נישט געהאָלפֿן. ס׳איז איר געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. זי האָט אין גאַנצן אויפֿגעהערט עסן. מע האָט זי דערנערט קינסטלעך און סוף 1942 איז רייזעלע געשטאָרבן.

חנה האָט זיך אײַנגעבראָכן. נחמיה איז איר נאָכגעגאַנגען פֿוסטריט. געטאָן אַלע שטוביקע אַרבעטן, ווײַל ביילקע און פּערעלע האָבן געאַרבעט און זיך געלערנט אין אַן אָוונט־שול. ער האָט אָפֿט געמוסרט חנהן און דערוויזן:

— באַגאַבונג איז נישט דײַנע קיין פּריוואַט זאַך. האָסט נישט קיין רעכט. ווי קאָנסטו נישט שרײַבן?

חנה האָט געהערט, וואָס ער זאָגט. זי האָט אויף אים געקוקט מיט אַ בליק, אין וועלכן ס׳איז געווען רוגז, ווונדער און דערשיטערונג. ווו איז אַהינגעקומען איר רירעוודיקייט? זי האָט געקאָנט זיצן טעג מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אַ געזונקענעם קאָפּ. איר גלײַכגילט איז געגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז זי האָט רויִק צוגעקוקט, ווי נחמיה איז גאַנצע טעג פֿאַרנומען מיט סענדערקען און מיט דער בעל־הביתישקייט. נאָך דעם זיצט ער גאַנצע

נעכט בײַם טיש און צײכנט, װײַל קײן ברױט בײַ דער שװעל האָט קײנער נישט אָװעקגעלײגט, און פֿינעף מענטשן האָבן געדאַרפֿט עסן. עס טרעפֿט, אַז אין די נעכט הערט אױף נחמיה אַרבעטן, זעצט זיך לעבן חנהן, צערטלט איר, גלעט זי און רעדט צו איר, װי מע רעדט צו אַ קינד:

— חנהלע, טרײסט מײַנע, דער גרעסטער אומגליק װאָס קאָן טרעפֿן מיט אַ מענטשן, טרעפֿט מיט אים דעמלט, װען דער אומגליק פֿאַרשטעלט פֿון אים די גאַנצע װעלט, און דער עיקר זײַנע נאָענטע.

— חנמיהלע, הער אױף. איך מוז עס אַלײן בײַקומען. קײן אַנדער תרופֿה איז נישטאָ. — זי קוקט אױף אים מיט אירע אױגן, װאָס זענען פֿול מיט אַזױ פֿיל צער, אַז ער קערעװעט אָפּ דעם קאָפּ. ער זיצט נאָך אַ װײַלינקע לעבן איר, קערט זיך צוריק אום צום טיש. און עס טרעפֿט גאַנץ אָפֿט, אַז די בלײַקע אין זײַן האַנט קאָן קײן אײן שטריך נישט מאַכן.

חנה האָט ריכטיק געזאָגט, אַז זי מוז עס אַלײן בײַקומען. אין אײנעם אַ בײַנאַכט, װען די קינדער זענען שױן געשלאָפֿן און נחמיה איז, װי די לעצטע צײַט, געזעסן בײַם טיש, האָט אים חנה אַ רוף געטאָן:

— נעם פּאַפּיר און קום אַהער, דער זײדע איז געקומען.

— די מינוט גײ איך.

— „הערסט, נחמיהלע, קײן מאָל איז נישט געװען אַזױ גרינג־חשקדיק אױפֿצושטײן, װי אין די באַגינענס, בעת דער זײדע האָט מיך געװעקט. ער האָט קײן מאָל נישט אַראָפּגעשלעפּט די קאָלדרע פֿון מיר, ער האָט זיך קײן מאָל נישט געבײזערט. ער פֿלעגט אַזױ שטיל־שטיל אָנרירן מײַן קאָפּ און פֿלעגט נאָך שטילער זאָגן: „שטײ אױף, חנהלע, שטײ אױף, מײַן קװעקזילבערל״. איך געדענק נישט, אָבער מיר דוכט זיך, אַז איך פֿלעג זיך גלײַך אױפֿכאַפּן. זײַן באָרד פֿלעגט אַ ביסעלע ראַצן מײַנע באַקן און אין זײַנע ברױנע שװאַרצאַפּלען פֿלעג איך זען פֿרײלעכע מענטשעלעך. ער האָט געשמײכלט און געהײסן מיר גיך זיך אָנטאָן. ער האָט מיר אױפֿ־געגאָסן נעגל־װאַסער, מיך גענומען פֿאַר אַ האַנט און אַװעקגעפֿירט אין װאַלד. אָבער אײן מאָל איז דער זײדע געגאַנגען פֿאַרבײַ דעם גלחס טײַך, דורך דער ליטװישער גאַס און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער פֿירט מיך צו די קאָרן־פֿעלדער. ער איז געגאַנגען פֿאָרױס, אַלע װײַלע האָט ער זיך אױסגעקערעװעט צו מיר און גיך געזאָגט: „שטײ נישט אָפּ, שטײ נישט אָפּ, מאַרודניצע!״ מיר זענען געגאַנגען פֿאַרבײַ דעם קאָרן, צװישן די

הויכע זאַנגען האָבן געפינטלט בלויע בלומען. איך האָב געוואָלט אָנרײַסן, אָבער דער זיידע האָט צו מיר אַ געשריי געטאָן: „ניטע, זיי וועלן אָניוועץ גיין. וועסט רײַסן בעת מיר וועלן גיין צוריק".

עס איז געווען קיל, פֿײַכט, העכער איבער די קאָרן־זאַנגען האָט געציטערט אַ גרינג, דין רויכל. דער גאַנצער הימל איז געווען גרינגלעך. אָבער אין איין זײַט האָט זיך געשפּרייט אַ געלע שײַן. איך געדענק גוט, ווי עס איז מיר געקומען אויפֿן זינען, אַז אברהם אבינו פֿירט זײַן זון יצחק צו דער עקדה. און ווי איך הער אַזוי דעם מלאכס קול: „טו נישט קיין בייז דײַן איינציקן זון, וואָרעם גאָט זעט, אַז דו ביסט אים געטרײַ און פֿורכ־טיק", שלאָגט דער זיידע איבער מײַנע רעיונות „שפּרינג נישט, שטיף נישט, זעץ זיך אויפֿן גראָז און וואַרט". אַליין גייט ער אַ ביסעלע פֿאָרויס, שפּי־ליעט אָפּ די אייבערשטע קנעפּ פֿון דער קאַפּאָטע, ציט אַראָפּ דעם אָרבל, פֿאַרנעמט אים אַהינטער דער פּאַכווע מיט דער אָפּגעשפּיליעטער פּאָלע אין איינעם, פֿאַרקאַטשעט דעם ווײַסן אָרבל פֿון העמד, נעמט אַרויס פֿון סאַ־מעטענעם תּפֿילין־זעקעלע די תּפֿילין, הייבט אָן וויקלען די רצועה אויף דער נאַקעטער האַנט. די האַנט איז ווײַס, און די רצועה איז שוואַרץ. ווערט די האַנט שוואַרץ־ווײַס געשטרײַפֿט. איך געדענק, אַז דאָס האָט מיר אויסגעזען אַזוי מאָדנע, נאָר נאָך טשיקאַווער פֿון דעם איז דאָס, וואָס דער זיידע טוט אָן דעם של ראש. דער של ראש האָט אויסגעזען, ווי אַ קליין צילינדערל. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס דער זיידע טוט עס, ווײַל מיר זענען דאָך געווען אין פֿעלד, נישט אין בית־מדרש. נאָר מער האָט מיך געוווּנדערט, וואָס דער זיידע האָט געזאָגט נישט קיין תּפֿילה, נאָר ער האָט גערעדט, ווי ער האָט גערעדט, ווי ער רעדט מיט דער באָבען. ער האָט דעמלט אַזוי געזאָגט: „גאָט אין הימל, פֿאָטער באַרעמהאַרצי־קער! ווייסט אַלעמענס הערצער, פֿאַרנעמסט אַלעמענס געבעט, זאָלסטו טון — טאָן פֿאַרנעמען מײַן געבעט. הערסט, טאַטע אין הימל, וואָס איך בעט בײַ דיר. קער און ווענד מײַנע קינדער און קינדסקינדער צו גוטע מעשׂים, זיי זאָלן, חס ושלום, קיין מאָל קיינעם קיין בייז נישט טאָן. אויף קיינעם, חלילה, קיין זילזולים נישט ברענגען. קיינעם זאָלן זיי נישט חנפֿענען און קיין מאָל פֿאַר קיינעם זייער קאָפּ נישט בייגן, שטאַרק זייערע הערצער צו גוטע מעשׂים, קרעפֿטיק זייערע ביינער צו גוטע טוּונגען". בײַ די ווערטער נעמט אַראָפּ דער זיידע דעם של ראש, וויקלט אָפּ די רצועה, לאָזט אַראָפּ די אָרבל פֿון העמד, טוט אַרײַן די האַנט אין אָרבל

פֿון דער קאַפּאָטע, פֿאַרשפּיליעט די אייבערשטע קנעפּ, זאָגט צו מיר „קוקו‟, טײַטלט מיט אַ פֿינגער צום הימל: איך זע, איך פֿאַרשטיי, די זון וועט באַלד אויפֿגיין. אין יענער זײַט, ווו ס'איז געווען די געלע שײַן, האָבן זיך באַוויזן דינע, שיינענדיקע שפּיזלעך. דער זיידע גייט פֿאָרויס און זאָגט צו מיר ווידער: „שטיי נישט אָפּ, שטיי נישט אָפּ. די באָבע איז שוין געוויס אויפֿגעשטאַנען‟. און אַז מיר זענען אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, האָט ער היימלעך אַ מאַך געטאָן: „אַ גוטמאָרגן, אַ גוט יאָר דיר, פּעסינקע, וואָס האָסטו עפּעס אויף אָנבייסן פֿאַר אונדז? און די באָבע, ווי אַלע מאָל: „אַ גוט יאָר, אויף דיר, אַלינקע, עס קומט די שעה, מוז מען ווײַזן, וואָס אין טעפּל האָט זיך געקאָכט, שפּריכלט זי צו, שטעלט אויפֿן טיש דאָס קופּערנע קעסעלע מיט די צוויי אויערן בײַ די זײַטן און נעמט גיסן מיט דעם הילצערנעם גרויסן לעפֿל מילכיקע קאָרענע ציפּקעס. די ציפּקעס טונקלען זיך אין דער מילעך, ווי שטיינדעלעך. דער זיידע קוקט, ווי די באָבע רוקט דאָס ליימענע שיסעלע צו אים, און ער פֿרעגט: „פּעסינקע, האָסט נישט פֿאַרזען דעם הימל?‟ — „אַ נײַע נײַס, מיינסט אַוודאי, אַליע, אַז ווער עס מאַכט ציפּקעס, האָט נישט געזען, ווי די זון גייט אויף?‟ — „ביסט אַ בריה נפֿלאה, פּעסינקע, הלוואי אַלע מאָל. און ווײַטער זאָג איך דיר, דײַן געקעכץ האָט הײַנט אַלע זיבן טעמים‟.

אָט די דערמאָנונג איז נישט אויפֿגעקומען אין חנהן בעת זי האָט אַ רוף געטאָן בחמיהן. עס איז איר שוין געווען אַלץ קלאָר, איידער זי האָט אים גערופֿן. און פֿון דער דערמאָנונג אָן איז זי געראַטעוועט געוואָרן פֿון פּײַן־פּלעט. זי האָט צוביסלעך גענומען שרײַבן. פֿאַרשטייט זיך, איבער־גענומען די בעל־הביתישקייט אין די אייגענע הענט.

נאָכן זיג איבערן פֿאַשיזם האָט חתונה געהאַט ביילקע, די עלטערע טאָכטער, און איז אַוועקגעפֿאָרן מיטן מאַן קיין מינסק.

אין איינעם אַ טאָג איז חיהלע מיט שימקען געקומען צו חנהן. כאָטש שימקע איז געווען אַן אינוואַליד, האָט ער ווידער געאַרבעט אין „שאַרי־קאָפּאָדשיפּניק‟. טאַקע פֿון שימקען האָט חנה זיך דערוווּסט, אַז מאַקאַר און טשאַרלי זענען אומגעקומען אין דער מלחמה. פֿרידע מיט איר מאַמען, ווי חנה האָט זיך דערוווּסט, זענען געשטאָרבן פֿון טיפֿוס אין אַ דאָרף נישט ווײַט פֿון סאַמאַרקאַנד.

ווי פֿאַר דער מלחמה, פֿלעגט חיהלע מיט שימקען קומען צו חנהן שבת פֿאַר נאַכט. אַוועקפֿאָרן פֿלעגן זיי מאָנטיק באַגינען. עס איז אָבער

איצטער געווען אין גאַנצן אַנדערש בײַ חנהן אין שטוב. זעלטן האָט מען געלאַכט, ביז גאָר זעלטן האָט זיך חנה געוועדטלט. וואָס ווײַטער האָט מען זיך אַלץ מער דערוווסט וועגן די גרוילן, וואָס די פֿאַשיסטן האָבן אָפּגעטאָן. חנה האָט נישט איין מאָל בולט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי אירע טאַטע־מאַמע זענען געטריבן געוואָרן צום אומקום, און אירע קרומלעך־געשניטענע אויגן האָבן אָפּט געגאָסן טרערן.

*

אַז חנה האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס זענען ווײַט פֿון זעלבסט־צופֿרידנקייט, פֿון אייגננוציקייט, פֿון ווילגעמיטלעכקייט האָבן אַלע אירע באַקאַנטע געוווּסט. אָבער נישט אַלע האָבן געוווּסט, אַז עס איז נישט געווען דער טאָג, ווען חנהס נשמה האָט נישט געבלוטיקט. זי האָט אָבער נישט געקאָנט זיך פֿאַרגינען דאָס אַרויסצווײַזן, ווײַל נחמיה האָט זיך איצט געפֿילט נישט אַמבעסטן...

אין 1948 איז אין פֿאַרלאַג „דער אמת" אַרויס אַ באַנד חנהס דער־ציילונגען און נאָוועלן.

נחמיה איז תּמיד געווען דערנעבן. זײַן נשמה, זײַן וואַרעמער אָטעם, זײַן מוט האָט איר געקרעפֿטיקט. תּמיד איז ער לעבן איר, תּמיד הערט זי זײַן מוטיק, שטאַרק קול. און דאָס העלפֿט איר אין אַלע גויטן. דאָס האָט אָבער חנהן נישט געהאָלפֿן בײַצוקומען דעם גרויסן צער פֿון רייזעלעס טויט, ווי דאָס אויפֿהערן צו טרויערן אויפֿן גורל פֿון די אומשולדיק פֿאַר־טיליקטע קאָמונאַרן.